


פאַרלאַג
ש. דייקסעל בוך קאָמיטעט

# אינהאַלט

זייט



## עטיודן

# ווערק פון ש. דייקסעל

„וועגן אין נעבל“, דערציילונגען, ערשטער באַנד, 1923.

„אַזיאַטישע דערציילונגען“, צווייטער באַנד, 1924.

„זיין מאַיעסטעט“, דערציילונגען, דריטער באַנד, 1925.

„דער צאָרן פון דער ערד“, אַ דראַמע אין 4 אַקטן, 1929 (די דראַמע איז אַ לאַנגע צייט געשפּילט געוואָרן אין קיעווער מלוכה טעאַטער).

„10 איינאַקטערס“, פערטער באַנד, 1935.

„מיינע לעבנס“, דערציילונגען, פינפטער באַנד, 1940.

„באַרג אַרויף“, דערציילונגען, זעקסטער באַנד, 1957.

„אינדיאַנער דערציילונגען“, זיבעטער באַנד, 1957.

# אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם מחבר

ש. דייקסעל, דער מחבר פון דעם בוך, וואָס ווערט דאָ פאָרגעלייגט פאַר דעם לייענער, איז ניט קיין פּנים־חדשות. ס'איז שוין 45 יאָר, אַז דייקסעל האָט דעביוטירט אין דעם חודש־זשורנאַל „צוקונפט" מיט זיין ערשטער דערציילונג „צוויי שוועסטער" און ס'איז שוין באַלד 35 יאָר זינט ס'איז דער־שינען זיין ערשטער באַנד דערציילונגען „וועגן אין נעפּל".

דאָס איז געווען אין 1923. מיט אַ יאָר שפּעטער איז דערשינען זיינער אַ צווייטער בוך „אַזיאַטישע דערציילונגען". אין 1925 — נאָך אַ בוך דער־ציילונגען — „זיין מאַיעסטעט" און באַלד נאָכדעם אַ באַנד „צען איינאַק־טערס" — אַ זאַמלונג פון דראַמאַטישע, קאָמעדישע און סאַטירישע איין־אַקטערס אויף פאַרשיידענע טעמעס, פאַר טעאַטער־שפּיל.

אין 1929 איז דערשינען דייקסעלס אַ קרעפטיקע דראַמע „דער צאָרן פון דער ערד" — וואָס האָט געשילדערט דאָס לעבן און די קאַמפן פון די קוילנגרעבער אין אַמעריקע. די דאָזיקע דראַמע איז כמעט צוויי יאָר גע־שפּילט געוואָרן אין קיעווער מלוכה־טעאַטער. אין 1940 איז אַרויס זיין בוך „מיינע לעבנס", וואָס איז באַזירט מערסטנס אויף אויטאָביאָגראַפישע עפּיזאָדן. אַחוץ דעם האָט ש. דייקסעל דורך דער צייט אָנגעשריבן אומצאָ־ליקע נאָוועלן און גרעסערע ווערק, וואָס זיינען געווען געדרוקט אין צייט־טונגען און זשורנאַלן און אַנדערע, וואָס ער האָט נאָך ביי זיך אין מאַ־נוסקריפּטן.

ווי מ'קאָן זען, איז דער מחבר פון דעם דאָזיקן בוך „באַרג־אַרויף", אַ תושב אין דער יידישער פּראָגרעסיווער ליטעראַטור, וואו ער פאַרנעמט אַ חשוב אָרט אַלס שעפערישער קינסטלער־שרייבער.

ס'איז, דעריבער, ניט נויטיק פאָרצושטעלן פאַר דעם לייענער ש. דייקסלען אַלס שרייבער. ביי דער געלעגנהייט וועט אפשר זיין אינטערע־סאַנט דעם לייענער זיך צו באַקענען מיט ש. דייקסלען דעם מענטש און ווי אַזוי ער איז געוואָרן אַ יידישער שרייבער.

איך וועל, דעריבער, פּרוואָון איבערגעבן, אין קורצן, אייניקע מאָמענטן און כאַראַקטער־שטריכן פון אונדזער געערטן מחבר.

שמואל דייקסעל איז געבוירן געוואָרן אין קעשענאָוו, בעסאַראַביע, אין 1886. ווען ער איז אַלט געווען פיר יאָר איז זיין טאַטע געשטאָרבן און מיט

זעקס יאָר שפּעטער איז אויך געשטאָרבן זיין מאַמע. זיין שוועסטער, רודי, און איר מאַן ישראל פּראַכמאַן — אַ העברייאישער לערער — האָבן אים פּאַקטיש אַדאָפּטירט און אים דערצויגן.

דער קליינער שמואליק האָט וויניק באַזוכט אַ חדר און האָט זיין דער־ציאונג געקראָגן אין אַ „קאַזיאָנער אוטשילישטשע" (רעגירונגס הויכשול), וואָס ער האָט פאַרענדיקט. ער איז דערנאָך עטלעכע יאָר געווען אַן „עקסטערן" און געהאָפּט צו קאָנען אַריינטרעטן אין אַן אוניווערזיטעט און לערנען אויף דאָקטאָר. אָבער די דאָזיקע האָפענונג איז ניט רעאַליזירט געוואָרן.

שוין אין זיינע קינדער־יאָרן האָט דייקסעל אַרויסגעוויזן אַ גרויסע ליידנ־שאַפט צו לייענען, צו הערן און אַליין צו דערציילן מעשיות — און אַ שטאַרקע לוסט צו וואַנדערן.

אָט־די צוויי הויפּט־שטריכן האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין זיין וויטערדיקן לעבן, אין זיין שרייבן און אין זיינע אַוואַנטוריסטישע וואַנדע־רונגען און טרעמפּעווען.

נאָך אַלס סאָלדאַט אין רוסלאַנד אין דער צאַרישער אַרמיי, נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעדינט אַ יאָר אין טורקעסטאַן, וואָס איז ביים גרענעץ פון אַפ־גאַניסטאַן, האָט דייקסעל, מיט זיין פריינט מישקא — אַן „אַזיאַטישער" קאָ־זאַק — זיך אַוועקגעלאָזט אויף אַ וואַנדער־וועג אויף די זאַמדיקע מדבריות, וואָס האָט געדויערט אַ יאָר. דער פּלאַן איז געווען — זיך דערשלאָגן קיין אינדיע.

ווען דייקסעל איז אַלט געווען אַרום ניינצן יאָר האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אין דער רוסישער צייטונג „בעסאַראַבסקאַיאַ זשיזן" פעליעטאָנען און דער־ציילונגען. ער האָט געשריבן אונטער די פּסעוודאָנימען ריוואַרעס און אַוואַד.

קיין אַמעריקע איז ש. דייקסעל געקומען אין 1912. ער האָט מיט זיך געבראַכט אַ רעקאָמענדאַציע פון דעם רעדאַקטאָר פון „בעסאַראַבסקאַיאַ זשיזן" און האָט דאָ אָנגעהויבן שרייבן אין ניו־יאָרק — אונטער די דערמאָנטע פּסעוודאָנימען — אין די רוסישע צייטונגען „נאָווי מיר" און „רוסקי גאָלאָס".

דייקסעל האָט באַלד איינגעזען, אַז געזועלשאַפטלעך קאָן ער זיך אויס־לעבן בלויז אין דער יידישער אימיגראַנטישער סביבה, וואו עס דאָמינירט יידיש. אָבער אויף יידיש האָט דייקסעל פריער קיינמאָל ניט געשריבן. זיין נאַטירלעכע שפּראַך איז געווען רוסיש. ער האָט זיך אַ נעם־געטאָן פלייסיק צו ווערן היימיש מיט יידיש, און אין אַרום זעקס חדשים האָט „די צוקונפט", אונטער דער רעדאַקציע פון אברהם ליעסין, געדרוקט זיין ערשטע דערציי־לונג „צוויי שיף־שוועסטער".

דאָס איז געווען דער ערשטער טראָט, וואָס ש. דייקסעל האָט געמאַכט אַלס יידישער בעלעטריסט און באַלד נאָכדעם איז דערשינען זיין צווייטע

דערציילונג „דעמערונג״ — אין דער „פרייע אַרבעטער־שטימע״ און זיינע דערציילונגען האָבן דערנאָך זיך אָפּט באַוויזן אין „צוקונפט״, „פרייע אַר־בעטער־שטימע״ און אויך אין „פאָרווערטס״.

אָבער קיין לעבן פון שרייבן האָט דייקסעל פונדעסטוועגן ניט געמאַכט. איז ער אַוועק זיך לערנען אַלס צושניידער ביי דרעסעס (פרויען־קליידער), ביי וועלכער מלאכה ער האָט געאַרבעט עטלעכע יאָר. אָבער אין דער זעל־בער צייט האָט ער אויך געשריבן. ווען די „פרייהייט״ איז דערשינען (אין 1922) האָט דייקסעל אָנגעהויבן זיך דרוקן אין איר און שפּעטער אויך אין דעם זשורנאַל „יידישע קולטור״ און לעצטנס אויך אין דער פערטל־יער־לעכער שריפט „זאַמלונגען״.

**
*

אַרום 1926 האָט אין דייקסלען דערוואַכט זיין פון קינדוויין־איינגעבוי־רענע לײדנשאַפט צו וואַנדערן. האָט ער — מיט דריי חברים און זיין פרוי סיליע — זיך אַוועקגעלאָזט אין אַן אַלטן, צערעפּעטן אויטאָמאָביל, צו טרעמ־פּעווען איבער אַמעריקע. אָבער לעבן באַפאַלאָ האָט דער אויטאָמאָביל זיך אַראָפּגעקייקלט אין אַ גראָבן און געבליבן ליגן מיט די רעדער אַרויף.

ווי דורך אַ נס זיינען אַלע אַרויס מיטן לעבן. סיליע האָט זיך צוריק־געקערט קיין ניו־יאָרק און די „פיר מאָסקאַטירן״ האָבן צונויפגעקלעפּט דעם צע׳מזיק׳טן אויטאָמאָביל און זיך קוים דערשלעפּט ביז שיקאַגאָ, וואו די „יאַזדע״ האָט זיך געענדיקט און דייקסעל האָט זיך אַוועקגעלאָזט אַליין צופוס איבער אַמעריקע.

אַרום זיבן־אַכט חדשים האָט דייקסעל פאַרבראַכט צווישן אינדיאַנער, וואו ער איז צוליב זיין אויסזען — הויך, שלאַנק, מיט אַ טונקל־הויטיקן, ווי פון זון־אָפּגעברענטן פּנים, מיט צייטנווייז זשמורנדיקע אויגן — אָנגע־נומען געוואָרן ווי אַן אייגענער.

ער האָט געלעבט צווישן דעם אינדיאַנער שבט די „האָפּיס״ אין אַרי־זאָנאַ, צווישן די „נעוועהאָס״ אין ניו־מעקסיקאָ און צווישן די „יעסעמיטיס״ אין קאַליפאָרניע.

פון דאָרטן שטאַמען זיינע קאַליראָפולע און ביז גאָר אינטערעסאַנטע, קינסטלעריש־געשילדערטע דערציילונגען פון דעם לעבן און געוואוינהייטן פון די אינדיאַנער, וואָס אַ סך פון זיי זיינען פון צייט צו צייט געווען גע־דרוקט און וואָס וועלן — צוזאַמען מיט אַנדערע, וואָס זיינען נאָך ניט געווען געדרוקט — דערשיינען אין אַ באַזונדערן באַנד, נאָכדעם ווי דער איצטיקער בוך („באַרג־אַרויף״) וועט דערשיינען.

***

מיט אַט־די צוויי נייע ביכער — וואָס צוזאַמען מיט די פריער־דער־שינענע וועט דאָס דערגרייכן די צאָל פון אַכט ביכער, איז דייקסעל נאָך ניט גרייט צו שטילן זיינע אַמביציעס און זיין שאַפונג־דראַנג. דייקסעל האָט ערשט פאַרענדיקט אַ גרויסן ראָמאַן „צווערשט — זיינען זיי 12 פּאַראַטרו־פּערס געוועזן", וואָס שילדערט דאָס לעבן פון יידישע און ניט־יידישע פּאַ־ראַטרופּערס דורך דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

העכער צען יאָר האָט דייקסעל געאַרבעט אויף דעם דאָזיקן ראָמאַן, וואָס ער האָט פאַרטראַכט באַלד נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה און האָט די אַלע יאָרן געאַרבעט אויף אים. דייקסעל איז מיט דעם דאָזיקן ראָמאַן, וואָס ער באַטראַכט ווי איינע פון די סאַמע וויכטיקסטע שאַפונגען אין זיין לעבן, אויסן צוריקצושליידערן די בלבולים, וואָס זיינען פון אַ ריי יידיש־אַמעריקאַנער שריפטשטעלער געמאַכט געוואָרן אין זייערע מלחמה־ווערק אויף יידישע סאָלדאַטן אויף די שלאַכטפעלדער.

***

אַחוץ אַ שעפערישער שריפטשטעלער איז דייקסעל אין משך פון אַ פערטל־יאָרהונדערט איינער פון די דערפאָלגרייכסטע לערער אין די פּראָג־רעסיווע יידישע קינדער־שולן, וואו ער איז באַליבט און ווערט געאַכטעט. צוליב זיין איינגעבאָרענער אייגנשאַפט צו דערציילן מעשיות, ווערן קינדער פון פאַרשיידענעם עלטער ממש באַצויבערט צו הערן דייקסלען דערציילן פאַר די קלאַסן פאַרכאַפּנדיקע, פאַנטאַסטישע מעשיות פון מדבריות, פון שלאַנגען, פון די אזיער און אינדיאַנער און זייערע מנהגים, מיט וועלכע ער האָט אוממיטלבאַר זיך באַקענט אין משך פון זיינע וואַנדערונגען.

איז אַט, פריינט לייענער, האָב איך דעם כבוד אייך פאָרצושטעלן דעם חשובן ש. דייקסעל, דעם מחבר פון דעם ווערק, וואָס ליגט פאַר אייך — וואָס איר וועט דאַרפן איבערלייענען און אַליין משפטן — און פון דעם באַנד אינדיאַנער־דערציילונגען, וואָס וועט נאָכפאָלגן, און פון נאָך ווערטפולע שאַ־פונגען פון זיין פרוכטבאַרער פען.

**ראובן יוקלסאָן**

# פריץ קומט אַהיים

ס'איז געווען אַ פרייטיק פאַרנאַכט אין דער לעצטער וואָך פון יולי 1945.

דער הימל — איינגעטונקען אין אַ ווייסלעכער בלויקייט, די זון — אַ העלישער, געלבלעכער פלעק, די לופט — דערשטיקט צו ווערן.

בערטאַ איז, איילנדיק זיך, אַרויס פונעם פוטער־שאָפּ, וואו זי איז געווען אַ בוכהאַלטערין און מיט פלינקע טריט, ווי יעדן פאַרנאַכט, זיך גע־לאָזט גיין צום סאָבוועי. און ניט דער טומל און שטופעניש פון די טויזנ־טער מענטשן אַרום איר, ניט דאָס ברומען און בריאַזגעריי פון די אויטאָמאָ־בילן, טראָקס און באָסעס, וועלכע האָבן זיך קוים באַוועגט, זייט ביי זייט, איבער דער גאַנצער ברייט פון דער זיבעטער עוועניו — האָבן ניט אָפּגע־ווענדט אירע געדאַנקען פון זייער געוויינלעכן גאַנג: „וואָס מאַכן די קינ־דער?... ווי אַזוי האָבן זיי פאַרבראַכט דעם טאָג?... איז אַלץ אין דער היים אין אָרדענונג?..."

אַרום דער פעריפעריע פון אָט־די הויפּט־געדאַנקען, האָבן, נאַטירלעך, זיך געדרייט און געפלאָכטן אויך אַנדערע, ווייניקער וויכטיקע: וועגן משפּחה, טאָג נייעס, אַרבעטער אין שאָפּ און טעגלעכע באַגעגענישן.

היינט זיינען צוגעקומען נאָך עטלעכע, וויכטיקע, געדאַנקען: אין אוי־גוסט ווערט הערשל, דער בחור אירער, פערצן יאָר אַלט און אין סעפּטעמ־בער ווערט זינאָנטשקא צוועלף. דאַרף מען טאַקע, באַצייטנס, אַ טראַכט טאָן וואָס פאַראַ מתנות זיי צו קויפן און מען וועט היי־יאָר טאַקע מוזן אַראַנ־זשירן עפּעס אַ שיינעם יום־טוב פאַר דער פאַמיליע און פריינט.

מען וועט אויך דאַרפן איינלאַדן מר. בארסקין, דעם דירעקטאָר פון דער יידישער מיטל־שול, וועלכע הערשל באַזוכט שוין דאָס דריטע יאָר... יאָ, אַ שיינער יום־טוב מוז איינגעאָרדנט ווערן. זאָל דער זיידע מיט דער באָבען האָבן אַביסל נחת... עס קומט זיי. זי, פערזענלעך, האָט זיי ווייניק וואָס פאַרגעניגן פאַרשאַפן... זאָלן כאָטש אירע קינדער אַביסל פאַרגיטיקן פאַר איר.

ביים אַריינגאַנג פון סאָבוועי האָט זי געקויפט אַ צייטונג און מיט פינף מינוטן שפּעטער איז זי שוין געשטאַנען אין אַ „בראָנקס־עקספּרעס" אַ צו־זאַמענגעדריקטע פון אַלע זייטן מיט קאָמפּאַקטע ווענט פון מענטשלעכע קערפּערס. מיט דער לינקער האַנט האָט זי זיך אָנגעהאַלטן פאַרן „הענגער"

און אין דער רעכטער פאַרקוועטשט אַ האַלב צעעפנטע ציימונג, אין וועלכער זי האָט, פון צייט צו צייט, זיך באַמיעט צו כאַפּן אַ קוק. דעם האַנט־בייטל האָט זי אויפגעהאַנגען אויפן האַלדז.

די רייען מענטשן אַרום איר האָבן זיך מעכאַניש געשאָקלט הין און צו־ריק, לויט די באַוועגונגען פונעם באַן, און ביי יעדער סטאַנציע האָבן צענדלי־קער אַנגעשטרענגטע בליקן, פון די וואָס זיינען געשטאַנען, זשעדנע געהיט די זיצנדיקע: אפשר וועט זיך ווער פון זיי אויפשטעלן אַרויסצוגיין און מען וועט קאָנען פאַרכאַפּן דעם פּלאַץ.

בערטאַן איז דעם מאָל געלונגען צו קריגן אַ פּלאַץ. זי האָט זיך פאַר־טיפט אין דער ציימונג און ניט באַמערקט ווי שנעל עס זיינען איבערגעלאָפן די פופציק מינוט, וואָס זיינען נויטיק געווען זי צו ברענגען אַהיים. זי האָט זיך באמת געוואונדערט, ווען עס האָבן דורך די תמיד־קויטיקע שויבן פון וואַגאָן צו איר אַ פריינטלעכן שמייכל געטאָן די געלע בוכשטאַבן פון איר „אינטערווייל" סטאַנציע.

די טירן האָבן זיך ברייט צעעפנט און ס'האָט פון זיי אַ שטראָם געטאָן מיט פאַרשוויצטע, צעקנייטשטע און פאַרמוטשעטע מענטשלעכע באַשעפע־נישן. אַלע האָבן זיך אַ יאָג געטאָן צו די טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צו דער גאַס.

ביים קצב און אין שפּייז־קרעמל האָבן שוין אויף בערטאַן געוואַרט פאַרטיקע פּעקלעך און מיט אַ צען מינוטן שפּעטער איז זי שוין געשטאַנען פאַרן שוועל פון איר היים, אויפן צווייטן שטאָק, געשטאַנען, מיטן שליסל אין האַנט, און זיך צוגעהערט. אַזאַ טבע האָט זיך שוין ביי איר לעצטנס אַנטוויקלט: ניט אַריינגיין גלייך אין הויז, נאָר צוערשט זיך ווי צוהערן צו עפּעס. צו וואָס? דאָס איז פאַר איר אַליין ניט אינגאַנצן קלאָר געווען.

זי האָט אויף זיכער געוואוסט, אַז די קינדער זיינען איצט ניטאָ אין הויז. הערשל איז, ווי יעדן פרייטיק, אין מיטל־שול און זינא איז ביי דער עלטערער שוועסטער, ביי פוירלען. דאָך איז זי, אויך איצט, שטיין געבליבן אויף אַ ווײַלע פאַר דער טיר און זיך ווי צוגעהערט צו עפּעס.

מיט פופצן יאָר צוריק האָט פרעד, דער געוועזענער מאַן אירער, אויף די הענט זי אַריבערגעטראָגן איבער אָט דער זעלבער שוועל, גלייך ווי זיי זיינען צוריקגעקומען פון זייער „האָניק־חודש"... און די זעלבע דריי צי־מערן, פון דער צווייטער זייט טיר, זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן, צוערשט — אין אַ גן־עדן, און מיט עטלעכע יאָר שפּעטער — אין דעם שוידער־לעכסטן גיהנום... מיט בלוט פון איר צאַפּלדיקן, יונגן האַרץ, מיט שלאָפ־לאָזע נעכט און ענדלאָזע טעג, איינגעטונקענע אין פאַרשטיקטע יאָמער־געוויינען — האָט זי געצאָלט פאַר יעדער שעה, פאַר יעדער מינוט פון איר

געוועזענעם גליק... און בלויז די קינדער, ביי וועלכע זי פלעגט זוכן שוץ, האָבן זי געראַטעוועט פון ניט אַראָפּצוגיין פון זינען, אָדער פון ניט באַגיין קיין זעלבסטמאָרד...

און דער ווייטיק און שאַנדע זיינען טויזנט־פאַכיק שטאַרקער געווען, ווייל מען האָט די גאַנצע געשעעניש געמוזט שטיקן אין זיך, באַהאַלטן, ניט נאָר פון באַקאַנטע און פריינט, נאָר אפילו פון אַ טייל פון דער אייגענער משפחה. בלויז דער טאַטע מיט דער מאַמען, די עלטערע שוועסטער פערל מיטן געטרייען מאַן אירן, דוד, האָבן געוואוסט וועגן שענדלעכן אומגליק און, שטיקנדיק אין זיך די טרערן, געטאָן אַלץ — כדי זי צו באַרואיקן:

— ביילקע, טאָכטער מיינע, האָט דער פאָטער ניט איין מאָל שטיל גערעדט צו איר, — אַזוי האָט זיך עס געמאַכט און אַנדערש האָט עס, אפשר, אויך ניט געקאָנט זיין... ניטאָ קיין נביאים היינטיקע צייטן... האָסט אַנדערש ניט געקאָנט האַנדלען... שטאַרק זיך, טאָכטער... שטאַרק זיך צוליב דיינע צוויי טייערע קינדער... וועסט עס איבערקומען... פאַרגעסן דעם פינצטערן חלום...

און, שטיקנדיק זיך מיט טרערן, האָט זי, ווי אויסגעקרעכצט יעדן בוכשטאַב, יעדע זילבע פון איר פראַגע:

— און וואָס, טאַטע... אויב זיי, די קינדער, וועלן פרעגן... מיר שטעלן די פראַגע וועגן זייער פאָטער?... וואוהין ער איז אַהינגעקומען?... וואָס טוט ער?...

— וועסטו זיי מוזן ענטפערן און... ענטפערן דעם אמת! — האָט דער פאָטער שטיל און פעסט איר געראַטן, — ווייל... ווייל בלויז אָט־דער שוידערלעכער אמת קען זיי פאַרהיטן פון אים... זיי פעסטער צובונדן צו דיר, צו אונדז אַלעמען... צו אונדזער פאָלק...

און זי האָט, צושטימיק, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאָ, פאָטער... איך פאַרשטיי... ביסט גערעכט און... כ'וועל מוזן אַזוי האַנדלען... — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זי האָט געעפנט די טיר, טיף איינגעאָטעמט אין זיך דעם היימישן, באַרואיקנדיקן ריח פון איר היים, אַריבערגעשפּאַנט די שוועל און נאָך פונעם האַלב־פינצטערן פאָרהויז, באַמערקט אין קיך, אין „סינק“, אַ בערגל מיט ניט געוואַשענע טעלער. דאָס האָט זי גלייך באַרואיקט. דאָס האָט געמיינט, אַז מיט אַן ערך אַ צוויי שעה צוריק זיינען ביידע קינדער געווען דאָ אין הויז, האָבן אָפּגעגעסן און זיינען אַוועק. הערשל — אין מיטל־שול און זינע צו דער שוועסטער.

מיט אַ לייכטן שמייכל אויף די ליפּן, כמעט אַ פריילעכע, איז זי אַריין

אין קיך, אַוועקגעלייגט די פּעקלעך אויפן טיש און אָנגעצונדן דאָס עלעקטרישע לעמפּל. דערנאָך האָט זי אויסגעטאָן דעם מאַנטל, אַרויפגעכאַפּט אויף זיך אַ פאַרטוך, פון איין פּעקל אַרויסגענומען אַ שטיקל לעבער און געשיקט גע־נומען זיך מאַכן עפּעס צום עסן.

די אויסשטאַטונג פון בײדע צימערן איז געווען כמעט אײנע און די זעלבע: אין יעדן אַ בעט, אַ טיש, געדיכט־פאַרוואָרפענער מיט לערן־ביכער און העפטן, אַ פּאָר בענקלעך, אַ וויכער שטול, אַ קליינע ראַדיאָ, אַ קאָמאָד מיט אַ שפּיגל, אַ שאַפקע מיט ביכער און צוויי לאָמפּן: אײנער אויפן טיש, דער צווייטער פונעם דיל. אַנדערש איז געווען בלויז די באַפּוצונג אויף די ווענט. אין צימער, וועלכן בערטאָ האָט פאַרנומען צוזאַמען מיט דער טאָכטער — זײנען אויף די ווענט געהאַנגען אַ צאָל פאָטאָגראַפישע, פאַמיליע־בילדער און די פאָרטרעטן פון אַ האַלבן טוץ פון זינאָס באַליבטע מוּאווי־העלדן; פון די ווענט פון הערשלס צימער האָבן אַראָפּגעקוקט: אייבראַהאַם לינקאָלנס אַ בילד פון איין זייט און פון דער צווייטער — אַ גרויסער אויס־שניט פון אַ צייטונג מיט די בילדער פון פּרעזידענט רוזוועלט, סטאַלין און טשוירטשיל אין צייט פון זייער יאַלטער קאָנפערענץ. איבער זיין בעט האָבן אויך געהאַנגען צוויי פענדלעך: אײנס פונעם קעמפּ, וואו ער פלעגט פאַר־ברענגען יעדן זומער, דאָס צווייטע פון זיין הײַ־סקול.

פאַרבײַגייענדיק דעם פאַר־צימער, האָט בערטאָ, אויטאָמאַטיש, אויס־געגליכן דאָס רעמל פון איר „האַנטער־קאַלעדזש״ דיפּלאָמע און זיך פאַר־האַלטן אויף אַ ווײַלע פאַרן שפּיגל, אויף דער צווייטער וואַנט. זי האָט אָנ־געצונדן די ליכט, זיך אײַנגעקוקט אין איר פּנים און אַ טראַכט געטאָן:

„וועל... זי זעט נאָך אויס ניט... אינגאַנצן שלעכט פאַר אירע זיבן־און־דרײַסיק יאָר, נאָך דעם בינטל צרות וואָס זי האָט דורכגעמאַכט... אמת, דער פּנים, ווי אויך איר גאַנצע פיגור איז לעצטנס אַביסל ווי ברייטער געוואָרן, די שאָטנס און קנייטשעלעך אַרום די אויגן און אין די ווינקלען פון איר מויל זעען אויס עטוואָס טונקעלער, אָבער... אירע אויגן זײַנען נאָך אַלץ פול מיטן יוגנטלעכן ברען; די נאָז איז גלייך, די באַקן האָבן נאָך ניט פאַרלאָרן זייער רונדקייט און צאַרטקייט; די ליפּן — זײַנען פונקט אַזוי זאַפטיק און שיין געשניטן ווי אַמאָל... אפילו די האָר אירע האָבן להלוטין גאָרניט פאַרלוירן פון די עטלעכע צוגעקומענע ווייסלעכע שטראָ־מען... דאַגעגן: ס'איז איצט גאָר אין דער מאָדע...״

זי האָט זיך אָבער באַלד אַליין ווי געכאַפּט און אַ טרייב געטאָן די געדאַנקען אין אַ געגנזייטיקער ריכטונג: „און וואָס איז דער אונטערשייד?... פאַר וועמען דאַרף זי זיך עס איצט פּוצן און זיך זאָרגן פאַר איר אויסזען? איר פּערזענלעכער לעבן, איר ביסל גליק איז שוין סיי ווי פאַרביי...״

עפּעס האָט טיף אין איר, ווי אַ ווײַן געטאָן, געוואָלט וועגן עפּעס ניט איינשטימען מיט איר, אָבער זי האָט דאָס קול גלײַך פֿאַרשטומט מיט דער מוטערס רייד: „מען טאָר ניט זינדיקן, טאָכטער... וואָס נאָך ווילסטו?... דו פֿאַרמאָגסט צוויי טײַערע קינדער... געזונטע, קלוגע, צווישן די בעסטע אין סקול... זיי זײַנען דײַנע טײַערסטע פֿרײַנט... וואָס נאָך דאַרף אַ מאַמע?... בפֿרט.. נאָך אַזאַ אומגליק ווי דײַנער...“ זי האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט און איז אַרײַן אין קיך, פֿונוואַנען עס האָט זיך שוין דערטראָגן דער ריח פֿון געפּרעגלטן לעבער. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

בערטאַ האָט זייער ליב די פֿרײַטיקדיקע אָוונטן. ס'איז שוין געוואָרן ביי איר אַ שטייגער: זי קומט אַרײַן אין הויז, שטעלט צו עפּעס אָפּצוקאָכן פֿאַר זיך, ראַמט צו די צימערן, נעמט אַ קאַלטן שפּריץ, עסט אָפּ און לייגט זיך צו אָפּרוען. זי לייענט, געוויינלעך, אַ בוך, אָבער איר גאַנצע אויפֿמערק־זאַמקייט איז קאָנצענטרירט אויפֿן זייגער. פּונקט אַ פֿערטל נאָך אַכט דער־קענט זי שוין איר בחורס לויף איבער די טרעפּ. אַממערסטן קומט אויך זינאַ מיט אים. ביידע רײַסן זיי זיך אַרײַן צו איר, אַרײַנברענגענדיק מיט זיך אַ ברויזנדיקן געווירבל פֿון רייד און געלעכטער.

לעצטן פֿרײַטיק איז אָט־וואָס פֿאָרגעקומען:

— מאַמע! — האָט זינאַ אויסגעשריגן, נאָך פֿונעם פֿאָרהויז, — דאָס זיסע זינדל דײַנס לויפֿט שוין נאָך אונדזערע מיידלעך!

— ס'אַ ליגן, מאַמע! — פֿאַרענטפֿערט זיך הערשל, לאַכנדיק, — בעלאַ און מיורעל זײַנען צוזאַמען מיט מיר אַרויסגעגאַנגען פֿון קלאַס־צימער... זיי וואוינען מיט אַ פּאָר גאַסן ווייטער. נו... האָב איך זיי צוגעפֿירט אַביסל... איז וואָס?

— גלויב אים ניט, מאַ: כ'האָב אַליין געזען ווי ער האָט געהאַלטן מיורעלן פֿאַר דער האַנט.

— ווידער אַ ליגן! — לאַכט, שוין עטוואָס פֿאַרשעמט, דער ייִנגל, — כ'האָב איר בלויז געהאָלפֿן צוטראָגן אירע ביכער...

אַלע זאַפּטן אין בערטאַס קערפּער יאָגן זיך צוזאַמען אין איר ברוסט. זי ווערט ממש דערשטיקט פֿון שטילער, זיסער פֿרייד, פֿון אַן איבערפֿלוס פֿון נחת:

— נו, געננוג!

זי נעמט אַרום דעם זון און גיט אים אַ קוש אין קאָפּ.

— וואַרט אַ מינוט, מוטער! — פּראָטעסטירט זינאַ, — און וואו בין איך? כ'וויל אויך אַ קוש!

בערטאַ קושט זיי ביידן, כאַפּט אָפּ דעם אָטעם:

— און איצט, זון, זעץ זיך אַוועק און דערצייל מיר, וואָס דו האָסט היינט געלערנט אין דיין מיטל־שול?

זינאַ ענדיקט היי־יאָר די יידישע עלעמענטאַר שול און איז אַ זיכערע קאַנדידאַטקע פאַר דער מיטל־שול. זי האָט זייער ליב זיך צוהערן צום ברודערס וועכנטלעכן מיטל־שול באַריכט און פילט זיך שוין, באַצייטנס, אַלס אַ מיטל־שול סטודענטקע. זי רוקט צו אַ קליין בענקעלע צו דער מוטערס פיס און זעצט זיך אַוועק.

הערשלס פנים און דער טאָן פון זיין קול זיינען מיטאַמאָל געוואָרן ערנסט. ער האָט אַ קוק געטאָן דער מוטער גלייך אין די אויגן און לאַנגזאַם געענטפערט:

— געלערנט האָבן מיר היינט די זעלבע געגנשטאַנדן, וואָס אַלע פרייטיק: יידישע געשיכטע, ליטעראַטור און געזעלשאַפט קענטעניש...

— דערצייל מיר היינט עפּעס וועגן יידישער געשיכטע, — האָט די מוטער אים פאַרגעלייגט.

— איך האָב זייער ליב צו הערן געשיכטע־מעשיות, — האָט זינאַ באַמערקט און זיך צוגערוקט אַביסל נאָענטער.

הערשל האָט געטראַכט אַ ווײַלע, זיין פנים איז ווי פאַרוואָלקנט געוואָרן און אין די בלויע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ טרויער.

— וואָס איז, הערשל? — האָט זיך בערטאַ געוואונדערט, — איז אונדזער, כ'מיין, די יידישע געשיכטע, אַזאַ שטאַרק טרויעריקע?

— יאָ, מאַמע... די טרויעריקסטע פון אַלע מענטשלעכע געשיכטעס.

— דערצייל, הערשל. ס'איז מיר נאָר אַ גרויסער שאָד, וואָס איך אַליין קען זי אַזוי ווייניק, — זאָגט בערטאַ מיט אַ זיפץ.

— דער לערער האָט אונדז היינט דערציילט וועגן די קרייץ־צוגן, — האָט הערשל גענומען דערציילן, — די קרייץ־טרעגער האָבן געטראָגן רויטע צלמים אויף זייערע היטלען און אַרבל און זייער צוועק איז געווען אָפּצונעמען קריסטוסעס קבר פון די טערקן... הונדערטער טויזנטער קריסטן, פון גאַנץ אייראָפּע, רייכע און פויערים, זיינען אַוועק אין אַ גאַנצער רייע קרייץ־מלחמות...

— דער לערער פון געשיכטע אין מיין „האַנטער קאַלעדזש" האָט אונדז אויך אַמאָל עטוואָס דערציילט וועגן דעם, — האָט זיך בערטאַ דערמאָנט.

— האָט ער אייך אויך דערציילט וואָס די קרייץ־טרעגער האָבן געטאָן מיט די יידן? — האָט הערשל שאַרף אַ פרעג געטאָן.

— ניין... וועגן דעם געדענק איך ניט... וואָס האָבן זיי געטאָן צו די יידן? — האָט בערטאַ געוואָלט וויסן.

— אונטער דער פירערשאַפט פון קאַטוילישע גלחים און אַדעליקע

פריצים, האָבן די קרייץ־צוגלער אויסגעהרגעט צענדליקער טויזנטער יידישע מענער, פרויען און קינדער אין אַלע שטעט פון אייראָפּע... — הערשלס קול האָט געקלונגען בייז און זיינע פויסטן האָבן זיך אַלע מאָל געהויבן אין דער לופטן, — בלויז געשמדטע יידן האָבן זיי געלאָזט לעבן...

— און וואו איז די פּאָליציי געווען? — האָט זינא געוואָלט וויסן. — עס קאָן ניט זיין!

— און וואו איז די פּאָליציי געווען, ווען היטלער האָט דאָ ערשט ניט לאַנג אויסגעהרגעט מיליאָנען יידן: מענער, פרויען און קינדער? — האָט הערשל אָפּגעענטפערט דעם שוועסטערל מיט אַ פראַגע, — האָסטו ניט געגלייבט, אַז די פּאָליציי און אַרמיי האָבן אים נאָך געהאָלפן?... געטאָן וואָס ער האָט זיי באַפוילן?!

ביים נאַמען היטלער האָט בערטאַ אַ ציטער געטאָן מיטן גאַנצן קערפּער און שנעל אָפּגעהאַקט דעם זונס רייד:

— גענוג, הערשל. היטלער איז קאַפּוט און מען דאַרף זיין שרעקלעכן, פּאַסקודנעם נאָמען אפילו ניט דערמאָנען מער! — זי האָט גלייך געביטן די טעמע: — קינדער, איר האָט, ווייזט אויס, פאַרגעסן, אַז מיר עסן היינט וועטשערע ביים זיידן מיט דער באָבען? גייט, מאַכט זיך פאַרטיק... — און אַ געדאַנק איז ביי איר דורכגעלאָפן, אַז ס'איז היינטיקע צייטן בעסער ניט צו רעדן מיט די קינדער וועגן דער יידישער געשיכטע.

אויפן צווייטן פרימאָרגן, שבת, ווען הערשל איז געווען אין מיטל־שול און זינאַ ביי דער באָבען, איז בערטאַ נאָך עפּעס אַריין אין יינגלס צימער און געפונען אויף זיין בעט אַ ברייט צעעפנטע, ענגלישע צייטונג. עס האָט זיך איר גלייך אַ וואָרף געטאָן אין די אויגן אַ גרויסע בילד פון די איין־און־צוואַנציק נאַצי־מערדער, וועמענס משפט עס איז אין יענער צייט פאַר־געקומען אין דער דייטשער שטאָט נירענבערג.

די נאַציס זיינען געזעסן אין דריי רייען מיט ווייסע, נומערירטע לאַטעס אויף זייערע ברוסטן. זייערע פאַרוואַקסענע פּנימער זיינען געווען — ביי איינע — ברוטאַל איינגעשפּאַרט, ביי אַנדערע — טויט דערשראָקן, אָדער פּאַסיוו.

פון דער אונטערשטער זייט פון זעלבן בלאַט האָט אַראָפּגעשריגן, מיט גרויסע בוכשטאַבן, דאָס קעפּל פון אַן אַרטיקל וועגן נאַצישער ברוטאַליטעט, געשריבן פון דאָקטאָר אָדאַ בימקאָ, וועלכע האָט זיך געפונען צוואַנציק חדשים אין „בעלזען קאָנצענטראַציע־קעמפּ". זי האָט גענוי באַשריבן, ווי גייענדיק איין מאָל אין גאַס האָט זי מיט שרעק דערקענט דזשאָזעף קראַמערן, וועמען מען האָט אין קעמפּ גערופן מיטן צונאָמען „די בלוטיקע בעסטיע פון בעלזען" און וועלכער האָט איין מאָל באַפוילן אויסצוטאָן נאַקעט טויזנט

יידישע פרויען און זיי דערשטיקן אין די גאַז־קאַמערן.

בערטאַ האָט געפילט ווי די פיס האַקן זיך איר אונטער. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן בעט, זיך איבערגעבויגן איבער דער צייטונג און אירע ליפּן האָבן געגומען ציטערן, בעת די אויגן האָבן זיך ווי איינגעביסן אין די שורות. אַ פּאָר מאָל האָט זי איבערגעפירט אירע בליקן צו די פנימער פון די פאַרברעכער און ווי געזוכט עמיצן צווישן זיי. דערנאָך האָט זי זיך אויפגעזעצט, געזעסן אַ ווײַלע אַ שטייפע און איר פּנים האָט אויסגעזען ווי פון אַן אַלטער פרוי. מיטאַמאָל האָט זי צוזאַמענגעדריקט איר רעכטע האַנט אין אַ פויסט, אַראָפּגעשליידערט די צייטונג פון בעט און, מיט אַ היסטערישן כליפּן, פאַרגראָבן דאָס פּנים אין אַ קישן.

זי איז געלעגן באַוועגלאָז, געפילט ווי דאָס האַרץ אין איר האַלט אין איין פאַלן פון אַ מוראדיקער הויך. פאַר די אויגן האָבן זיך אין אַ ווייס־רויטן שווינדל באַוועגט בערג מיט נאַקעטע, דערשטיקטע פרויען־קערפּערס, איינגעקלאַמערטע מיט ציין און נעגל איינער אין צווייטן... איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי הערט זייערע אַנגסט־געשרייען, זייערע קללות און כריפּן... אַט זעט זי אפילו די לאַנגע, ווייסע טויט־קאַמערן, די דינע, שוואַרצע שפּאַרעס, דורך וועלכע עס רייסט זיך אַריין, מיט אַ שטילן, בייזן זשיפּען, דער גיפטיקער גאַז. און נאָך זעט זי, אַז אַט דאָרטן, אין דרויסן, ביי דער טיר פון קאַמער, שטייט אַ מאַן. זי קוקט זיך איין: ער איז אַ בלאָנדער, אַ הויכער, מיט אַ קיילעכדיק שיינעם פּנים און בלויע אויגן. אין איין האַנט האַלט ער אַ בייטש, אין דער צווייטער אַ רעוואָלווער. זי קוקט זיך נאָענטער איין. יאָ, דאָס איז ער. זי דערקענט אים אויף זיכער. דאָס איז ער, פרעד, דער געוועזענער מאַן אירער, דער טאַטע פון אירע קינדער...

זי איז אויפגעשפּרונגען מיט אַ היסטערישן געשריי, זיך דערשראָקן אַרומגעקוקט, געקומען צו זיך און זיך שטיל צעוויינט, צודעקנדיק דאָס פּנים מיט בײדע הענט. דערנאָך איז זי אַריין אין וואַשצימער, געלאָזט לויפן די קאַלטע וואַסער און אונטערגעשטעלט דעם קאָפּ אונטערן קראַן. אַזוי עטלעכע מינוט. ווען די וואַסער איז גערונען אויף איר נאַקן, האָט זיך איר געדאַכט, אַז דעם פאַטערס הענט האַלטן זי שטייף אַרום די אַקסלען און זיין קול, אַנגעזאַפּט מיט טיפן טרויער, רעדט פעסט און שטיל:

—ביילקע, טאָכטער מיינע, אַזוי האָט זיך עס געמאַכט, אפשר אַנדערש ניט געקאָנט זיין. ניטאָ קיין נביאים היינטיקע צייטן. וועסט איצט מוזן זיין ניט נאָר אַ מאַמע, נאָר אויך אַ טאַטע צו דיינע קינדער. ביסט אַ שטאַרקע ביי מיר, וועסט עס בייקומען...

זי האָט אָפּגעווישט דאָס פּנים, איז אַ פּאָר מאָל איבערגעגאַנגען דעם צימער, דערנאָך צעעפנט אַ פענצטער צו דער גאַס, אַרויסגערוקט דעם קאָפּ,

נאָכגעפאָלגט די פאַרבייגייער, זיך צוגעהערט צום געוויין פון אַ קליין קינד, אויף אַ העכערן שטאָק, איבער זיך, און ענדלעך אויסגעווישט די טרערן און שטיל אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין: „גענוג,ביילקע!" זי האָט אַנטשלאָסן פאַרמאַכט דאָס פענצטער און זיך ווידער אַ נעם געטאָן ראַמען הערשלס צימער. איר פנים איז איצט געווען כמעט ווי רואיק, בלויז אונטער די אויגן זיינען געבליבן רויטע פלעקן און די שאָטנס אין די ווינקלען פונעם מויל זיינען געוואָרן געדיכטער.

זי האָט אויפגעהויבן די צייטונג, זי אויסגעגלייכט און אַוועקגעלייגט אויפן פריערדיקן אָרט. צווינגענדיק זיך צו טראַכטן בלויז פון די זאַכן, וועלכע זי האָט געהאַלטן אין די הענט, האָט זי פאַרענדיקט דאָס ראַמען, אויסגעלאָשן די ליכט און אַריין אין קיך וואַשן דאָס געשיר.

פאַרטיק ווערנדיק מיט דער קיך־אַרבעט, איז זי אַריין צו זיך אין צימער און אָפּגערופן די שוועסטער:

— העלאָ, פּוירל! וואָס מאַכסטו?

— ווער רעדט עס?

— וואָס, דערקענסט שוין מיין קול ניט?

— אָ... דו ביזט עס?... עפּעס האָט דיין שטימע געקלונגען אַזוי מאָדנע... עפּעס ווי פון אַן אַלטער פרוי.

— צייל דיינע אייגענע יאָרן, שוועסטער! פאַר מיינע זאָרג איך זיך אַליין. איז זינאַ ביי דיר?

— וואו דען זאָל זי זיין? כ'האָב זי שוין צוויי מאָל אַהיים געשיקט... זי איז ביים טאָטן אין צימער. דאַכט זיך, אַז זיי שפּילן שאַך. אָט לויפט זי אַהער. מן הסתם פאַרשטאַנען, אַז דו רעדסט עס.

— העלאָ, מאַ, איך וועל באַלד זיין אין דער היים. ווי פילסטו?

אַ הייסע כוואַליע האָט אַ ברי געטאָן בערטאַס האַרץ און מיט אַ שטילן תענוג זיך צעשטראָמט איבער אַלע גלידער. זינאַס זאַפטיק שטימעלע האָט ווי באַזונדער אָפּגעקלונגען אין יעדן טראָפּן פון איר בלוט. ס'איז איר מיטאַמאָל אַזוי גרינג געוואָרן. זי האָט זיך אַזש שטיל צעלאַכט:

— אַ דאַנק, טאָכטער. כ'וועל זיך איצט צולייגן אַביסל אָפּרוען. קומסט באַלד?

— יאָ, מאַ. אָט ענדיק איך נאָר מיין צווייטע פּאַרטיע שאַך מיטן זיידן.

— זי האָט זיך הילכיק צעלאַכט. — פאַרשטייסט, מאַ, ער האָט שוין איינע פאַרשפּילט. עס געפעלט אים זייער ניט. איצט האָב איך שוין זיין קעניגין פאַרשפּאַרט. די באָבע פילט ניט גוט, וועל איך אַביסעלע זיצן לעבן איר. אָלראַיט, מאַ?

— גוט. האָסט געזען דעם ברודער?

— יעס, מאַ. ער איז אַ „פּעסט". ער זאָגט, אַז כ'וועל ניט אויסהאַלטן קומענדיקן יאָר מיינע עקזאַמענס אין דער מיטל־שול...

— נאַרישקייטן! דו ווייסט, אַז ער מיינט עס ניט. ער האָט דיך שטאַרק ליב.

— כ'ווייס עס, מאַ, — האָט לאַכנדיק געקלונגען זיינאָס קול, — איך האָב אים אויך ליב, אָבער ער איז סיי־ווי אַ „פּעסט"! גוד־ביי! דער זיידע מיט דער באָבען לאָזן דיר גריסן.

פוירל האָט איבערגענומען דאָס טרייבל:

— וואָס איז, בערטאַ? פילסט ניט גוט?

— ניין, ס'איז מיר גאָרניט.

— געזען היינט די ציימונגען? — האָט פוירל, פּאַרזיכטיק, אַ פרעג געטאָן.

— ניין. ווער האָט עס אַזוי פיל כוח?...

— ווערסט אפשר שפּעטער צוקומען אַביסל?

— מעגלעך. כ'וועל זען. שיק אַהיים זינאָן.

— גוט. איך טרייב זי גלייך אַרויס פון הויז.

בערטאַ האָט אויפגעהאַנגען דאָס טרייבל, געכאַפּט אַ קוק אויפן זייגער, אויסגעזוכט אויף דער ראַדיאָ אַ פּראָגראַם מיט שטילער מוזיק, אַראָפּגע־וואָרפן פון די פיס די שיך און, שוין אַ היפשלעך באַרואיקטע, אַ נעם געטאָן פון טיש אַ בוך און זיך אויסגעצויגן אויפן בעט. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

געשען איז עס מיט צוויי וואָכן שפּעטער, טאַקע אויך אין אַ פרייטיק אָוונט, ווען בערטאַ האָט, ווי יעדן פרייטיק, געוואַרט אויף הערשלען פון דער שול און אויף דער טאַכטער פונעם זיידן.

זי איז געזעסן נעבן טיש, אין ווייכן שטול, אַ פּאַרטיפטע אין אַן אַרטיקל אין אַ צייטונג וועגן די גרויסע זיגן פון דער רויטער אַרמיי, וועלכע האָט זיך שוין צו יענער צייט געהאַט געפונען אין בערלין. די צייטונג האָט גענוי באַשריבן די פייערן אין דער דייטשער הויפּט־שטאָט, די פולקאָמענע צעשמעטערונג פון די דייטשע אַרמייען און וועגן דעם פאַנאַנדערלויפן און אויסבאַהאַלטן זיך פון די לעבן־געבליבענע גרויסע און קליינע דייטשע „פירער".

זי האָט זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן, אַז דער זייגער ווייזט שוין ניין און הערשל איז נאָך אַלץ אין דער היים ניטאָ. זי האָט זיך שוין געהאַט אויפגעשטעלט אַ פּאַרטיקע אַרויסגיין אין גאַס אים אַ זוך טאָן, ווען ס'האָט זיך פון פאָדער־הויז דערטראָגן דער קלאַנג פון דער געעפנטער טיר.

— דו ביסט עס, הערשל? — האָט זי אים אַ רוף געטאָן.

זי האָט אַוועקגעלייגט דעם בוך און מיט אַ פּאַרטיקן שמייכל געקוקט צו דער טיר פונעם פּאַר־הויז, דערוואַרטנדיק דאָרטן, ווי שטענדיק, צו דער־זען זיין בלאָנדן, שעלמישן פּנים מיט די בלויע, לאַכנדיקע אויגן און צו דערהערן זיין מונטערן: „האַלאָ, מאַ!״

קיינער האָט איר אָבער ניט געענטפערט און קיינעמס פּנים האָט זיך אין טיר ניט באַוויזן. זי האָט זיך האַסטיק אויפגעהויבן און איז שנעל צו־געגאַנגען צו דער אָפענער טיר פון הערשלס צימער.

ער איז געזעסן אויף זיין בעט, האַלטנדיק אין די הענט די פּרימאַרגנ־דיקע צייטונג און אויפמערקזאַם זיך איינגעקוקט אין די פּנימער פון די נאַציס אין נירנבערגער געריכט.

זי האָט אָפּגעטראָטן אַ פּאָר שפּאַן אויף צוריק און קוים איינגעהאַלטן אַ דערשראָקענעם אויסגעשריי. אין קאָפּ האָט געגומען רוישן און פאַר די אויגן האָבן זיך אַ וויג געטאָן רייען ווייסע, פאַרגליווערטע קערפּערס. דאָס אַלץ האָט אָבער געדויערט בלויז אַ פּאָר מינוטן. זי האָט געפילט, אַז איר קינד איז אין אַ געפאַר, אַז עפּעס איז געשען מיט אים, אַז מען מוז אים גלייך קומען צו הילף און אַז, מעגלעך, די געפאַר איז ענג פאַרבונדן מיט אָט־דער בלוטיקער בילד, וועלכע ער האַלט איצט אין זיינע הענט...

זי האָט אַריינגעצויגן אין זיך אַ פולע ברוסט מיט לופט און מיט אַ געמאַכטער רואיקייט, אַ רוף געטאָן:

— איז וואָר־זשע ביסטו, הערשל, ייִנגל מיינער?

ווען זי איז אַריין צו אים אין צימער איז ער שוין געשטאַנען און גע־וואַרט אויף איר. זיין פּנים ווייס, די בליקן הילפלאָז. אַן אָפּגעבראָכן שטיקל שמייכל איז ווי אַראָפּגעהאַנגען פונעם רעכטן ווינקל פון זיין מויל. די צײַ־טונג איז געלעגן נעבן זיינע פיס.

זי האָט זיך איינגעקוקט אין זיין פּנים און אים אַ נעם געטאָן פאַר די הענט:

— וואָס איז מיט דיר, קינד? ביסט קראַנק? — מיט אַ שטויס פון פוס האָט זי אָפּגעוואָרפן די צייטונג אין אַ זייט.

ער האָט זיך אָנגעשטרענגט אַ שמייכל צו טאָן:

— ניין, מאַ... איך בין... ניט קראַנק... איך האָב בלויז... איך בין אַלרייט...

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט און אים צוגעצויגן צו זיך:

— דיינע הענט זיינען אייז־קאַלט... גאָט מיינער, דו ציטערסט דאָך אינ־גאַנצן!... טו זיך אויס... כ׳וועל דיר איינגעבן אַ פּאָר אַספּירינס און דיר מאַכן אַ הייסן טרונק...

זי האָט געפּרואווט דערוואַרעמען זיינע הענט אין אירע.

— אָבער... מאַ, איך בין ניט קראַנק! געווען אין שול, געלערנט...

— האָסטו טאַקע ניט באַדאַרפט גיין. וויפל מאָל האָב איך דיך געבעטן צו בלייבן אין הויז, ווען דו פילסט, אפילו עטוואָס, ניט מיט אַלעמען?!

— פאַרשטייסט ניט, מאַ, — האָט ער מיט פאַרצווייפלונג געצויגן פון זיך די ווערטער, אָנווייזנדיק מיט דער האַנט אויף דער צייטונג.

— זי האָט זיך אָנגעכאַפּט:

— מיינסט צו זאָגן, אַז דאָס האָט דיך אַזוי צערודערט דאָס בילד און דער אַרטיקל וועגן די נאַצישע רציחות?

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און ניט געענטפערט.

זי האָט טיף אָפּגעזיפצט:

— קינד מיינס, איך פאַרשטיי דיך. מיר לעבן איצט אין אַ שוידער־לעכער צייט. נאַצים, פאַשיסטן — דאָס זיינען אפילו ניט קיין ווילדע חיות, דאָס זיינען...

קוקנדיק אָן אַ זייט, האָט הערשל שטיל, אָבער שוין אַנטשלאָסן, גע־ענטפערט:

— דו ווייסט ניט, מאַ... ניט וועגן דעם בילד אַליין האַנדלט זיך עס... ס׳איז אויך וועגן אים... וועגן טאַטן...

זי האָט זיך אָן אימפּעטיקן בויג געטאָן צו אים מיטן גאַנצן קערפּער און טיף אים אַריינגעקוקט אין די אויגן:

— וועגן טאַטן?!... — איר קול איז געוואָרן שטייף, — ניטאָ מער אַזאַ באַשעפעניש פאַר דיר אויף דער וועלט! געווען און געשטאָרבן! איך האָב שוין מיט דיר ניט איין מאָל וועגן דעם גערעדט! כ׳האָב פאַר דיר קיין זאַך ניט באַהאַלטן. דיר אַלץ דערציילט... ווער ווייסט צי ער לעבט נאָך אינגאַנצן?

— ער לעבט, מאַ...

— ער לעבט? פונוואַנען ווייסטו עס?

— כ׳האָב... כ׳האָב היינט גערעדט מיט אים.

זי האָט זיך האַסטיק אַ הויב געטאָן פון אָרט, אים אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט פאַר די אַקסלען און אים האַסטיק גענומען טרייסלען. אירע אויגן האָבן אויסגעדריקט טויט שרעק, די ליפּן האָבן געציטערט:

— דו האָסט גערעדט מיט אים?! אַליין גערעדט מיט אים?!

דעם ייִנגלס אויגן זיינען פאַרלאָפן מיט טרערן:

— יאָ, יאָ... ער האָט מיך אָפּגעוואַרט טאַקע דאָ, ביים הויז... ווען איך בין פון שול געגאַנגען אַהיים.

זי איז געקומען צו זיך, אָפּגעלאָזט זיינע אַקסלען און שטרענג באַפוילן:

— דערצייל!

— כ׳האָב אים ניט דערקענט... כ׳האָב געוואָלט אַנטלויפן... ניט גע־וואוסט וואָס צו טאָן. כ׳האָב מורא געהאַט פאַר אים. ער האָט געבעטן כ׳זאָל זיך דורכגיין מיט אים אַביסל. ער האָט געוויינט... געזאָגט, אַז ער בענקט נאָך דיר...

— בענקט ?... געוויינט ?... — האָט זי איבערגעפרעגט און איר פּנים האָט געציטערט מיט אַ שפּאָטיש־פיינדלעכער גרימאַסע.

— יאָ, אַז ער בענקט נאָך דיר... נאָך אונדז אַלעמען... נאָך זיין היים...

זי האָט עטלעכע מאָל האַסטיק דורכגעשפּאַנט דעם צימער און שטיין געבליבן פאַרן זון. איר פּנים איז שוין איצט געווען כמעט ווי רואיק, אָבער שטייף, פּונקט ווי דער בליק. זי האָט דערפילט די אַמאָליקע געפאַר, ווי אין די ציישן, ווען ער, דער מאַן אירער, פלעגט זיך נאָך פון צייט צו צייט אַריינכאַפּן אין הויז און האָט געקעמפט מיט איר פאַרן זון, ווען ער האָט געוואָלט פאַרנעמען מיט זיך, אין דער נאַצי־וועלט; ווען ער האָט געוואָלט אַלע זונטאָג פירן אין אַ נאַצישן „נאָרדלאַנד" קעמפּ, וואו מען האָט געפּראַוועט גאַנצע היטלער „הייל" צערעמאָניעס, וואו מען האָט מאַרשירט אַמעריקאַנער יוגנט, פון דייטשן אָפּשטאַם, אויסגעפּוצטע אין נאַצישע אוני־פאָרמען, אונטער סוואַסטיקאַ־פאָנען און אָרקעסטער־קלאַנגען פון „דייטש־לאַנד איבער אַלעס" און זיי געגרייט צום פאַרראַט קעגן זייער אייגן לאַנד אַמעריקע.

אָט יענע אַלטע געפאַר, אמת, ניט אַזאַ שרעקעדיקע ווי פריער, איז איצט ווידער געשטאַנען פאַר איר. אָבער ווער ווייסט ? ווער ווייסט וואָס ס׳איז שטאַרקער, וואָס עס קען בעסער ווירקן אויף קינדער: חוצפּה, אכזריות, ברוטאַלע קראַפט, צי טרערן און בקשות ? זיי, די דייטשן, קענען אויסגע־צייכנט די קונסט פון ביידע. זי מוז איצט זיין רואיק, מוז האַנדלען מיט שכל, מיט טאַקט.

זי האָט גערעדט לאַנגזאַם, קוקנדיק דעם זון גלייך אין די אויגן אַריין:

— דאַרפסט ניט אָפּקערן דעם קאָפּ, הערשל. אַזוי, הייסט עס, איז עס ? איצט, ווען מען האָט היטלערן מיט די הויפּט פון זיינע נאַצישע חיות פאַר־ניכטעט און זיי קאָנען שוין מער ניט מאָרדן, פאַרגאַזן און פאַרברענען טויזנ־טער מענטשן... ווען די סאָוועטישע רויטע אַרמיי איז שוין אין בערלין — זיינען אַלע קלענערע בלוט־פאַרגיסער, ווי דערשראָקענע מייז, זיך צע־לאָפן אין די לעכער... און איצט זוכט אויך פריץ מילער אַ היים... אַ, גאָט !... — זי האָט צאַרנדיק אַ הייב געטאָן ביידע הענט: — ווי וויט פאַרט קען מענטשלעכע נידערטרעכטיקייט דערגיין ? — זי האָט זיך אָבער גלייך אַ כאַפּ געטאָן און מיט אַ געמאַכטער רואיקייט זיך צוגעבויגן צום זון: — וואָס

נאָך האָט ער דיר פּרובירט איינרעדן?

— ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף טאַנטע פּוירל, אויפן אַנקל דוד, אויפן זיידן מיט דער באָבען... ער האָט געזאָגט, אַז... אַז...

— אַז וואָס? האָב ניט קיין מורא צו רעדן! זעסט דאָך, איך בין שוין רואיק.

— אַז ער וועט מאָרגן זיין דאָ.

זי האָט אירע אויערן ניט געגלויבט:

— וואָס האָסטו געזאָגט? ער וויל מאָרגן קומען אַהער?

— יאָ, עלף אינדערפרי. ער האָט געזאָגט, ער מוז מיט דיר עפּעס רעדן.

זי האָט געפילט, אַז אָט פאַלט זי אום. ניט געוווען קיין ווערטער מער, ניט געווען מער קיין אויסדרוקן פון עקל און אַנטריסונג אין איר שפּראַך. שווייגנדיק האָט זי געקוקט אויפן זון און אין מוח האָבן זיך פּיבעריש גע־פלאָכטן פּלענער וואָס צו טאָן, ווי אַזוי צו באַגעגענען די געפאַר, ווי אַזוי צו ראַטעווען אירע קינדער.

און הערשל, אַ דערמוטיקטער פון דער מוטערס שווייגן, האָט ווייטער דערציילט:

— איך האָב אים געזאָגט, אַז ער זאָל בעסער ניט קומען... אים געזאָגט, אַז מיר קענען אים ניט...

— זאָל ער טאַקע בעסער ניט קומען! איך האָב אים פּיינט, דעם נאַצי! מיר דאַרפן אים ניט! — האָט מיטאַמאָל פון שוועל פון צימער אָפּגע־קלונגען אַ זיכערע, יונגע שטימע.

מוטער און זון האָבן דערקענט דאָס קול און אויסגעדרייט די קעפּ: ביים אַריינגאַנג איז געשטאַנען זיבא און געקוקט אויף זיי מיט אירע שוואַרץ־ברענענדיקע אויגן. זי איז אַריין אין צימער:

— זאָל ער ניט קומען! — האָט זי איבערגעחזרט און דערביי אַ טופּע געטאָן מיטן רעכטן פוס, — מיר דאַרפן אים ניט!

— ווי לאַנג, אַז דו שטייסט דאָ? — האָט בערטאַ שטיל אַ פרעג געטאָן.

— כ'האָב אַלץ געהערט און איך ווייס וועגן אַלץ! — האָט זיך די קליינע בייז באַרימט. — דער זיידע און די טאַנטע פּוירל האָבן מיר וועגן אַלץ שוין לאַנג צוריק דערציילט... און דו, הערשל, האַנדלסט ניט גוט! — האָט זי מיטאַמאָל זיך אַ בייזן דריי געטאָן צום ברודער, — דו ווייסט אויך וואָס פּאַרא... פּאָ מיר האָבן! אין סקול האָב איך אַלעמען דערציילט, אַז ער איז געשטאָרבן. דו ביסט אַ „סיסי“, דערפאַר רעדסטו אַזוי... ווען ער שטעלט מיך אָפּ אין גאַס, וואָלט איך אפילו ניט געוואָלט רעדן מיט אים! איך וואָלט גלייך אַנטלאָפן. זאָל ער גיין צו זיין היטלער!

טרערן האָבן אַ קלונג געטאָן אין איר קול. זי איז צוגעלאָפן, זיך אַ

וואָרף געטאָן אויפן בעט און פאַרגראָבן דעם קאָפּ אין קישן.

אַרום איז געוועזן שטיל. פון גאַס האָט זיך דערטראָגן דער ווייטער רויש פון דעם סאָבוועי און אַ פּריילעכער, יוגנטלעכער געלעכטער פון אַ גרופּע מיידלעך און ייִנגלעך, וועלכע האָבן געשטיפּט אויפן ראָג.

די מוטער מיטן זון זיינען געשטאַנען מיט געבויגענע קעפּ.

— נו, עס וועט שוין זיין גענוג אויף היינט, — האָט בערטאַ, ענדלעך, אַ טיפן זיף געטאָן, איז צוגעגאַנגען, זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט, אַרומגענו־מען ביידנס קינדערס קעפּ, זיי צוגעטוליעט צו זיך און, ווי צו) קליינע קינדער, זיי גענומען דערציילן אַ מעשהלע:

— יאָ, אויף היינט איז גענוג... זייט רואיק: קיין זאַך וועט זיך ניט בייטן. ווי אַ בייזער שטן איז ער איצט פּלוצלונג געקומען, און וועט פּונקט אַזוי אַוועק אויף שטענדיק... ער וועט אַוועק אויף שטענדיק, אויף אייביק...
— און גלעטנדיק זייערע האָר האָט זי זיך שטיל באַוועגט מיטן גאַנצן קער־פּער הין און צוריק, הין און צוריק... ווי אַ מענטש וואָס ליידט פון צאָן־ווייטיק, אָדער פון אַ גרויסן בראָך. — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַרום צוועלף אַזייגער, ווען די קינדער זיינען שוין געשלאָפן, האָט בערטאַ אָנגעקלונגען צו דער שוועסטער:

— האַלאָ! דו ביסט עס, פּירל?

— יאָ, איך. וואָס קלינגסטו אַזוי שפּעט? האָסט מיך פון בעט אַרויס־געשלעפּט.

— הער, דו קענסט מיך גראַטולירן: כ'האָב אַ גאַסט... זייער אַ טייערן, זייער אַן אָנגעלייגטן גאַסט. און טאַקע אַ ספּעציעלן גרוס אויך פאַר דיר.

— אויב אַזוי איז דאָך גוט. אַ דאַנק פאַרן גרוס. ווער איז ער, אַשטייגער, דער ספּעציעלער גאַסט דיינער?

— וואָרט אַ ווײַלע: אייל זיך ניט מיטן דאַנקען. דער גרוס איז פונעם גרויסן פירער, פון היטלערן אַליין... קאָנסטו זיך שוין אָנשטויסן אַליין ווער דער טייערער שליח איז...

— וואָס באַלעבאַטשעסטו דאָרטן? — האָט זיך דערטראָגן דער שוועס־טערס דערשראָקן קול.

— דאָס וואָס דו הערסט. און זיי זיכער, אַז פון זינען בין איך נאָך דערווייל אויך ניט אַראָפּ.

— דו מיינסט צו זאָגן, אַז...

— יאָ, שוועסטער, טאַקע דאָס מיין איך. ער האָט היינט אָפּגעשטעלט הערשלען פאַרן הויז, געוויינט פאַר אים, זיך אונדז אַלעמען אין ליבע דער־קלערט... קענסטו עס באַגרייפן?

— יאָ, — האָט פּוירל אָפּגעזיפֿצט, — כ׳קאָן. גאַנץ דייטשלאַנד טוט עס איצט. איז וואָס־זשע דענקסטו איצט צו טאָן?

— מאָרגן, עלף אַזייגער, ווערט ער אַרויפֿקומען, ער מוז עפּעס זייער וויכטיקעס מיט מיר ריידן... — אַזוי האָט ער געזאָגט הערשלען.

— כ׳פֿאַרשטיי ניט: ווי שעמט ער זיך ניט? ווי וואָגט ער?

— האָסט דאָך נאָר וואָס אַליין געזאָגט, אַז ער איז אַ דייטש, צו וואָס־זשע זיינען די פֿראַגן?

— איך וואָלט דעם מערדער אין הויז ניט אַריינגעלאָזט. כ׳וואָלט גערופֿן פּאָליציי. אפֿשר וואָלסטו ערגעץ אוועקגעפֿאָרן מיט די קינדער?

— ניין, שוועסטער, דיינע עצות וועלן ניט העלפֿן. כ׳וועל אים מאָרגן אויפֿנעמען און זען, וואָס כ׳האָב צו טאָן.

— אפֿשר וואָלט איך מיט דודן, אָדער מיטן טאַטן, צוגעקומען מאָרגן אינדערפֿרי?

— וועגן דודן וועל איך נאָך אַ טראַכט טאָן, אָבער די אַלטע זאָג קיין וואָרט ניט. געדענק!

— אָלרייט! — האָט, צוזאַמען מיט אַ זיפֿץ, זיך דערטראָגן פּוירלס קול, — רוף מיך אָפּ, גלייך ווי דער תּכשיט וועט אַוועק.

— גוט. אַ גוטע נאַכט. — בערטאַ האָט אויפֿגעהאַנגען דאָס טרייבל און זיך גענומען אויסטאָן. דערנאָך האָט זי אָנגעצונדן דאָס וואַנט־לעמפּל צוקאָפּנס פֿון איר בעט, גענומען אַ בוך, זיך אַוועקגעלייגט און פּרובירט לייענען. אָבער אַלע אירע באַמיאונגען זיך צו קאָנצענטרירן אויפֿן אינהאַלט פֿון בוך זיינען געווען אומזיסט. איר צוזאַמענגעפּרעסטער מאַרך האָט גראָדע ניט אַנדערש געוואָלט ווי בלויז דערמאָנען זי און מאָלן פֿאַר איר בילדער, ניט וועגן קיין פֿרעמדן גליק און אומגליק, נאָר וועגן איר אייגענעם...

און אָט אַזוי, ביסלעכווייז, מיטן בוך ביי דער זייט, ניט אויסלעשנדיק אפֿילו דאָס לעמפּל, איז זי אַוועקגעפֿירט געוואָרן אין אַן אַנדער וועלט, אין דער וועלט פֿון איר יוגנט, פֿון איר אַמאָל... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אַ גאַנצן טאָג האָט זי זיך געהאַלטן אין איין פּוצן, אין איין גרייטן זיך צום שלום־באָל אין „האַנטער קאַלעדזש“, וואו זי האָט פֿאַרבראַכט דריי ווינטערן, שטודירנדיק בוכהאַלטעריע און סאָציאַלע וויסנשאַפֿט.

און איר עלטערע, שוין פֿאַרהייראַטע שוועסטער, פּוירל — האָט איר אַרויסגעהאָלפֿן און לאַכנדיק איר געוואונטשן צו געפֿינען היינט, דאָרטן, ביים לעצטן שלום־באָל אין קאָלעדזש, איר זיווג.

און אָט איז זי שוין אין זאַל. גאָט, וויפֿל ליכט! ווי שיין, ווי זיס עס שפּילט די מוזיק. יונגע פּאָרלעך טראָגן זיך איבערן זאַל, פּעסט צוגעדריקטע

איינער צום צווייטן. זי איז לעצטע וואָך אַלט געוואָרן צוויי־און־צוואַנציק יאָר און פילט, אַז די גאַנצע וועלט איז באַשאַפן געוואָרן בלויז פון איר׳ט וועגן, כּדי איר, בערטאַ בוירג, זאָל זיין גוט און פריילעך. דערצו ווייסט זי, אַז זי איז אַ שיינע מיידל. די בחורים קוקן איר נאָך, שמייכלען צו איר. אַזוי צי אַנדערש, איר איז איצט אַזוי גוט, אַזוי גוט! ווי אין אַ חלום דרייט זי זיך מיט אַ צווייטער מיידל אין ריטם פון אַ וואַלץ. עמיץ זינגט אין איר, עמיץ לאַכט אין איר און אַלץ אַרום זינגט און לאַכט מיט.

אָט פירט אַ חברטע צו איר צו אַ הויכן, בלאָנדן בחור און זאָגט מיט אַ געלעכטער:

— ליסן, בעס, טו מיר אַ טובֿה און גיב אים אַ שמייכל, אָדער טאַנץ מיט אים אַ וואַלץ. ער דערגייט מיר די יאָרן, כ׳זאָל אים מיט דיר באַקענען! ער איז אַ גוטער בחור. זיין נאָמען איז פרעד האָפּנער.

בערטאַ גיט אַ שנעלן בליק אויפן בחור: ער איז הויך, אַטלעטיש גע־בויט, אַ גלייכע נאָז, אַ ברייטלעכער פּנים, פון זיין גוטמוטיקן שמייכל און די בלויע אויגן שיינט אַ וואַרעמע פרילינג־זון. ער געפעלט איר. זיי דריקן זיך די הענט.

בערטאַ לאַכט. זי האָט טענות צו דער חברטע:

— הער, לילי, וואָס האָסטו אים צו מיר געבראַכט? ווער ווייסט? ער וועט אפשר באַלד מיר נעמען דערגיין די יאָרן, כ׳זאָל אים באַקענען מיט אַ צווייטער מיידל, אַ שענערער פון מיר?!

— ניין, מיס בעס, — מישט דער בחור זיך אַריין, — דאָ, נעבן אייך, בלייב איך שוין אויף אַ גאַנצן אָוונט, — און ער גיט צו מיט אַ שעלמישן שמייכל: — און ווער ווייסט? מעגלעך שוין אויפן גאַנצן לעבן.

— בוירג איז מיין נאָמען, — פאַרריכט זי אים, — און גיט לאַכנדיק צו: — ווי איך זע, זענט איר אַ שנעלער אַרבעטער... אָבער איך וואָרן אייך באַצייטנס, אַז איך האַלט ניט פון קיין מענער־„וועלף“ און אויב איר וועט זיך ניט האַלטן ווי עס באַדאַרף צו זיין — איז אויס שידוך... שיק איך אייך גלייך צוריק אָפּ צו ליליען.

— איך בין אַ דזשענטלמאַן, מיס בוירג... און האַלט אויך ניט פון דער וועלפישער טאַקטיק, וואָס אַ צאָל מענער ווענדן אָן אין באַצוג צו פרויען... איך זאָג אייך צו אַ פריילעכן אָוונט... כ׳גיב אייך מיין וואָרט...

— אויב אַזוי, — האָט זיך שוין בערטאַ געווענדט צו דער חברטע, — נעם איך אים אַראָפּ פון דיינע הענט. קענסט גיין צו דיין בחור, אָבער... געדענק, באַלד עפּעס, שיק איך אים דיר אָפּ צוריק.

אַלע לאַכן. די חברטע גייט אַוועק. די מוזיק שפּילט אַ וואַלץ. זיי טאַנצן. ער האַלט זי זייער פאָרזיכטיק. ער דערציילט:

— מיין נאָמען איז, ווי איר האָט שוין געהערט: פרידריך האָפנער... כ׳בין אַ אינזשינער. כ׳אַרבעט ביי דער שטאָטישער באַן קאָמפּאַני... מיינע פריינט רופן מיך פרעד. איר קענט מיך אויך אַזוי רופן.

— אַ דאַנק, אָבער דערווייל זיינען מיר נאָך גאַנץ קנאַפּע פריינט.

— מיר׳ן ווערן.

— דאָס וועט די צייט באַווייזן.

ער איז אַ גוטער טענצער. זי אויך. איר דאַכט זיך, אַז זיי רירן אפילו ניט אָן דעם דיל. ער האַלט איר עפּעס אין איין דערציילן. זיין שטימע איז אַ נידעריקע, אַ פולע מיט ווייכע, סאַמעטענע טענער. שטיקלעכווייז כאַפּט זי אויף זיינע ווערטער, שאָקלט צו מיטן קאָפּ און הערט ניט אויף צו שמייכלען.

שפּעטער זיינען זיי געזעסן אין בופעט נעבן אַ קליין טישל און יעדערער האָט דורך צוויי שטרויעלעך געטרונקען אַ סאָדע. ער האָט איר דערציילט עפּעס, דאַכט זיך, וועגן זיין קינדהייט. זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, געשמייכלט און די גאַנצע וועלט האָט זיך געדרייט אַרום איר אין אַ העלן, גאָלדיקן קאַראַהאָד, אַ וועלט וואָס איז באַשאַפן געוואָרן בלויז פאַר זיי. פאַר אים און פאַר איר. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיט צוויי חדשים שפּעטער האָט ער זיך איר דערקלערט אין ליבע. זי וואָלט מיט אַ ריינעם געוויסן אים געוועזן געענטפערט מיטן זעלבן, אָבער — ער איז געווען אַ קריסט, אַ דייטש און דאָס האָט זי, די גאַנצע צייט פון זייער באַקאַנטשאַפט, געצוואונגען צו זיין צוריקגעהאַלטן אין אירע באַציאונגען צו אים. זי פלעגט אים אָפט אויסמיידן, ניט ענטפערן אויף זיינע בריוו. זי האָט געליטן, איז נעכט ניט געשלאָפן, אָבער בשום אופן ניט געקענט ביי זיך פועלן איבערצורייסן מיט אים. זי האָט באַשלאָסן זיך אַן עצה האַלטן מיטן פאָטער. ער איז אַזאַ האַרציקער, אַ פאַרשטענדלעכער, אַ היינט־וועלטלעכער, אַ גוט באַלעזענער. ער האָט זי שטאַרק ליב, ער וועט איר העלפן:

— טאַטע, אַזוי און אַזוי איז עס... העלף! וואָס זאָל איך טאָן?

דער טאַטע טראַכט, טראַכט לאַנג, טראַכט פּיינלעך. זיין פּנים איז פאַרוואָלקנט, דער שטערן איינגעצונקען אין טיפע רינצלען, די אויגן פול מיט פּיין, מיט באַהאַלטענעם שרעק. זיינע הענט ציטערן. ער נעמט זי אַרום:

—ביילקע, טאָכטער מיינע! — אַ טיפער צער קלינגט אין זיין שטימע, קוקט אַרויס פון זיינע אויגן, — דער בחור געפעלט מיר פונקט ווי דיר. דו ווייסט, כ׳בין ניט קיין פאַנאַטיקער און ניט פאַר זיין קריסטלעכקייט האָב איך מורא. אָבער... אין דער מענטשהייט איז נאָך צופיל רוי־פליייש פאַ־

ראַן... עס וועט מעגלעך קומען אַמאָל אַ צייט, ווען ס׳וועט ניט זיין קיין קריסט און קיין ייִד, אָבער... דערווייל האַלטן מיר נאָך ניט דערביי... ער איז אַן אויסנאַם, זאָגסטו? מעגלעך, גאַנץ מעגלעך. איך וואָלט אָבער ניט געוואָלט, אַז מיין טאָכטער זאָל ריזיקירן מיט איר איינציקן לעבן, אפשר מיט איר איינציקן גליק.

זי האָט אויך פרעדן דערציילט וועגן אירע צווייפלען. ער האָט שטיל און האַרציק איינגעטענהט מיט איר:

— הער, טייערע, איך פאַרשטיי דיך, אָבער אַנטקעגן די ביישפּילן פון דיינע פּאָר באַקאַנטע, ייִד און קריסט, וועלכע זיינען געווען אומגליקלעך אין זייער פאַרהייראַט לעבן, קען איך דיר ברענגען צענדליקער ביישפּילן פון גליקלעכע הייראַטן. ס׳ווענדט זיך וועד די מענטשן זיינען, ווי טיף זייער רעליגיעזע דערציאונג איז געווען, וויפל קולטור און שכל זיי האָבן פאַר־מאָגט און ווי שטאַרק עס זיינען געווען זייערע געפילן איינער צום צווייטן... איך בין דריי יאָר אַלט געווען, ווען רודאָלף האָפנער, מיין אָנקל, האָט גע־בראַכט מיינע עלטערן קיין אַמעריקע. צו אַכט יאָר איז דער טאַטע געשטאָרבן און צו 10 די מאַמע. מיין טאַטע איז געווען אַ קנאַפּער גלויביקער. דאָס זעלבע דער אָנקל. ער גייט קיינמאָל ניט אין קלויסטער. די טאַנטע גייט יאָ אַמאָל. פאַר מיר, פּערזענלעך, איז רעליגיע איבגאַנצן אַ אומנויטיקע זאַך. וואָס פאַר מיר איז אָבער רעאַל, נויטיק, האָט אַ ווערט — איז מיין ליבע צו דיר, צו דיין משפּחה, אפילו צו דיין גאַנץ פאָלק... איך האָב אין אַלגעמיין ליב מענטשן, אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט. כ׳האָב מיין גאַנץ לעבן קיינמאָל ניט צעטיילט קיין מענטשן לויט זייער רעליגיע... כ׳בין שוין פיל מאָל געווען ביי דיר אין הויז און יעדעס מאָל איז מיר געווען גוט צו גלויבן, אַז דיינע עלטערן, דיין שוועסטער פּוירל מיטן מאַן דוד — זיינען אויך מיינע. נאָך אונדזער חתונה, אָרדן זיך איין דאָס הויז ווי דיר געפעלט, ווי דיין מאַמע האָט דיך געלערנט. דערציי אונדזערע קינדער פאַר גוטע, ערלעכע מענטשן, פאַר גוטע אַמעריקאַנער. גלויב מיר, קיין זאַך וועט אונדזער גליק ניט שטערן. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זיי האָבן חתונה געהאַט. ביידע האָבן געאַרבעט. ער ביי זיין באַן־קאָמ־פּאַני, זי אין אַ גרויסן פּוטער־שאָפּ, אַלס בוכהאַלטערין. זייער לעבן איז ענ־לעך געווען צו אַ טיפן טייכל, וואָס פליסט רואיק צווישן הויכע גראָזן און ווייסע בירקן ביימלעך, און שפּיגלט יעדן פרימאָרגן און פאַרנאַכט אָפּ דעם פאַרביקן שפּיל פונעם זון־אויפגאַנג און אונטערגאַנג. און דורך די נעכט האָבן שטערן און אַמאָל אויך די לבנה — זיך איינגעקוקט אויף זייער גע־לעגער און זיי דערציילט מעשיות פון אייביקער שיינקייט, פון אייביקן גליק.

די פֿאַרבן פֿון זייער לעבן זיינען נאָך רייכער, נאָך זאַפּטיקער געוואָרן מיטן אָנקום פֿונעם ערשטן קינד, פֿונעם בלאָנדן הערשלען, מיט די בלויע אויגן און זוניקן שמייכל, פּונקט ווי ביי זיין טאַטן. און מיט צוויי יאָר שפּע־טער האָט אין דער זוניקער שיין פֿון זייער לעבן אריינגעפּינקלט מיט איר וויס־קלאָרן, שלאַנקן קערפּערל און שוואַרץ ברענענדיקע אייגעלעך דאָס טעכטערל זינאַטשקאַ, וועמען מען האָט אַ נאָמען געגעבן נאָך דער באָבע זעלדען, דער מוטערס מוטער.

פֿון צייט צו צייט פֿלעגט דאָס יונגע פּאָר פּאַלק באַזוכן פֿרעדס אָנקל. מען האָט צוזאַמען געמיטלעך פֿאַרבראַכט אַ זונטיק, האַלטנדיק אין איין פֿאַר־זוכן דער טאַנטעס עלזאַס געשמאַקע מאכלים, אויסהערנדיק דעם אָנקלס באַמבאַסטישע מעשיות וועגן זיין פֿריילעכן בערלינער סטודענטן לעבן, און צוקוקנדיק זיך ווי דער קליינער הערשל שפּילט זיך מיט גאַטפֿרידן און אַדאָלפֿן — זיינע צוויי קאַזינס.

אַמאָל, היפּשלעך זעלטן, פֿלעגט אויך דער אָנקל מיט דער משפּחה קו־מען צוגאַסט צום יונגן פּאָר־פּאַלק. דאַן פֿלעגט בערטאַ אויך איינלאַדן די עלטערן און די שוועסטער פֿוירל מיט איר מאַן. און בערטאַ פֿלעגט יעדעס מאָל ניט פֿאַרגעסן צו דערמאָנען דעם פֿאָטער גוט איינצושטודירן מיט דער מוטער, זיך צו האַלטן וואָס היימלעכער מיט די געסט.

די ערשטע האַלבע שעה פֿלעגט די שטימונג און האַלטונג פֿון די מחותנים, געוויינלעך, זיין אַביסל אַן אָנגעצויגענע: מען האָט ווייניק גערעדט, געווען זייער העפֿלעך איינער צום צווייטן און זיך געהאַלטן אין איין איבערוואַרפֿן מיט האַלב־פֿאַרלאָרענע, ווי שולדיקע, שמייכלען. אַביסל שפּעטער, נאָך אַ פּאָר גלעזלעך שנאַפּס און צובייסן, פֿלעגן די מענער, אונטער דער פֿירער־שאַפֿט פֿון פֿרעדן און די צוויי מחותנותטעס, מיט דער הילף פֿון בערטאַן, שוין פֿאַרבינדן אַ געשפּרעך צווישן זיך און העלפֿן פֿאַרטרייבן די צייט.

ביים געזעגענען זיך האָבן די מחותנים זייער ליבלעך געשמייכלט און באַדאַנקט איינער דעם צווייטן, זיך געדריקט די הענט, אָבער אין לויף פֿון די קומענדיקע חדשים האָט קיין איינער פֿון זיי ניט געמאַכט דעם מינדסטן פֿאַרזוך זיך ווידער צו טרעפֿן, ווידער צו פֿאַרברענגען אַ טאָג צוזאַמען.

פֿרעד איז געווען אַ מיטגליד אין אַ געוויסער פֿראַטערנאַלער געזעל־שאַפֿט, צו וועלכער זיין פֿאָטער האָט אַמאָל נאָך באַלאַנגט. דער אָנקל רודאָלף איז געווען דאָרטן איינער פֿון די פֿירער. פֿרעד פֿלעגט זעלטן באַזוכן זייערע פֿאַרזאַמלונגען. בלויז איין מאָל אין דריי חדשים, ווען ער פֿלעגט דאַרפֿן מאַכן זיין מיטגליד אָפּצאָל, פֿלעגט ער דאָרטן פֿאַרברענגען אַ פּאָר שעה, טרינקענדיק אַ גלאָז ביר מיט די אַלטע פֿריינט, מיט וועלכע ער איז צו־זאַמען אויסגעוואַקסן.

און... אָט צו יענער צייט, ווען איבער דער גאָרער וועלט האָבן זיך באַוויזן די שרעקלעכע, שוואַרץ־ברוינע, געשפּענסטן פון נאַציזם און פאַשיזם, בפרט נאָך, ווען היטלער האָט אין יאָר 1933 איינגעשטעלט זיין ווילדע ממשלה, צוערשט איבער דייטשלאַנד, דערנאָך איבער היפשע טיילן פון דער וועלט — האָט אויך די זון פון גליק גענומען פאַרגיין פאַר אונדזער, ביז איצט, גליקלעכן פּאָרל.

די געזעלשאַפט, צו וועלכער פרעד האָט באַלאַנגט, האָט צוערשט אָפן, און שפּעטער, ווען אַמעריקע איז אַריין אין קריג קעגן דייטשלאַנד, פאַררעטעריש געהיים, זיך געשטעלט אין דינסט פונעם „פירער״ — האָט, ווייזט אויס, אויך אים, פרעדן, אַריינגעצויגן אין זייערע מוטנע וואַסערן. פרעד, וועלכער פלעגט, ביז יענער צייט, גלייך פון דער אַרבעט קומען אַהיים, האָט גענומען וואָס ווייטער, אַלץ אָפטער, אַהיים קומען שפּעט ביינאַכט, שטענדיק אַ פאַרטראַכטער, אַ געהיימניספולער. דער תירוץ איז געווען, אַז זיין געזעלשאַפט לעבט איצט איבער אַ שווערע צייט און ער האָט געמוזט אָננעמען דעם אַמט פון סעקרעטאַר און אַז אַלס אַזעלכער מוז ער באַזוכן אַלע פאַרזאַמלונגען און... אין אַזאַ שווערע צייט ווי די וועלט לעבט איצט איבער, מוז ער טאָן זיין... פאַטריאָטישע פליכט.

ער פלעגט דערביי קיינמאָל ניט קלאָר מאַכן צו וועמען ער פילט אויס זיין פאַטריאָטישע פליכט: צום „פירער״, אָדער צו אַמעריקע.

און ווען בערטאַ איז אַ פּאָר מאָל צוגעשטאַנען צו אים און געבעטן אים צו מאַכן קלאָרער פאַר איר אין וואָס זיין אַרבעט באַשטייט, האָט ער זיך צעשריגן, אַז מען לאָזט אים אין זיין אייגענער היים קיין רו ניט האָבן און איז אַ בייזער אַוועק פון הויז.

בערטאַ האָט אַ פאַרגאַפטע, אַ טויט דערשראָקענע, אים נאָכגעקוקט. זי האָט נאָך ביז איצט אַזעלכעס ניט דורכגעלעבט. „וואָס איז עס געשען מיט אים?״, האָט זי מיט טרערן אין די אויגן געטראַכט. „וואָס קען עס פאָרט זיין?... אפשר האָט ער זיך פאַרליבט אין אַ צווייטער פרוי?... ניין, ניין...״, האָט זי געטריבן דעם געדאַנק פון זיך, „עס קאָן ניט זיין. ער וואָלט זי ניט גענאַרט... ער וואָלט זיך ערלעך דורכגערעדט מיט איר... זי וואָלט אים געלאָזט גיין... ניין, ניט דאָס... אָבער וואָס איז פאָרט מיט אים געשען?״

ווי אַ קינד, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ געדיכטן וואַלד, אַזוי האָט זי זיך געפּלאָנטערט אין דער נעץ פון אירע ווייטאָקן און געדאַנקען.

זי האָט אים אויפגעהערט צו שטעלן פראַגעס און גענומען זיך צוקוקן צו זיינע האַנדלונגען.

זי האָט אינגיכן באַמערקט, אַז אַהיים קומענדיק ביינאַכט פון זיינע

„סאָסייעטי" מיטינגען, ברענגט ער אָפּט מיט היפּשע פּעקלעך, וועלכע ער פאַרשליסט אין די שיפלאָדן פון זיין שרייב־טיש. אָט־די שיפלאָדן זיינען אַלע יאָרן פריער געשטאַנען אָפן. און איין מאָל אין אַן אָוונט, אָוועקלייגנדיק די קינדער שלאָפן, האָט זי דורכגעקוקט די שיפלאָדן און געפינענדיק איינעם פון זיי אָפן, האָט זי אַרויסגענומען פון דאָרטן צוויי פּעקלעך און זיי געעפנט.

אין ערשטן זיינען געווען דייטשע ציַיטונגען און בראָשורן, געדרוקטע, אַממערסטן, אין בערלין, מינכען אָדער נירעמבורג. בערטאַ האָט קיין דייטש ניט געקענט און זיך וויניק וואָס פאַנאַנדערגעקליבן אין זייער אינהאַלט. עס האָבן זיך דאָרטן אויך געפונען עטלעכע בראָשורקעס אויף ענגליש, פולע מיט לויב־געזאַנגען פאַרן גרויסן „פירער" — פאַר היטלערן, וועלכן גאָט אַליין האָט צוגעשיקט דער ליידנדיקער מענטשהייט און וועלכער וועט ראַטעווען די וועלט פון אַלע יידן. דאָס צווייטע פּעקל איז באַשטאַנען אויסשליסלעך פון פיר און אַכט זייטנדיקע ענגלישע בראָשורן און ציַיטונגלעך, געדרוקטע אין פאַרשיידענע שטעט אין אַמעריקע גופא. בערטאַ האָט קיינמאָל פריער ניט געהערט פון אַזעלכע ציַיטונגס־נעמען ווי: „דער וויסער קעמפּער", „דער ראָל־קאָל", „דער יענקי פריי־מאַן", „דער פרייער אַמעריקאַנער" און אַזוי ווייטער. דאָ האָבן זיך אויך געפונען אַ צאָל פרישינקע נומערן פון פאָטער קאָגלינס ציַיטונגל „סאָציאַלע גערעכטיקייט", וואו יעדע שורה איז געווען איבערגעפילט מיט יידן־האָס.

וואָס מער בערטאַ האָט זיך באַקאַנט מיט אָט דער ליטעראַטור, אַלץ שטאַרקער האָט איר פאַרכאַפּט דעם אָטעם. זי האָט זיך געריבן די אויגן און געטראַכט, אַז אַלץ קומט פאַר אין אַ חלום: „גאָט אין הימל, ווי קענען מענטשן פאַלן אַזוי נידעריק און שרייבן אַזעלכע נידערטרעכטיקע ליגנס?... ווי שווידערלעך זיי באַשמוצן עס אַמעריקע, בפרט דעם פּרעזידענט רוזוועלט, וועלכן זיי רופן מיטן נאָמען „ראָזענפעלד־רוזוועלט", ווייל ער איז אַ האַלבער ייד און האָט איבערגעגעבן דאָס גאַנצע לאַנד אין רשות פון די בלוט־דורשטיקע, געלט־גייציקע, פאַררעטערישע יידן..."

בערטאַ האָט געפילט, אַז דער מאַרך אירער ברענט און וועט, דאַכט זיך, באַלד עקספּלאָדירן: „ווי קען עס זיין", האָט זי געטראַכט, „ווי איז עס מעגלעך, אַז איר גוטמוטיקער, פרידענקענדיקער פרעד זאָל זיך, און אויך אַנדערע, שפּייזן מיט אַזאַ שווידערלעכן אָפּפאַל?..."

ווי אַ ווילדע, נאָר־וואָס געכאַפּטע חיה, האָט זי געשפּאַנט איבערן צימער, געבראָכן די הענט, געשטיקט אין זיך אַ געוויין, אַ ווילדן געשריי און ענדלעך, שטייענדיק פאַר די בעטלעך פון ביידע קינדער, אָנגענומען אַ פעסטן באַשלוס, אַז היינט מוז נעמען אַ סוף צו איר שווייגעניש, אַז היינט, ווי שפּעט ער זאָל זיך ניט אומקערן פון זיין געזעלשאַפט, מוז געשליכטעט

ווערן די פראַגע, וואו זיי ביידע שטייען, און וואָס עס זאָל דערנאָך ניט געשען, וועט אַלץ בעסער און לייכטער זיין ווי אָט־דער שוידערלעכער „איצט".

אַרום דריי אַזייגער ביינאַכט איז פרעד שטיל אַריין אין הויז און דער־זעענדיק זי זיצן אַ וואַכע, אַן אָנגעשטרענגטע אין ווייכן שטול, ווי אויך די פּעקלעך ליטעראַטור, ברייט צעלייגטע, אויפן בעט, האָט ער פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז געשען און וואָס עס וועט באַלד פּאַסירן. ער האָט פאַררויכערט אַ סיגאַרעט און שווייגנדיק געקוקט אויף איר מיט זיינע בלויע, איצט ווייט ניט קיין הימלעכע, אויגן. געקוקט און געוואַרט.

נאָך אַ ווײַלע שוויגן האָט זי מיט דער האַנט אים אָנגעוויזן אויפן בעט און שטיל, באַר פעסט, אָנגעהויבן צו רעדן:

— זעסט, פרעד, אָט דאָס ביסל גייסטיקע שמוץ, האָב איך היינט אַרויס־גענומען פון דיינעם אַ שיפלאַד, עס דורכגעלייענט און מיר מוזן היינט, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, זיך דורכריידן און באַשליסן וואו מיר שטייען... וועסט שוין מער ניט אָפּקומען מיטן בייזערן זיך און מיטן אַוועקלויפן פון הויז!...

ער האָט אַ שנעלן קוק געטאָן אויף איר אַנטשלאָסענעם פּנים, איז דורכ־געגאַנגען דעם צימער און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— אפשר וואָלטן מיר עס אָפּגעלייגט אויף מאָרגן אין דער פרי?... ס'איז שוין נאָך דריי...

אירע אויגן האָבן אַ ברען געטאָן און זי האָט זיך האַסטיק אויפגעהויבן פון דער קרעסלע:

— ניין!... אָט גלייך אַצינד וועלן מיר זיך דורכרעדן... כ'האָב עס שוין אַזוי אויך צו לאַנג אָפּגעלייגט. אויב דו האָסט פאַר זיי, דאָרטן, געהאַט גענוג צייט פון זעקס אַזייגער פאַרנאַכט ביז דריי אין דער פרי, קענסטו פאַר מיר אָפּגעבן איין האַלבע שעה... כ'דענק ס'וועט זיין איבערגענוג.

ער איז ווידער דורכגעגאַנגען דעם צימער, אַראָפּגענומען דעם הוט און פאַרזיכטיק אים אויפגעהאַנגען אויף זיין שטענדיקן פּלאַץ, פאַררויכערט און שטיין געבליבן:

— וועל... וואָס ווילסטו וויסן?

זי האָט זיך איינגעקוקט אין זיין פּנים און אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף דער „ליטעראַטור":

— ווי קומט עס צו דיר?... צו אונדז אין הויז?!

ער האָט אַ קרומען שמייכל געטאָן, אָפּגעקערט די אויגן און גענומען אָנצינדן דעם ניט־פאַרלאָשענעם סיגאַרעט. אַזוי פאַררויכערנדיק, האָט ער מיט אַ געמאַכטער רואיקייט, האַלב גערעדט, האַלב געשטאַמלט:

— דו, טייערינקע, האָסט, ווייזט אויס, פאַרגעסן, אַז נאָך אַלעמען, בין

איך... ניט קיין פראַנצויז, ניט קיין ענגלענדער, ניט קיין ייד. כ׳בין פּאַרט אַ דייטש...

אין דעם וואָרט „טייערינקע" האָט זי דערפילט אַ טיף באַהאַלטענע איראָניע, אַ לייכט פאַרדעקטע גרינגשאַצונג. איר האָט זיך געדאַכט, אַז יעדער בוכשטאַב פון אָט דעם וואָרט „טייערינקע" איז ווי אַ ווייכער קלעפּיקער רינג פון אַ וואָרעם, וואָס גליטשט זיך איבער איר וואַרעמען האַלדז... „טייערינקע"... זי האָט אַזש אַ ציטער געטאָן מיטן גאַנצן לייב.

זי האָט געקוקט אויף אים און אים ניט דערקענט. ניין, דאָס איז ניט איר פרעד, אָט דער חוצפּהדיקער, ברוטאַלער, צוויי־פּנימדיקער מענטש. מיט איר מאַן, מיט איר פרעדן, איז אַן אומגליק געשען, מען האָט אים פאַרביטן, פאַרגיפטעט.

זי האָט געפילט ווי אין איר מוח ציבדן זיך אַן צענדליקער פייערלעך, צעברענען זיך וואָס אַמאָל אַלץ העלער, ווערן אַלץ גרעסער, שרפהדיקער און ווען זיי, אָט די אַלע פייערלעך, וועלן זיך פאַראייניקן, וועט צוזאַמען מיט איר מאַרך זיך אויך אָנציבדן די גאַנצע וועלט. האָט זי מיט אַלע כוחות געקעמפט קעגן אָט דעם פייערדיקן שטראָם, וואָס האָט אין זיך געטראָגן פאַרוויסטונג פון איר, ביז איצט, אַזאַ וואונדערלעך שיינעם לעבן.

ער האָט גרינגשעצנדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— וואָס ווייסטו וואָס עס קומט איצט פאָר אויף דער וועלט! וואָס פאַראַ וואונדערלעכן, גאָר אַ נייעם, אויסזען זי וועט איינגיכן אָננעמען! — ער האָט ווי פאַרלוירן דעם קאָנטראָל איבער זיך און מיט באַגייסטערונג פאַרגעזעצט: — דו וואָלסט באַדאַרפט איבערלייענען היטלערס בוך „מיין קאַמף", זיך באַקענען מיט אַלפרעד ראָזענבערגס פילאָזאָפישע טראַקטאַטן, הערן די רעדעס פונעם גרעסטן, פון אונדזער צייט רעדנער — הער געבעלסן... דו וואָלסט דאַן, אפשר...,— ער האָט זיך מיטאַמאָל אַליין ווי אָפּגעהאַקט, איז אַנטשוויגן געוואָרן און, איילנדיק זיך, גענומען פאַררויכערן אַ סיגאַרעטל...

בערטאַ האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס האַרץ אירס האָט זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט, אַז אַלץ אַרום איז מיטאַמאָל פאַרזונקען געוואָרן אין אַ טויטער שטילקייט, פון וועלכער עס הילכט אַרויס איר אייגן, איצט כמעט ווי פרעמד, קול:

— דאָס מיינט, אַז דו, פרעד האָפנער, דער פריערדיקער פריידענקער און אָנערקענער פון גלייכע רעכט פון אַלע פעלקער, האָסט איצט אונטערגעשריבן דיין פולן נאָמען אונטער די טעזיסן פון דעם אומוויסנדיקן, מעגלעך גייסטיק קראַנקן, „קאַרפּאַראַל" — דעם „פיורער" אייערן, מיט זיין באַנדע בלוט־מאַניאַקן, מערדער און רויבער?!... דורך דער האַלבער נאַכט וואָס איך האָב היינט געוואַרט אויף דיר, האָב איך דורכגעלייענט אַ היפּש

ביסל פון אָט־דעם ליגנערישן שמוץ, — זי האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויפן בעט, — און כ׳האָב אויפגעכאַפּט אַ צאָל פון די הויך־פּונקטן ווי אַזוי איר פלאַנירט אויפצובויען אייער נייעם „דריטן רייך", אַמווייניקסטן אויף טויזנט יאָר... טויזנט יאָר הערשאַפט פון אַ הערשער־ראַסע, פון ריין־בלוטיקע אַריער איבער אַ פאַרשקלאַפטער, האַלב־פאַרניכטעטער וועלט... צוערשט, לויט אייער נידערטרעכטיק־בלוטיקן פּלאַן, וועט איר מוזן באַזיגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, דערנאָך פאַרכאַפּן דעם גאַנצן מזרח, אויסקוילן אַלע סלאַוון און יידן... און אַזוי לאַנג פאָרזעצן אייער גאַנג פון מאָרדן, פאַר־ברענען און פאַרניכטונג פון יעדן פאָלק, צאַפּן בלוט און שקלאַפן־אַרבעט פון דער גאַנצער מענטשהייט ביז, ענדלעך, איר וועט איינשטעלן איין הער־שער־אַריער פאָלק, איין דריטן רייך און איין פירער... אויסגעצייכנט, פריד־ריך האַפנער! אָבער איין פראַגע מאַטערט מיך: כ׳בין זיכער, אַז מיך, אַריינגערעכנט אויך מיין משפחה, וועסטו אומברענגען צוזאַמען מיט מיין פאָלק, אָבער וואָס וועסטו טאָן מיט דיינע צוויי האַלב־יידישע קינדער?... ווי אַזוי וועסטו אויסמעקן פון זייער זכרון זייער פאַרבינדונג מיטן יידישן פאָלק?... ווי אַזוי וועסטו אויסברענען דעם טייל יידיש בלוט פון זייערע אָדערן?!

ער האָט געקוקט אויף איר מיט פאַרשטעלטע, בייז־פינקלענדיקע אויגן, צוויי מאָל געעפנט דעם מויל, וועלנדיק איר עפּעס ענטפערן, אָבערביידע מאָל זיך צוריקגעהאַלטן. דערנאָך האָט ער דעמאָנסטראַטיוו זיך אָפּגעקערט און ווידער גענומען פאַררויכערן דעם ניט־פאַרלאָשענעם סיגאַרעט.

פאַר איר איז איצט אַלץ קלאָר געווען: איר שיינע וועלט איז געלעגן אַ צעשמעטערטע, אַ באַשמוצטע, אין רואינען, אַרום איר. עס האָט איר גענומען קרעמפן אין האַלדז און דאָס מויל אירס האָט קאָנוואולסיוו זיך גענומען צוזאַמענציען. זי האָט דערפילט אַ שאַרפן וואונטש אים אַ שפּיי טאָן אין פנים אַריין. האָט זיך שוין געהאַט אפילו אַ בויג געטאָן אויף פאָר־אויס, אָבער עפּעס האָט זי צוריקגעהאַלטן. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן אויף די הענט די שלאָפנדיקע זינא, זי איינגעטוליעט אין דער קאָלדרע, און שטייענ־דיק אויפן שוועל פון צווייטן צימער, וואו הערשל איז געשלאָפן, אים ווי אַ וואָרף געטאָן אין פנים די ווערטער:

— ס׳איז היינט די לעצטע נאַכט וואָס דו שלאָפסט דאָ!... פאַרנעם דיין שמוץ און קום ניט מער אַהער!...

צוזאַמענעמענדיק די פּאַפּירן פון בעט, האָט ער איר נאָכגעשריגן:

— דו קענסט מיר ניט פאַרבאָטן צו קומען זיך צו זען מיט די קינדער!

זי האָט אַוועקגעלייגט זינאן אויפן בעט און צוריקקומענדיק צו דער טיר, אים מיט פאַראַכטונג געענטפערט:

— אַ נאַצי, אַ שונא פון מיין פאָלק און פון אַמעריקע — קען קיין שום שייכות ניט האָבן מיט מיינע יידישע קינדער!... ניט האָפנער, נאָר בורג וועט פון היינט אָן זיין זייער צווייטער נאָמען!... הערשל און זיבאַ בורג!

זי האָט פאַרשלאָסן אונטער זיך די טיר.

זי האָט פאַרזיכטיק איינגעדעקט די קינדער און איז מיטאַמאָל צוגעפאַלן צו זיי מיט אַ היסטערישן געוויין. און וויינענדיק האָט זי זיך ביי זיי שטיל געבעטן:

— הערשל, זינאָטשקע... קינדער מיינע, טייערע... ראַטעוועט מיך... ראַטעוועט!... כ'פאַרליר מיין פאַרשטאַנד!... — און אין מוח האָבן שטיל אָפּגעקלונגען דעם פאָטערס ווערטער: „ביילקע, טאָכטער מיינע... דער בחור געפעלט מיר, פונקט... ווי דיר. דו ווייסט, כ'בין ניט קיין פאַנאַטי־קער און ניט פאַר זיין קריסטלעכקייט האָב איך מורא. אָבער... אין דער איצטיקער מענטשהייט איז נאָך צופיל רוי פלייש פאַראַן... עס וועט מעג־לעך נאָך קומען אַמאָל אַ צייט, ווען ס'וועט ניט זיין מער קיין קריסט און קיין ייד, אָבער... דערווייל האַלטן מיר נאָך ווייט ניט דערביי... ער איז אַן אויסנאַם — זאָגסטו? מעגלעך. גאַנץ מעגלעך. איך וואָלט אָבער ניט געוואָלט, אַז מיין טאָכטער זאָל ריזיקירן מיט איר איינציקן לעבן... אפשר... מיט איר איינציקן גליק".

טרערן האָבן זיך געגאָסן איבער אירע באַקן. זי האָט איינגעפּרעסט דעם פנים אין קישן און געגומען שטיל איבערחזרן פאַר זיך:

— עס קומט דיר, ביילקע, אַזוי... עס קומט דיר... עס קומט דיר!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אָט אַזוי גרויזאַם, ווי נאָר דאָס לעבן קען אַמאָל זיין, האָט זיך אי־בערגעריסן די גאָלדענע שנור פון בערטאַס גליק און זי האָט אין די חורבות פון איר זוניקן לעבן זיך גענומען קייקלען באַרג אַראָפּ. זי וואָלט עס זיכער ניט געווען אויסגעהאַלטן, ווען ניט איר אָנשפּאַר אויף דער משפחה און אויף די צוויי קינדער, וועמען זי האָט אָפן אַלץ דערציילט, יעדן לויט זיין עלטער, לויט זייער מעגלעכקייט צו באַגרייפן דאָס געשעענע.

דורכן טעלעפאָן האָט זי אָפּגעמאַכט מיט פרעדן, אַז ער קען קומען זען די קינדער יעדן זונטיק אין דער פרי, פון צען ביז צוועלף. זי האָט דערביי אונטערגעשטראָכן, אַז אַרויסנעמען זיי פון הויז — וועט זי ניט דערלויבן. זי האָט זיך אויך באַוואָרנט, אַז אין דער צייט פון זיין באַזוך, זאָל אין צווייטן צימער, אַחוץ איר אַליין, זיך אויך געפינען די שוועסטער פוירל מיטן מאַן דודן — אַ הויכן, געזונטן יונג, מיט צוויי אייזערנע פויסטן.

— דו גלויבסט מיר ניט, בערטאַ? — האָט פרעד איר פאַרגעוואָרפן, קומענדיק דעם ערשטן זונטיק זען די קינדער און געפינענדיק דאָרטן אויך די שוועגערין מיטן שוואָגער.

— זיכער ניט! — האָט זי אים קורץ און טרוקן געענטפערט, — דו, אויף מיין אָרט, וואָלסט מיר זיכער נאָך ווייניקער געגלויבט.

די קינדער האָבן זיך באַצויגן צו אים זייער קאַלט, מיט אַן איבערגעטריבענער העפלעכקייט, וואָס איז זיי, ווייזט אויס, אָנגעקומען ניט גרינג און מיט ניט גלויבן צוגענומען פון אים די געבראַכטע מתנות. אָבער אויף זיין פאָרשלאָג צו גיין מיט אים אויף אַ שפּאַציר, האָבן זיי זיך ביידע אָנטשלאָסן, און ווי מיט אַ געפיל פון שרעק, פעסט אָפּגעזאָגט.

פיר מאָל, אין פיר זונטיקס, איז ער געקומען זיי זען. דעם ערשטן זונטיק האָט ער, דורכן יינגל, איבערגעגעבן בערטאָן פּופציק דאָלער אויף הוצאות. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען דאָס געלט. אים קאַלט באַדאַנקט און געזאָגט, אַז זי האָט שוין צוריקגעקראָגן די אַלטע שטעלע אין דער פוטער־פאַבריק און נויטיקט זיך ניט אין קיינעמס הילף.

ביי זיין לעצטן, דעם פערטן באַזוך, איז ער באַשטאַנען און אויך, טיילווייז, מיט כוח געוואָלט צווינגען הערשלען זיך דורכגיין מיט אים אין גאַס. בערטאַ האָט אַרויסגעריסן דאָס וויינענדיקע יינגל פון זיינע הענט און די שוועסטער פּוירל מיטן שוואָגער זיינען אַרויס פונעם צווייטן צימער. דוד האָט געהאַלטן אַ היפּשן שטיק אייזן אין די הענט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט נעבן דער טיר, זי ברייט צעעפנט און, ניט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט, אָנגעוויזן פרעדן אויפן אַרויסגאַנג.

אַרויסגייענדיק האָט פרעד געוואָרפן אויף אַלעמען אַ בייזן בליק און אַ זאָג געטאָן:

— וואָרט... מיר'ן זיך נאָך אָפּרעכענען מיט אייך!

— גיי, פאַרדאַמטער נאַצי, און ווער דערוואָרגן! — האָט אים פּוירל נאָכגעשריגן.

נאָך אַט־דער פּאַסירונג האָט בערטאַ אַכט וואָכן געהאַלטן ביידע קינדער ביי אַ וויטער קוזינע אין בראָנזוויל און אַליין געלעבט אין שטענדיקן טויטשרעק. פרעד האָט זיך שוין אָבער מער ניט באַוויזן. און ווען דער שוואָגער האָט איין מאָל אָפּגערופן די באַן־קאָמפּאַני, ביי וועלכער פרעד האָט געאַרבעט און זיך נאָכגעפרעגט אויף אים, האָט מען אים געענטפערט, אַז דער אינזשעניר פריץ האָפנער האָט פאַרלאָזן די שטעלע נאָך מיט זעקס וואָכן צוריק און געמאָלדן, אַז ער פאָרט אויף אַ רייזע קיין איראָפּע.

— דאָס איז ער אַוועק זיך צו שטעלן אין דינסט צו היטלערן! — האָט דער שוואָגער געענטפערט און אויפגעהאַנגען דאָס טרייבל.

בערטאַ האָט דאַן צוריקגעבראַכט די קינדער אַהיים און זייער לעבן האָט זיך, ביסלעכווייז, איינגעשטעלט. — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיט אַ דריי חדשים שפּעטער, האָט זי איין מאָל געקראָגן אַ קליין פּעקל פון בערלין. אויפן קאָנווערט, נאָך איר נאָמען, זיינען געשטאַנען די נעמען פון ביידע קינדער. אין פּעקל האָט זי געפונען עטלעכע טוצן פּאָסט־קאַרדס, איין העלפט — פון וועלכע, באַפּוצט מיט פאַרביקע, גאָלד־געשטיקטע, בלומען — זיינען געווען פאַר זינאַן, די צווייטע פאַר הערשלען, און ביידע האָבן זיי געוויזן פאַרשיידענע סצענעס פונעם לעבן פון דער היטלער־יוגנט.

נאָך דעם זעלבן טאָג האָט זי געוויזן די קינדער דעם טאַטנס מתנות, זיך דורכגעשמועסט מיט זיי און אַלע האָבן צוזאַמען פאַרברענט די קאַרטלעך. מיט זעקס חדשים שפּעטער, נאָך דעם ווי די זיגרייכע נאַצי־אַרמייען האָבן אַריינגעמאַרשירט קיין פּאַריז, איז ווידער אָנגעקומען, דעם מאָל, שוין אַ היפּש פּעקל, פאַר די קינדער: פאַר זינאַן — אַ פאַרביק שנירל מיט קרעלן, אַ געשטריקטן, בלויען האַנט־בייטל, מיט אַ צאָל פאַרשיידענע פראַנצויזישע מטבעות, אַ טוץ ריין־לייוונטענע נאָז־טיכעלעך און אַ בלויען, זיידענעם שאַל, מיטן „עיפעל־טורעם" — אינדערמיט; פאַר הערשלען — האָט זיך אין פּעקל געפונען: אַ לעדערנער בייטל מיט פראַנצויזישע מטבעות און פיר פיינע מאָדעלן, צוויי פון דייטשע טאַנקען און צוויי פון שלאַכט־עראָפּלאַנען, — אַלע באַפּוצטע מיט סוואַסטיקעס. צו אַ פליגל פון איינעם פון די עראָ־פּלאַנען איז געווען צוגעפּעסטיקט אַ קורץ צעטל: — מיין „טייערע" בערטאַ! — (דאָס וואָרט טייערע — אין געגדזן־פיסלעך) — דו ווייסט זיכער, פון די צייטונגען, אַז אונדזערע געשעפטן גייען אויסגעצייכנט גוט. די הויפּט־שטעט פון גאַנץ אייראָפּע זיינען שוין אין אונדזערע הענט און ס'וועט ניט נעמען לאַנג און לאָנדאָן, צוזאַמען מיט וואַשינגטאָן — וועלן צוגעשריבן ווערן צום צעטל... אַזוי, אַז מיר'ן זיך ווידער טרעפן און דעם מאָל וועט מיך שוין דיין לויזיקער שוואָגער זיכער ניט אַרויסיאָגן פון הויז, ווען כ'וועל קומען פאַרנעמען מיינע קינדער מיט זיך... אַזוי צי אַנדערש, מיט אים וועל איך זיך שוין אָפּרעכענען.. מעגסט עס אים זאָגן. הייסט עס, צום ווידער־זען, איך האָף, גאָר אינגיכן... דיין „אייביק געטרייער" — פרעד.

בערטאַ האָט פאַר די קינדער געעפנט דעם פּעקל, צעלייגט פאַר זיי די צוגעשיקטע זאַכן און איבערגעלייענט דאָס בריוול. אַ היפּשע ווילע האָט אין צימער געהערשט אַ שטילקייט. זינאַ האָט אָנגעשטרענגט געקוקט אויף אירע מתנות, האָט פאָרזיכטיק באַטאַפּט יעדע זאַך, עס געהאַלטן אַ ווילע אין די הענט, אָבער אירע פינגער האָבן זיך יעדעס מאָל מאַכטלאָז צענומען און די זאַכן זיינען געפאַלן צוריק אויפן פּאַפּיר, אין וועלכן זיי זיינען אָנ־געקומען.

ענדלעך האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן:

— דו ווייסט, מאַ, מיר דאַכט זיך, אַז ווען איך קום אין מיין „היי־סקול"

מיט אַט־די קרעלן און שאַל אויפן האַלדז, וואָלטן אַלע קינדער גלייך דער־קענט, אַז איך בין אַ ליגנערטע, אַז מיין פאָטער איז ניט געשטאָרבן, ווי כ׳האָב זיי דערציילט, נאָר געפינט זיך ביי היטלערן און וויל איצט פאַרכאַפּן אויך אונדזער אַמעריקע און אויסמאָרדן אַלע יידן...

טרערן האָבן אָפּגעקלונגען אין איר קול.

און הערשל האָט, אין אַן אויפברויז פון כעס, אַ כאַפּ געטאָן זיינע מתנות, זיי אַ שליידער געטאָן אויפן דיל, זיי געגנומען טרעטן מיט די פיס און מיט אַ ציטערדיקן קול, אַנגעזאַפּט מיט טרערן, האָט ער דערביי געהאַלטן אין איין איבערחזרן, ווי צו זיך אַליין:

— אָ, איר גאָט פאַרדאַמטע!... איר, לויזיקע הינט!... שמוציקע, לויזיקע הינט!... — און דער מוטער האָט ער, שוין מיט אַ פעסטן טאָן, אַ זאָג געטאָן: — מאַ, קומענדיקן יאָר, גלייך ווי איך ענדיק נאָר מיין „היי־סקול״ טרעט איך באַלד אַריין אין דער אַרמיי!

שווייגנדיק, האָט בערטאַ אויפגעהויבן פון דיל און אַריינגעלייגט אין פּאַפּיר די האַלב־צעדריקטע טאַנקען מיט די עראָפּלאַנען, צוריק איינגעפּאַקט די זאַכן, פאַרזיכטיק אַראָפּגעריסן דעם אַדרעס און האַלב אַ פרעג, האַלב אַ זאָג געטאָן, קוקנדיק צו די קינדער:

— אין „אינסינירייטער״?! שטימט איר איין?!

ביידע קינדער האָבן, צושטימיק, אַנגעבויגן די קעפּ.

הערשל האָט אַ נעם געטאָן דאָס פּעקל און אַלע דריי זיינען זיי אַרויס אין פאָר־הויז. זינא האָט ברייט צעעפנט דאָס טירל פון הויז־אויוון און גע־האָלפן דעם ברודער טיפער אַריינצושטופּן דאָס פּעקל אין צעעפנטן טירל. און ערשט ווען ס׳האָט זיך פון אונטן דערטראָגן דער קלאַפּ פונעם אַראָפּגע־פאַלענעם פּעקל, האָט זינא פעסט פאַרהאַקט דאָס טירל און אַלע האָבן טיף אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם.

— און איצט קומט, קינדער, אין הויז און... לאָמיר זיך גוט אָפּ־וואַשן די הענט, — האָט בערטאַ שטיל אַ זאָג געטאָן, שלינגענדיק די טרערן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — און בערטאַ ליגט נאָך אַלץ אויפן בעט אַ טיף פאַרזונקענע אין אַ האַלבן שלאָף, געמישט מיט אַ באַוואוסטלאָזיקייט און דערינערונגען, איי־נער קאָשמאַרנער פונעם צווייטן, יאָגן זיך אין איר צעהיצטן מאָרך. — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ זוניקער פאַרנאַכט. זי גייט מיט אַ פּעקל אין האַנט אויף דער פינפטער עוועניו, נעבן דער צוויי־און־פערציקסטער גאַס. מיטאַמאָל האָט זי זיך צו־זאַמענגעשטויסן, פּנים צו פּנים, מיט דער געוועזענער טאַנטע, מיט דער פרוי האָפנער. ביידע זיינען זיי שטיין געבליבן, ווי געפּלעפטע. ביי דער

טאַנטעס זייט האָט זיכער געשפּאַנט איר עלטערער ייִנגל — גאָטפריד. פאַר בערטאַן האָט זיך די גאַנצע עוועניו מיטאַמאָל אָ דריי געטאָן, צוזאַמען מיט די געביידעס, מענטשן און אויטאָמאָבילן. אַ ווײַלע האָבן ביידע פרויען גע־שוויגן, קוקנדיק שאַרף איינע אויף דער צווייטער.

— וואָס מאַכסטו עפּעס, בערטאַ? — האָט די טאַנטע אַ פרעג געטאָן די ערשטע, באַהאַלטנדיק אַ איראָניש שמייכעלע אונטער דער היפּשער בראָ־דעוועקע, אין רעכטן ווינקל פון איר מויל.

— אַ דאַנק, מיסעס האָפנער... זייער גוט...

— וואָס מאַכן די קינדער?

— דאָס זעלבע: געזונט, פריילעך...

ביידע האָבן געשוויגן אַ ווײַלע אין פאַרלעגנהייט. די טאַנטע האָט זיך הילכיק אויסגעשנייצט די נאָז און זיך אויסגעהוסט:

— דו פרעגסט גאָרניט וועגן פרעדן? ווילסט גאָרניט וויסן וועגן אים?

— ניין, לחלוטין גאָרניט.

— וואָס? ער אינטערעסירט דיך שוין אינגאַנצן ניט מער?

— איר האָט געטראָפן, מיסעס האָפנער: ער אינטערעסירט מיך אינ־גאַנצן ניט מער...

די טאַנטע האָט אַ קרומען שמייכל געטאָן און אַ בייז פייערל האָט אַ פינקל געטאָן אין אירע אויגן:

— דאָך, בערטאַ, קען איך דיר זאָגן, אַז ער איז געזונט און גליקלעך. ער האָט אַ שטיקל צייט פאַרבראַכט אין אונדזער דייטשלאַנד... — דאָס וואָרט „אונדזער" האָט זי שטאַרק אונטערגעשטראָכן, — און איצט איז ער אין איראָפּע און... טוט זייער, זייער וויכטיקע אַרבעט... — זי האָט מיט שטאָלץ אויפגעהויבן דעם קאָפּ און איר גאַנצער קערפּער האָט זיך אויסגע־צויגן אין אַ מין מיליטערישן פּאָסאָן.

בערטאַ האָט געקוקט אין אַ זייט און ניט געענטפערט.

און די טאַנטע האָט, שנעל און מיט היץ, ווייטער דערציילט:

— און לאָמיר דיר זאָגן, אַז ווען די צייט וועט קומען און... — זי האָט זיך אַזש ווי אַ פאַרבלינע געטאָן — און מיר אַלע האָפן, אַז ס'וועט גע־שען גאַנץ גיך... וועט ער, פרעד, צוריקקומען קיין אַמעריקע... יאָ, בערטאַ, ער וועט צוריקקומען צוזאַמען מיט.. מיט אונדזער גרויסן „פיורער"!...

אַ העלישער פייער האָט זיך אַ טראָג געטאָן איבער בערטאַס לייב, ס'האָט איר אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן און ס'האָט זיך פון איר מויל, ווי קעגן איר אייגענעם ווילן, אַרויסגעריסן דער מאַמעס אַן אויסדרוק אין יידיש און זי האָט אים, גאַנץ הויך, אַ שליידער געטאָן דער טאַנטע אין פּנים אַריין:

— איר וועט עס ניט דערלעבן, מיסעס האָפנער! ניט איר און אויך

ניט קיין איינציקער פון אייערע שמוציקע פאַררעטער צו אונדזער לאַנד!... קיינער פון אייך וועט עס ניט דערלעבן!...

די טאַנטע האָט זיך ווי דערשראָקן פאַר די פאָר יידישע ווערטער, גע־וואָרפן אויף בערטאַן אַ דערשטוינטן בליק און גענומען שנעל אַוועקגיין, מיטשלעפנדיק גאָטפרידן מיט זיך.

דער יינגל האָט אויף שנעל אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף צוריק, אַרויס־געשטעלט בערטאַן אַ צונג און אויסגעשריגן:

— דו שמוציקע יידישקע!

בערטאַ האָט שנעל גענומען גיין אין דער קעגנזייטיקער ריכטונג און איר האָט זיך געדאַכט, אַז עמיצער ברענט איר די פּלייצע און געפילט האָט זי, פּונקט ווי זי וואָלט מיט באָרוועסע פיס געגאַנגען אויף אַן אייז־קאַלטן דיל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'איז געווען אַרום אַכט אַזייגער אינדערפרי, ווען בערטאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט. האַלב־וואַך, נאָך מיט צוגעמאַכטע אויגן, האָט זי געפילט ווי אַ שווערע מאַסע וואָלט געלעגן אויף איר און זי פעסט צוגעדריקט צום בעט. אַלס געוואוינהייט האָט זי אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום אָרט, וואו זינאַ מיט הערשלען האָבן זיך באַדאַרפט געפינען. ביידע קינדער זיינען שוין דאָרטן ניט געווען. די טיר פון קיך איז געווען פאַרמאַכט און פון דאָרטן האָט זיך דערטראָגן אַ שטילער, היציקער געשפּרעך.

— וואָס רייסן זיי זיך דאָרטן גאַנץ פרי שוין אַרום? — האָט זי אַ טראַכט געטאָן, — און צוליב וואָס איז זינקע אויפגעשטאַנען אַזוי פרי? — דאָ האָט זי באַמערקט דאָס ברענענדיקע לעמפּל איבער זיך. — אַפּנים איינ־געשלאָפן און עס פאַרגעסן צו פאַרדרייען. שוין דעם דריטן מאָל היינטיקן חודש.

זי האָט זיך אויפגעזעצט, פאַרלאָשן דעם לאָמפּ און געוואָלט שוין אַראָפּ פון בעט, ווען עפּעס האָט מיטאַמאָל איר ווי אַ שווערן קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ און אין מוח האָט אָפּגעהילכט:

— ער דאַרף היינט קומען! ער, פרעד... פריץ!... עלף אַזייגער דאַרף ער היינט קומען...

זי איז געבליבן זיצן אַ פאַרגליווערטע און הילפלאָז געקוקט אויף דער וואַנט פאַר זיך. אַ שטראָם געדאַנקען האָט זיך אַ ווילדן יאָג געטאָן:

— עלף אַזייגער... צו וואָס? וואָס וויל ער? אפשר די קינדער? זי וועט אים פון הויז אַרויסטרייבן! ער קען איר איצט גאָרניט טאָן: זיין היטלער איז טויט, די נאַציסטישע אַרמייען צעשמעטערט... ער אַליין איז אַ פאַררעטער...

די דעבאַטע אין קיך איז געוואָרן היציקער. זי איז אַראָפּ פון בעט,

אַרויפגעוואָרפן אויף זיך אַ הויז־מאַנטל און אַריין אין קיך. דערזעענדיק די מוטער, זיינעןביידע קינדער גלייך אַנטשוויגן געוואָרן.

— וואָס איז געשען? וואָס רייסט איר זיך אַרום אַזוי פרי?

די קינדער האָבן אָפּגעקערט די קעפּ און געשוויגן.

— וועגן וואָס האָט איר זיך דאָ נאַר־וואָס אַזוי געהיצט? וואָס שווייגט איר?

זינאַ האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער מוטער און געענטפערט די ערשטע:

— מיר האָבן דאָ גערעדט, וואָס מיר זאָלן טאָן, ווען ער... ווען ער וועט קומען...

— איך דענק, אַז מיר דאַרפן ביידע אַוועקגיין פון הויז, — האָט זיך הערשל אָפּגערופן, — דו, מאַמע, וועסט אים שוין אַליין קענען זאָגן וואָס מען דאַרף.

זינאַ איז אויפגעשפּרונגען פון שטול:

— דו דענקסט אַזוי, ווייל דו ביסט אַ גרויסער נאַר! ווייל דו האָסט מורא! מיר טאָרן ניט לאָזן די מוטער מיט אים אַליין. האָסט פאַרגעסן ווער ער איז? עז קען זי נאָך דערהרגענען!

— וואָס ער זאָל ניט זיין, די מאַמע וועט ער ניט וואָגן צו טשעפּען!

— האָט דער יינגל ניט איינגעשטימט.

— מאַכסט אַ טעות! — האָט זיך די קליינע געהיצט, — נאַציס קענען אַלץ טאָן. אפילו הרגענען זייערע אייגענע טאַטע־מאַמע. האָסט פאַרגעסן די בילדער? האָסט פּשוט מורא צו בלייבן אין הויז. איך בלייב!

— ס'אַ ליגן! איך האָב ניט קיין מורא! — האָט זיך הערשל צעהיצט.

— שטענדיק האַלטסטו מיך אין איין באַליידיקן!

בערטאַ האָט אים אַרומגענומען:

באַרואיק זיך, הערשל. זינאַ רעדט אַזוי, ווייל ס'טוט איר וויי, ניט ווייל זי וויל דיך באַליידיקן. איך גלויב דיר. — זי האָט אים אַ קוש געטאָן אין קאָפּ און אַ וואונק געטאָן צו דער טאָכטער ניט צו ריידן מער, — איך דענק, אַז איר דאַרפט ביידע דאָ בלייבן. איר זענט ניט קיין קליינע קינדער. איך קאָן זיך אויף אייך פאַרלאָזן.

— אָבער איך דאַרף דאָך גיין אין מיטל־שול. מיר האָבן היינט עקזאַמענס.

— וועסטו היינט ניט גיין. איך וועל שפּעטער אָפּרופן די שול. די לערער וועלן דיר פאַרגעבן. איצט גיי וואַש זיך אַרום און דו, זינאַ, שטעל־צו קאַפע.

— אַלרייט, מוטער! — האָט די קליינע געענטפערט מיט אַ שיינענדיקן פּנים, — איך טו עס גלייך! — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פופצן מינוט נאָך עלף האָט דאָס גלעקל אַ שטילן קלונג געטאָן. בערטאַ, וועלכע האָט אַ גאַנצן פרימאָרגן ניט אויפגעהערט צו פיבערן, זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען, אויף קיין איינציקן געדאַנק ניט בכוח געווען זיך צו קאָנצענטרירן, באַשליסן וואָס זי זאָל מיט אים רעדן, ווי צו האַנדלען, האָט איצט, דערהערנדיק דאָס גלעקל, מיטאַמאָל זיך באַרואיקט. עפּעס אַ מין קאַלטער געמיט, ענלעך צו אַן אַפּאַטיע, האָט זי אַרומגענומען און געגאַנגען עפענען די טיר איז זי מיט אַ לאַנגזאַמען, געמאָסטענעם שפּאַן און ווי געצײלט די טריט. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט זי אויך געפילט, אַז טיף אין איר, אונטער אָט דעם פאָרהאַנג פון גלייכגילטיקייט, שטייט וועך אויף דער וואַך און קאָנטראָלירט איר יעדע באַוועגונג, היט איר יעדעס וואָרט. און אָט יענער ווייסט אַלץ, און וועט איר אַרויסהעלפן, ווען ס׳וועט נויטיק זיין.

ערשט ביים צווייטן קלונג האָט זי אַרויפגעלייגט איר האַנט אויפן קאַלטן, קיילעכדיקן קנאָפּ פון טיר. פון הערשלס צימער האָבן אַרויסגעקוקט צוויי פּאָר דערשראָקענע אויגן אויף ווייסע פּנימער. איין פּאָר בלויע, די צווייטע שוואַרצע. בערטאַ האָט צו זיי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און זיי זיינען גלייך פאַרשוואונדן. דער קאַלטער קנאָפּ פון טיר האָט זיך ווי צוגעקלעפּט צו איר ציטערנדיקער האַנט און בשום אופן ניט געוואָלט זיך אַ דריי טאָן. אָבער מיטאַמאָל האָט די טיר, ווי פון זיך אַליין, געטאָן זיך אַ צעעפן און... זי האָט אים, פרעדן, דערזען שטיין פון דער צווייטער זייט שוועל. זי האָט שנעל אָפּגעטראָטן אויף צוריק און איז אַריין אין צימער. ער האָט לאַנגזאַם פאַרמאַכט ,הינטער זיך, די טיר און איז איר נאָכגעגאַנגען.

זי איז געבליבן שטיין צוגעשפּאַרט צום טיש, אויטאָמאַטיש אַ נעם געטאָן זינאַס אַ לערן־ביכל אין האַנט, און געוואַרט אויף זיין אַריינקומען. ער איז שטיין געבליבן אויפן שוועל, שנעל אַ יאָג געטאָן זיינע בליקן איבער די ווענט, אַ קוק געטאָן אויף איר און אָפּגעקערט דעם קאָפּ.

אין זיין רעכטער האַנט האָט ער געהאַלטן זיין ברוינע, זייער ספּאָרטישע, הוט און אַ שאַכטל, זעט אויס, מיט שאָקאָלאַד פאַר די קינדער. אין דער לינקער — אַ שניי־ווייס נאָז־טיכל. זיין פּנים האָט זיך ניט זייער פיל געביטן: די אויגן זיינען איצט געזעסן פיל טיפער און די נאָז האָט אויסגעזען היפּשלעך גרעסער. פאַרשוואונדן איז אויך די פריערדיקע געמיטלעכע ליכטיקייט פון זיין פּנים. איר פּלאַץ האָט איצט פאַרנומען עפּעס אַ פלאַכע, ווי אַ גרוילעכע מאַטקייט.

געטראָגן האָט ער אַ שוואַרצן, זעט אויס, אַ נייעם אָנצוג, אַ ווייס העמד מיט אַ העל־גרינעם קראַוואַט. די שיך האָבן פריש געגלאַנצט און אַ העל־גרין טיכל, צוגעפּאַסט צום קראַוואַט, האָט מיט דריי גלייכע שפּיצן אַרויס־

געקוקט פון דער איבערשטער קעשענקע פון זיין רעקל.

בערטא האט צוערשט געווארפן אויף אים א ניט זיכערן בליק, אבער גלייך דערפילט זיין שרעק, זיינע פרואוון אויסצומיידן אירע אויגן און דאס האט זי אנגעפילט מיט א מין זיכערקייט, געמישט מיט א מין מאדנע פרייד, אז זי האט פאר אים ניט וואס מורא צו האבן; אז דאס וויכטיקסטע וואס זי דארף אים זאגן איז, אז ער זאל וואס שנעלער אוועק פון דאנען און זיך קיינמאל מער ניט באווייזן ניט אין איר לעבן, ווי אויך ניט אין די לעבנס פון די קינדער. אט דאס דארף זי און אט דאס וועט זי אים איצט זאגן.

ניט אפווענדנדיק איר בליק פון זיין פנים, האט זי אים אנגעוויזן אויף א שטול:

— זיץ!

ער האט זיך, ווייזט אויס, דערפרייט מיט איר איינלאדונג. ער האט זיך אוועקגעזעצט, ניט פארגעסנדיק דערביי, פארזיכטיק, ארויפצוציען די הויזן, כדי ניט א תל צו מאכן די איינגעפרעסטע קנייטשן. ער האט אין דער זעלבער צייט אויך טיף אפגעזיפצט און א שנעלן וויש געטאן מיטן טיכל די אויגן.

— ער שפילט טעאטער... — האט בערטא א טראכט געטאן מיט ווייטיק. — גאט, ווי נידעריק מענטשן קענען פאלן!... — און מיט יעדער רגע, וואס לענגער זי האט געקוקט אויף אים, אויף זיינע אויסגעפרעסטע הויזן, אויפן פערפעקט אויסגעבונדענעם גרינעם קראוואט מיטן צוגעפאסטן גרינעם דריי־שפיציקן טיכעלע אין דער קעשענקע פון זיין רעקל, — אלץ קלארער איז פאר איר געווארן, אז אט דער מאן, וואס זיצט איצט אנטקעגן איר, איז ניט נאר א ווילד פרעמדער, נאר איז אויך אירער און אירע קינדערס א געפערלעכער שונא, פון וועלכן מען מוז, וואס שנעלער פטור ווערן.

— וועל?! — האט זי מיט אן איינגעהאלטענעם געדולד, ענדלעך, א זאג געטאן.

ער האט לאנגזאם אויפגעהויבן דעם קאפ, טיף אפגעזיפצט, ווידער א וויש געטאן מיטן טיכל די אויגן און גאר שטיל א זאג געטאן:

— כ'האב נעכטן אוונט... דא נעבן הויז... זיך געזען מיט... מיט הערשלען...

— כ'ווייס. ער האט מיר דערציילט וועגן דעם.

— וואס מאכט... זינא?... מיין קליינע, זיסע מיידל?

— זי איז אלרייט. וואס ווייטער?

א קליינע פאזע. ער האט ווידער אויסגעווישט די אויגן:

— כ׳בין דאָ פון צען אַזייגער אָן... אַלץ געזוכט דעם נאָמען... ביי די גלעקלעך.

— וואָס פאַראַ נאָמען? — האָט זי אים שנעל אַ וואָרף געטאָן די ווער־טער צוריק, — אפשר האָפנער?!

— יאָ. ווי אַנדערש?

— ניטאָ מער אַזאַ נאָמען ניט פאַר מיר, ניט פאַר מיינע קינדער! — האָט זי שאַרף אָפּגעענטפערט.

ער האָט געקוקט אויף איר אַביסל צעמישט, ניט פאַרשטייענדיק, אָדער זיך מאַכנדיק ניט פאַרשטייענדיק, וואָס זי מיינט.

און זי האָט שאַרף און קלאָר פאַרגעזעצט:

— שוין לאַנג, אַז מיר האָבן אָפיציעל אין געריכט זיך אָפּגעטרייסלט פון די האָפנערס. דער ריכטער, דאָס געזעץ האָט עס מיר דערלויבט. בוירג איז ווידער מיין נאָמען און אַזוי אויך הייסן מיינע קינדער: הערשל־הערי און זינאָ בוירג.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, זיין פּנים איז רויט געוואָרן, די אויגן האָבן אַ בייזן פינקל געטאָן:

— מיט וואָס פאַראַ רעכט האָט דער ריכטער...

זי האָט אים איבערגעשלאָגן:

— שוויג! דאָס האָט דיך, אַפּנים, דיין „פיורער״, פאַרן טויט, צוריק־געשיקט קיין אַמעריקע זוכן רעכט, נאָכדעם ווי איר האָט אַזוי בלוטיק, אַזוי אכזריותדיק צעטראָטן מיט אייערע „ווערמאַכט״ שטיוול, די מענטש־לעכע רעכט פון דריי־פערטל פון דער וועלט?!

ער האָט אַ נערווען וואָרף געטאָן מיט די הענט:

— וואָס מישסטו מיך אַלץ צוזאַמען מיט היטלערן? איך האָב די גאַנצע צייט, זינט כ׳בין אַוועק פון הויז, ניט פאַרלאָזן „אונדזער״ אַמעריקע! — דאָס וואָרט „אונדזער״ האָט ער שטאַרק אונטערגעשטראָכן.

זי האָט אַ שפּאָטישן לאַך געטאָן:

— ס׳אַ ליגן! פונקט ווי יעדעס וואָרט וואָס דו קלייבסט זיך ווייטער צו זאָגן. כ׳ווייס פון זיכערע קוואַלן, אַז דו ביסט געווען אין דייטשלאַנד, דערנאָך האָסטו געאַרבעט פאַרן „פיורער״ אין אייראָפּע, אויסנוצנדיק, ווען נויטיק, דיין ענגלישע שפּראַך און דעם אַמעריקאַנער פּאַספּאָרט.

— ס׳איז ניט אמת! כ׳האָב די גאַנצע צייט געוואוינט אין שיקאַגאָ. געאַרבעט דאָרטן!

— אַזוי?... אין שיקאַגאָ? — האָט זי ביטער געשמייכלט, — און

ווער, זאָג מיר, האָט עס צוגעשיקט די קינדער אַ פּעקל מיט פּאָסט־קאַרט־לעך פון בערלין ?... און סוואַסטיקא עראָפּלאַנען פון פּאַריז מיט אַ פּאַרזי־כערונג, אַז איר וועט אינגיכן אויך פאַרנעמען אונדזער הויפּט־שטאָט — וואַשינגטאָן ?

ער האָט אַרויפגעצוואונגען אַ זאַרגלאָזן שמייכל אויף זיין פּנים :

— דאָס האָב איך מיינעם אַ פריינט געבעטן צוצושיקן די קינדער מתנות... און ער, דער אידיאָט, האָט, ווייזט אויס, געוואָלט מאַכן אַביסל שפּאַס...

— דאָס האָט ער, ווייזט אויס, זיך אויך אונטערגעשריבן : „אייער פּאָטער — פריץ האָפּנער" ?

— כ'האָב אים געבעטן זיך אונטערשרייבן פאַר מיר.

— האָסט אים, ווייזט אויס, אויך צוגעשיקט דיין האַנטשריפט ?

— וואָס ? מיין האַנטשריפט ?... — ער האָט זיך אינגאַנצן צעטומלט. געעפנט אַ פּאָר מאָל דעם מויל, ווי זוכנדיק ווערטער, אָבער זיי ניט גע־קענט געפינען.

בערטאַ איז איצט געווען אינגאַנצן רואיק. צייטנווייז האָט זיך איר אפילו אויסגעדאַכט, אַז אַלץ וואָס עס קומט איצט פאָר — איז ניט מער ווי אַ חלום, אַ שווידערלעכער חלום, פון וועלכן זי וועט זיך באַלד אויפכאַפּן. אָבער עמיצער אין איר האָט זי געהאַלטן אין איין וואָרענען, אַז ס'איז קיין חלום ניט, אַז זי מוז זיין אויף דער וואַך ; אַז עס האַנדלט זיך ניט נאָר וועגן איר אַליין, נאָר נאָך מער וועגן אירע צוויי קינדער, וועלכע געפינען זיך אין צווייטן צימער און הערן זיך אין טויט־שרעק צו צו דעם וואָס עס קומט דאָ פאָר.

— הייסט עס, — האָט זי אים ווייטער ניט אָפּגעלאָזט, — דו באַשטייסט, אַז דו האָסט די גאַנצע צייט געלעבט אין שיקאַגאָ ?... טאָ ווי קומט עס וואָס דיין טאַנטע האָט זיך פאַר מיר מיט שטאָלץ באַרימט, אַז דו צייכנסט זיך אויס אין היטלערס דינסט ?

— זי ווייסט ניט וואָס זי רעדט ! — האָט ער ווידער אַ וואָרף געטאָן מיטביידע הענט, — געוואָלט נאָך עפּעס צוגעבן, אָבער זיך פאַרהאַלטן, געשטאַנען אַ ווײַלע מיט אַ טיף אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געדיכט פאַרקנייטשטן שטערן.

— ער טראַכט, דער הונט, וועגן אַ נייעם צוגאַנג, — האָט אויפגעבליצט אַ געדאַנק אין בערטאַס מוח, — ער זוכט אַ נייעם וועג... — זי האָט אָנ־געשטרענגט געוואָרט.

מיט אַמאָל האָט ער אַנטשלאָסן אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געמאַכט אַ שפּאַן צו איר און אויסגעשטרעקט ביידע הענט :

— זאָג, בערטאַ, איז פֿאַראַן אויף דער וועלט אַ זינד, וועלכע זאָל קיינמאָל ניט קענען פֿאַרגעבן ווערן?!

„אָט דאָס איז עס!“, האָט אַ צווייטער געדאַנק באַשטעטיקט בערטאַס פֿאַרדאַכט, „ער וועט איצט פּרוּוון ווירקן, אַרבעטן אויף מיר מיט רחמנות... היט זיך, בערטאַ!“ זי האָט זיך אײַנגעצן צוזאַמענגעדריקט, ווי אַ ווילדע חיה פֿאַרן שפּרונג.

— יאָ! — האָט זי אים פעסט געענטפערט, — דאָס איז דײַן זינד און די זינד פֿון אַלע דײַניקע! קיינמאָל, קיינמאָל קען זי ניט און וועט פֿון קיינעם ניט פֿאַרגעבן ווערן!

— בערטאַ, טײַערע! וואָס איז געשען מיט דיר? ווי קומט צו דיר אַזאַ האַרצלאָזיקייט?! — האָט ער אויסגעשריגן, ווישנדיק די טרערן.

— איך בעט דיך, גענוג צו שפּילן טעאַטער! — האָט זי שוין כמעט ווי אויסגעשריגן, פילנדיק ווי אַ ברענענדיקער האָס צעפֿלאַמט זיך אין איר ברוסט, — ניט איך און קיינער וועט דיר ניט גלויבן! זאָג מיר, נאָך וואָס ביסטו געקומען?

ער האָט זיך צוריקגעזעצט אויפֿן שטול, געווישט די טרערן און אויסגעזען ווי איין שטיק נעבעכדיקייט, איין שטיק צעבראָכנקייט.

— לייג אַריין דײַן נאַז־טיכל אין קעשענע, — האָט זי פֿאָרגעזעצט, — און זאָג מיר קלאָר נאָך וואָס דו ביסט געקומען היינט אַהער?... וואָס פֿאַראַ טיַיוול האָט דיך צוריקגעבראַכט צו דײַן געוועזענער ייִדישער פֿרוי מיט אירע ייִדישע קינדער?... דאָס האָבן דיך אפשר דײַנע לעבן־געבליבענע גענעראַלן געשיקט אַהער זיך באַהאַלטן ביז ס'וועט פֿאַר אייך ווידער אַמאָל אויפֿשטייגן אַ נײַער „פֿיורער“ פֿאַר אייער בלוטיקער סוואַסטיקע, מיטן באַרבאַרישן לאָזונג „דייטשלאַנד איבער אַלעס“?! און איר וועט ווידער קאָנען פֿאַרפֿלייצן די וועלט מיט ליידן און בלוט?!... זאָג, ענטפֿער מיר קלאָר: נאָך וואָס ביסטו געקומען היינט אַהער?!

ער האָט מיטאַמאָל זיך האַסטיק אויפֿגעשטעלט, אַרײַנגעלייגט דאָס טיכל אין קעשענע און אַנטשלאָסן, כמעט ווי רואיק, גענומען רעדן:

— ביסט גערעכט, בערטאַ... איך גיב צו, אַז יעדעס וואָרט דײַנס איז ריכטיק: כ'האָב געהאַנדלט געמיין, נידערטרעכטיק ניט נאָר אין באַצוג צו דיר און די קינדער, נאָר צו אַלעמען, מײַן לאַנד אַמעריקע אַרײַנגערעכנט... אָבער גלויב מיר, ס'איז געווען אַ קראַנקהייט, אַ געפֿערלעכע קראַנקהייט... דערצו איז עס פֿון אַנהויב געווען אַרויפֿגעצוואונגען אויף מיר. כ'וועל דיר ברענגען עדות... דער אָנקל מיט דער טאַנטע וועלן עס באַשטעטיקן... אונדזער געזעלשאַפֿט איז געוואָרן אַ נעסט פֿון נאַציש

שפּיאַנען. מען האָט אונדז פאַרדרייט די מוחות מיט דער אידייע וועגן אַ דריטן „וועלט־רייך". צוערשט בין איך געווען דאַגעגן, אָבער שפּעטער האָב איך זיך שוין אַליין אַריינגעצויגן אין דער טייוולשער שפּיל... גלויב מיר, אַז דאָס איז דער אמת... דער רייבער אמת... — ער איז געשטאַנען פאַר איר מיט ברייט־צעעפנטע הענט און אַ טיף־צעוויטאַקטן פּנים.

זי האָט אָנגעשטרענגט זיך איינגעקוקט אין זיין פּנים און פעסט איבער־געחזרט:

— זאָג מיר נאָך וואָס דו ביסט היינט אַהער געקומען?

ער האָט ניט אויסגעהאַלטן איר בליק:

— כ׳ווייס ניט... כ׳האָב געדענקט... אפשר... כ׳האָב געהאָפּט אויף... אַ נס... אויף אַ...

זי האָט זיך אָן אימפּעטדיקן בויג געטאָן צו אים:

— אויף אַ... נס, זאָגסטו, האָסטו געהאָפּט?... אויף אַ נס, אַז דו וועסט זיך ווידער קענען באַזעצן מיט דיין אָוועקגעוואָרפענער יידישער פרוי און אירע קינדער?!

אַ היסטערישער געלעכטער האָט מיטאַמאָל, ווי אויפגעריסן איר גאַנצן קערפּער. זי האָט אַ האַסטיקן שפּאַן געטאָן צו אים און פיבעריש שנעל גע־נומען רעדן און יעדעס וואָרט אירס איז געווען ווי איינגעהילט אין אַ פייער־דיקן פלאַטער:

— הער! איך האָב זיך קיינמאָל ניט אינטערעסירט מיט מיין פאָלק... ביז לעצטנס אפילו זיין געשיכטע ניט געקאָנט. אָבער איר האָט פאַרגאַזט, דערשטיקט, פאַרברענט און באַגראָבן לעבעדיקערהייט זעקס מיליאָן, אַ דריטל פון מיין פאָלק און צווישן זיי אויך מיין פאָטערס און מוטערס גאַנצע משפחות... איך האָב זיי אַלעמען געקאָנט... זייערע בילדער ליגן אין מיין שיפלאָד... און ניט נאָר יידן... איר האָט אויך פאַרמוטשעט און פאַרניכ־טעט מיליאָנען פון אַנדערע פעלקער... אַלץ כדי מיט פייער און שווערד אויסצוברענען אויפן קערפּער פון דער אָרעמער מענטשהייט אייער „דייטש־לאַנד איבער אַלעס" לאַזונג... — זי האָט זיך צוגעבויגן צו אים און גע־נומען רעדן עטוואָס שטילער, מיט אַ האַלב דערשטיקטן קול: — אין די שוידערלעכע נעכט, פולע מיט קאָשמאַרנע חלומות, האָב איך ניט היט־לערן און ניט גערינגן, ניט שאַכטן אָדער געבעלסן, נאָר דיך, פרעד־פריצן, האָב איך געזען, דיך — דעם נאַצי, האָב איך געזען שטיין מיט אַ רעוואָלווער און בייטש אין די הענט און שיסן און פייניקן מיינע ברידער און שוועס־טער... סיי יידן, אַזוי אויך קריסטן... יאָ, דיך, בלויז דיך האָב איך אַזוי געזען און אַזוי וועסטו שוין אין מיין און אין מיינע קינדערס זכרון אויף שטענדיק פאַרבלייבן!... אויף שטענדיק!... קאָנסטו עס פאַרשטיין?...

קאָנסטו זיך פאָרשטעלן אַ לעבן מיט אַ קלאַפּער־שלאַנג, אָדער אַ קאָברע, אין איין צימער ?... אין איין בעט ?... דו ביסט טויט, פרעד־פריץ האָפנער! טויט פאַר מיר און פאַר מיינע קינדער!... גיי און קום ניט מער צוריק!...
— זי האָט פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט און זיך שטיל צעוויינט.

אויפן שוועל פון צווייטן צימער האָבן זיך באַוויזן ביידע קינדער. זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר די הענט, ווי זוכנדיק שוץ איינער ביים צווייטן. בערטאַ האָט ווי דערפילט זייער אַריינקום און אויסגעשטרעקט צו זיי אירע הענט. זיי זיינען צוגעלאָפן, זי אַרומגעכאַפּט און זיך צוגעדריקט צו איר. נאָך אַ ווײַלע שוויגן, האָט זי אָנגענומען ביידע קינדער פאַר די אַקסלען און זיי אויסגעדרייט, מיט די פנימער, צום פאָטער.

ער האָט אַ ווײַלע זיך איינגעקוקט אין זייערע פנימער און, ענדלעך, מיט אַ ציטערנדיק קול, אַ פרעג געטאָן:

— נו, קינדער... וואָס מאַכט איר?

קיינער האָט אים ניט געענטפערט. בערטאַ איז געשטאַנען מיט פעסט צוגעמאַכטע אויגן, זינאַ האָט געקוקט אויפן פאָטער מיט שנאה, הערשל האָט אײַנגאַנצן אָפּגעקערט דעם פּנים.

פרעד האָט ניט אויסגעהאַלטן און אַ בעט געטאָן:

— זינאַ, טייערע... קוק ניט אויף מיר אַזוי בייז... און דו, הערשל, ביסט דאָך שטענדיק געווען אַזאַ האַרציקער יינגל...

— איך האָב דיך פיינט! — האָט זינאַ פעסט אַ זאָג געטאָן, אונטער־שטרייכנדיק יעדעס וואָרט, און געקלונגען האָבן אירע ווערטער, פונקט ווי פיר שווערע שטיינדלעך וואָלטן איינער נאָכן צווייטן געפאַלן אויף אַ מעטאַלענעם טאַץ.

— און דו, הערשל, האָסט מיך אויך פיינט? — האָט פרעד שטיל, מיט אַ געפאַלענעם קול, געפרעגט און זיין קאָפּ האָט זיך דערביי טיף אַריינגע־רוקט צווישן זיינע אַקסלען.

הערשל האָט ניט געענטפערט גלייך. זיין בלאָנדער, ווי ביים טאַטן, פּנים איז געווען פיינלעך צוזאַמענגעצויגן און די בלויע, אויך ווי ביים טאַטן, אויגן, זיינען געווען פאַרלאָפן מיט טרערן. און ערשט ווען זינאַ האָט אים אַ ליכטן שטויס געטאָן מיטן אַקסל, האָט ער לאַנגזאַם אויסגעדרייט צום פאָטער דעם קאָפּ און שטיל, נאָר דייטלעך, געענטפערט:

— דו האָסט אונדז איבערגעלאָזט... ביסט אַוועק צו זיי, צו היטלערן... צו די נאַציס... האָסט געהאָלפן מאָרדן יידן און אַנדערע... ווי די אינ־קוויזיציע אַמאָל... גיי פון דאַנען... איך בעט דיך!...

פרעד האָט איצט שוין אָן דער הילף פונעם ווייסן טיכעלע, נאָר מיט בײדע הענט אויסגעווישט די לויפנדיקע טרערן, גענומען זיין הוט און מיט אַ טיף געבויגענעם קאָפּ זיך געלאָזט גיין צו דער טיר.

און נאָך אים האָט זיך געטראָגן בערטאַס ציטערנדיקע שטימע:

— גיי! און אויב עס איז אין דיר נאָך ערגעץ־וואו פאַרבליבן איין־איינציקער טראָפּן פון מענטשלעכקייט, הער זיך צו צו אים און קום מער ניט צוריק!... און זוך ניט מער ניט מיך און ניט די קינדער... דאָס איז מיין לעצטע בקשה... פאַרגעס, פאַרגעס וועגן אונדז אויף שטענדיק!...

די טיר האָט זיך שטיל געעפנט און זיך צוגעמאַכט נאָך פרעדן, נאָך פריצן. הערשל האָט אַרומגעכאַפּט די מוטער, איינגעגראָבן דאָס פּנים אין איר ברוסט און ביידע האָבן שטיל געוויינט. זינא האָט, ניט אָפּלאָזנדיק דער מוטערס האַנט, געקוקט צו דער פאַרמאַכטער טיר, ניט אָפּגעווישט די טרערן און אירע שיין געשניצטע ליפּן האָבן אַזוי פיינלעך, אַזוי הילפלאָז געציטערט.

# מעק און מאַיק

דיזיק גרויס און מעכטיק איז די שטאָט ניו־יאָרק. מיט די שפּיצן פון אירע הימל־קראַצערס האָט זי זיך איינגעשטאָכן אין די וואָלקנס און איז ווי אין אַ שטענדיקן פאַרמעסט מיט די שטאָלענע לופט־שיפן, וועלכע יאָגן זיך, טאָג ווי נאַכט, מיט אַ בייזן כאַרכל, איבער אירע דעכער. טויזנטער גאַסן און געסלעך, פאַרקן און סקווערן פאַרמאָגט אָט די ריזן־שטאָט און אין איר שווערן אָטעם הערן זיך די שטימעס פון אירע מיליאָנען איינוואוי־נער, דער אָפּקלאַנג פון זייערע טריט; אין איר קול קלינגט אָפּ דער איי־זערנער רויש פון די איבערשטע און אונטערערדישע באַנען, געמישט מיטן בייזן זשומען פון די גומענע רעדער פון די הונדערטער טויזנטער אויטאָמאָ־בילן, לאַסט־וואָגנס און באַסעס, וועלכע יאָגן זיך ראַשיק איבער די גאַסן.

ציען זיך די גאַסן און געסלעך אין דער לענג און ברייט פון שטאָט און אין לויף פון זייער צעשפּרייטונג — ווערן זיי, פון די אַנטקעגן אַנלויפנ־דיקע גאַסן און געסלעך, צעשניטן אויף צענדליקער טויזנטער ראָגן, אָמ־מערסטן געדיכט באַקלעפּטע מיט פאַרשידנאַרטיקע קראָמען און קרעמלעך, מיט רעסטאָראַנען, שענקען און צייטונג־שטעלן.

„טרימאָנט עוועניו” — הייסט די גאַס וועגן וועלכער איך וויל דאָ דערציילן. ס'איז אַן עוועניו פּונקט ווי צענדליקער אַנדערע אין די בראָנקס, און די „בראָנקס” אַליין — איז איינע פון די פינף טיילן, אויף וועלכע דער ריז ניו־יאָרק איז געאָגראַפיש צעטיילט.

איבער אָט דער טרימאָנט עוועניו לויפן, געוויינלעך, צוויי באָסעס: איינער, נומער 40, דער צווייטער, נומער 28. פון וואַנען און ביז וואַנען אָט־די באָסעס לויפן איז פאַר אונדזער געשיכטע ניט וויכטיק. אויפן ראָג פון דער דריטער עוועניו, וועלכע איז, געוויינלעך, ווי איינגעטונקען אין שאָטן און אין אייזערנעם רויש פון דער לופט־באַן, טרעפן זיך די טרימאָנט עוועניו באָסעס מיט די באָסעס וואָס לויפן אויף דער דריטער עוועניו און יעדעס מאָל יאָגט זיך אַ היפּשע צאָל פאָרער, מיט פאַרביקע „טרענספּערס” אין די הענט, פון איין באָס צום צווייטן.

אַלע שטאָטישע באָסעס שטעלן זיך, געוויינלעך, אָפּ ביי די ראָגן פון די גאַסן, אָבער דער אָפּשטעל־פּלאַץ פון די טרימאָנט עוועניו באָסעס איז פון דער קאָמפּאַני באַשטימט געוואָרן מיט אַ האַלבער גאַס ווייטער פון ראָג, גאָר נאָענט צום אַריינגאַנג אין קראָטאָנא פּאַרק. אַזוי, אַז די פאָרער פון דער דריטער עוועניו באָסעס מוזן דורכגיין, אָפּט דורכלויפן, אַ היפּשן שטח,

פּראָבירנדיק, מיט געשרייען און צייכנס מיט די הענט, פאַרהאַלטן זייערע אָפּגייענדיקע באָסעס.

אויף דער זעלבער זייט, אויף אַ היפּשן באַרג, וועמענס ריפּן זיינען באַוואַקסן מיט האַלב־צעבראָכענע ביימלעך, פאַרוואָרפן מיט שטיינער און ווי צעהאַקט מיט ליימיקע סטעזשקעס, דורכגעטראָטענע פון זיך שפּילנדיקע קינדער, האָט זיך געפונען אַ דריי־שטאָקיקע, געל־געפאַרבטע, געריכט געביידע. דער באַרג אַליין איז געווען אָפּגעצאַמט פונעם טראָטואַר מיט אַ ברייטלעכן, נידעריק־געמויערטן ווענטל, אויף וועלכן די פאַרער פלעגן זיך אָפּט צוזעצן אַביסל אָפּרוען, וואַרטנדיק אויף זייער באָס.

און אָט אויף דעם אָרט, ביים אַריינגאַנג אין פּאַרק, האָט איין מאָל, אין אַ כמורנעם אָסיענדיקן אָוונט, פּאַסירט זייער אַ טשיקאַווע געשיכטע. עס האָט באַדאַרפט זיין אַרום אַכט אַזייגער אין אָוונט. די לופט איז פול געווען מיט אַ דריבנעם רעגנדל, יעדער טראָפּן פון וועלכן האָט טיף אַריינגעדרונגען אין די ביינער און נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם אַרומיקן אומעט. ביים וואַרטונג־פּלאַץ פון די באָסעס זיינען געשטאַנען דריי פרויען און פיר מענער, אייניקע פון זיי מיט פּעקלעך אין די הענט.

ווען דער באָס נומער 28 איז אָנגעקומען, זיינען אַלע, איילנדיק זיך, אַריין אינווייניק, בלויז איין מאַן, אַ הויכער, אַ מיטל־יאָריקער, מיט אַ שמאָלן, ריין־ראַזירטן פּנים, האָט ניט נאָר ניט געאיילט זיך אַריינצושטיגן אין באָס, נאָר איז אָפּגעטראָטן אין אַ זייט און געמאַכט דעם איינדרוק, פּונקט ווי ער וואָלט געוואַרט אויפן באָס נומער 40. געהאַט האָט דער מאַן אַזעלכע מאָדנע, שאַרף־שוואַרצע, פאַרזיכטיקע אויגן און זיין שאַרפע נאָז און דיקלעכע ליפּן האָבן, ווי נאָכגעפּאָלגט יעדער באַוועגונג פון זיינע בליקן.

פון זיין ליבקן ווינקל מויל האָט נאָכלעסיק נאָכגעהאַנגען אַ ניט־פאַררויכערטער סיגאַרעט, וועגן וועלכן ער האָט, מעגלעך, אינגאַנצן פאַרגעסן. געווען איז ער אויסגעפּוצט אין, ס'זעט אויס, אַ נייעם, ליכטיק־גרויען, ספּאָרט־מאַנטל; די ברוינע, ווייכע הוט האָט ער געטראָגן עטוואָס צוגעבויגן צום רעכטן אויער און אין דער לינקער האַנט געהאַלטן צוויי טונקל־גרויע, לעדערנע הענטשקעס.

ווען דער באָס איז אָפּגעפאָרן, איז ער, ניט איילנדיק זיך, צוגעגאַנגען צום ווענטל פאַרן באַרג, פאַררויכערט דעם סיגאַרעט און ווידער צוגעגאַנגען צום זוים פון טראָטואַר און מיט זייטיקע בליקן גענומען ווי אָפּמעסטן יעדן צוקומענדיקן פּערזאָן, וועלכער האָט זיך געאיילט פונעם דריטער עווענױ באָס. און ווען ער האָט איין מאָל, צופעליק, עטוואָס אַ שטויס געטאָן אַ וואַרטנדיקע פרוי, האָט ער זיך צוויי מאָל אַנטשולדיקט, העפלעך אויפהויבנדיק דערביי זיין הוט.

דער באַס נומער 28 איז אַוועק, נאָך אים איז אָנגעלאָפן אַ באַס נומער 40 און איז אויך אַוועק, דערנאָך איז ווידער אָנגעקומען אַ באַס 28 און פאַר־געזעצט זיין וועג, אָבער דער אויסגעפּוצטער מאַן האָט נאָך אַלץ אויף עפּעס אָדער וועמען געוואַרט. יעדעס מאָל פלעגט ער אָפּטרעטן פון דעם צוגעקו־מענעם באַס און שפּעטער ווידער לאַנגזאַם צוגיין צום זעלבן אָרט און וואַרטן אויף אַ צווייטן באַס, ניט אַראָפּנעמענדיק די בליקן פון די אָנלויפנדיקע פּאַ־רער, וועלכע האָבן זיך געאײַלט פון די דריטע עוועניו באַסעס. ווען דער סיגאַרעט האָט אויסגעברענט, האָט ער אַריינגעלייגט די הענטשקעס אין קעשענע פון מאַנטל און פון דאָרטן אַרויסגענומען אַ שטיקל קיי־גומי. ניט איילנדיק זיך, האָט ער עס אויסגעוויקלט פון די פּאַפּירלעך, עס איינגעדרייט אין אַ רעדל, אַריינגעלייגט אין מויל און גענומען קייען.

אַ פּאַרטיפּטער אין שטודירן די וואַרטנדיקע און אָנלויפנדיקע פּאָרער, האָט ער ניט באַמערקט אַ צווייטן מאַן, וועלכער איז געשטאַנען ביים סאַמע אַריינגאַנג פון פּאַרק, אין שאָטן פון אַ בוים, און ניט אַראָפּגענומען פון אים קיין אויג.

דער צווייטער מאַן איז געווען פון מיטעלן וואוקס, אַ ברייט־פּלייציקער, מיט אַ קיילעכדיקן, געלבלעכן פּנים, מיט הונגעריקע, ליכטיק־גרויע אויגן און אַ בייזן, ווי פאַרגליווערטן שפּאָטישן שמייכל אין רעכטן ווינקל פון זיין שאַרף־געשניטענעם מויל. געטראָגן האָט ער אַ היפּשלעך אָפּגעטראָגענעם, ברוינעם מאַנטל און זיין שוואַרצער, מיט פוטער־אונטערגעשלאָגענער, קאַש־קעט איז געווען טיף אָנגערוקט איבער זיין שטערן. קיין אויגן גופא האָט מען ניט אַרויסגעזען, אָבער בליקן ליכטיק־גרויע, הונגעריק־בייזע זיינען גע־ווען ווי אָנגעצילט אויפן הויכן מאַן און אים קיין סך גוטס ניט צוגעזאָגט.

ס'האָט שוין באַדאַרפט זיין אַרום אַ צוואַנציק, אָדער פינף־און־צוואַנציק מינוט זינט דער מאַן, אין שאָטן פון בוים, האָט געהיט דעם הויכן מאַן. צוויי מאָל, נאָכן אָפּפאָרן פון די באַסעס, האָט ער געהאַט געמאַכט אַ באַוועגונג ווי' זיך צו לאָזן גיין אין ריכטונג צו אים, אָבער יעדעס מאָל האָט אים ווי עפּעס צוריקגעהאַלטן. ענדלעך, שוין נאָכן אָפּפאָרן פון פערטן באַס, האָט ער געוואָרפן אַ שנעלן בליק איןביידע זייטן פון דער פוסטער האַלב־פינצ־טערער גאַס און אַנטשלאָסן זיך געלאָזט גיין, צוערשט אויף דער גלייכער ליניע פונעם טראָטואַר, פּאַראַלעל דעם הויכן מאַן, אָבער פאַרבייגייענדיק אים, האָט ער זיך מיטאַמאָל אַ שאַרפן דריי געטאָן צו אים, אַרויסגעכאַפּט פון קע־שענע אַ רעוואָלווער און, פעסט צודריקנדיק אים צו יענעמס זייט, אַ בייזן זאָג געטאָן:

— זיי שטיל!... אָדער איך פּיל אָן דיין בויך מיט בליי!

דער הויכער מאַן האָט שנעל אויסגעדרייט דעם קאָפּ, פון אויבן אַראָפּ

אַ קוק געטאָן אויפֿן אָנפּאַלער און פֿאַרוואונדערט אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס איז עס?... וואָס ווילסטו?

— ס'איז אַן „האָלד־אַפּ“, מיסטער! — איז גלייך געקומען אַ שאַרפֿער ענטפֿער, — און אויב דו ווילסט נאָך בלייבן לעבן, מאַך ניט קיין טומל און גיי פֿאַראויס!

דער רייןֿ־ראַזירטער פּנים פֿונעם הויכן מאַן האָט זיך מיטאַמאָל באַדעקט מיט דריבנע קנייטשעלעך; זיינע שוואַרצע, פֿאַרזיכטיקע אויגן האָבן זיך אָנגעפֿילט מיט פֿאַרוואונדערונג און די דיקלעכע ליפּן האָבן זיך אויסגע־צויגן אין אַ בריייטן, עטוואָס פֿאַרלאָרענעם, שמייכל.

— ריר זיך! — האָט דער אָנפֿאַלער אַ באַפֿעל געטאָן און שטייפֿער אַריינגערוקט דאָס פּיסקל פֿון זיין רעוואָלווער אין הויכן מאַנס זייט, — ריר זיך שנעלער! וועסט באַלד ווייגען, ניט שמייכלען... און פּרוביר ניט צו זיין קיין צו קלוגינקער... איך וואָרן דיך: ביים ערשטן פּיפּס פֿיל איך דיך אָן מיט בליי... גיי, זאָג איך דיר!

— וואוהין ווילסטו זאָל איך גיין? — האָט דער הויכער מאַן אַ פֿרעג געטאָן, ניט אויפֿהערנדיק צו שמייכלען.

— פֿאַראויס... אין פֿאַרק! — האָט דער אָנפֿאַלער באַפֿוילן.

דער הויכער מאַן האָט זיך לאַנגזאַם געלאָזט גיין צום אַריינגאַנג פֿון פֿאַרק און דער מיטלוואוקסיקער איז אים נאָכגעגאַנגען, ניט אָוועקנעמענדיק דעם רעוואָלווער פֿון זיין זייט.

נאָך אַ באַס איז אָנגעלאָפֿן און נאָך אים האָבן זיך איבערן טראָטואַר געגומען יאָגן אַ מאַן מיט אַ פֿרוי, וועלכע האָבן באַר וואָס געהאַט אַראָפּגע־שטיגן פֿון אַ דריטער עווענ'ו באַס. זיי האָבן געפֿאָכעט מיט די הענט און געשריגן:

— העי, טרייבער!... דו גאָט פֿאַרדאַמטער!... שטעל זיך אָפּ!... וואַרט אַ ווײַלע!...

דער באָס האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער מאַן מיט דער פֿרוי זיינען אַריין אינווייניק און דער באָס איז אָוועק.

— שטיי! — האָט דער מיטלוואוקסיקער באַפֿוילן, ווען ביידע מענער זיינען שוין געווען טיף אין פֿאַרק און האָבן דערגרייכט אַ פֿאַרשאָטנטע באַנק אונטער אַ געדיכטן בוים.

— וועל, וואָס קומט ווייטער? — האָט דער הויכער מאַן, כמעט ווי אומ־געדולדיק, אַ פֿרעג געטאָן.

— נעם אַרויס דיין בייטל! — איז געקומען אַ קורצער באַפֿעל, — נעם אַרוי'ס פֿון דיינע גאָט פֿאַרדאַמטע קעשענעס אַלץ וואָס האָט עפּעס אַ ווערט און גיב עס צו מיר... און מאַך עס שנעל!

— אָלרייט... רעג זיך ניט אויף... — האָט דער הויכער מאַן, כמעט ווי אַ רואיקער, געענטפערט און זיינע אויגן האָבן דערביי, בליץ־שנעל, אַ נישטער געטאָן איבער דער לענג און ברייט פון דער אַלעע, וואו זיי האָבן זיך געפונען. — אָלרייט... כ'וועל דיר אַלץ אָפּגעבן... מעג איך זיך אפשר אויסדרייען מיטן פּנים צו דיר?

— זיי ניט קיין צו גרויסער חכם! — האָט דער אָנפאַלער אים שאַרף אָפּגעהאַקט, — שטיי ווי דו שטייסט און טו וואָס מען הייסט דיר!

— אָלרייט... — האָט דער הויכער, ווי גוטמוטיק, צוגעשטימט און צווישן דעם רעכטן ווינקל פון זיין מויל און רעכטן אויג האָט אַ בייזער שמייכל אויפגעציטערט און ווי צוזאַמענגעצויגן דאָס מויל מיטן אויג. ער האָט לאַנגזאַם אויפגעהויבן ביידע הענט, האַלטנדיק די פינגער ברייט צע־נומען, פונקט ווי ער וואָלט געוואָלט איבערצייגן דעם אָנפאַלער, אַז ער האָט גאָרניט אין די הענט און איז אויך ניט באַרייט אים אַרויסצואווייזן קיין שום ווידערשטאַנד. צוערשט האָט ער אַריינגעלייגט ביידע הענט אין די קעשענעס פון זיין מאַנטל, זיי איבערגעקערט און אויף דער ערד זייבען אַראָפּגעפאַלן די צוויי לעדערנע הענטשקעס, אַ פּעקל קיי־גומי און אַ פּעקל סיגאַרעטן שוועבעלעך, דערנאָך האָט ער, מיט דער זעלבער געלאַסנקייט, אַריינגעלייגט די רעכטע האַנט אין זיין הויזן־קעשענע און מיטאַמאָל, מיט אַן אויסערגעוויינלעכער פלינקייט, זיך אויסגעדרייט צום אָנפאַלער, האַלטנדיק אַ רעוואָלווער אַנטקעגן זיין ברוסט־קאַסטן.

דער מיטלוואוקסיקער איז, ווייזט אויס, שטאַרק צעטומלט געוואָרן. זיין דיך, שאַרף־געשניטן מויל האָט זיך ברייט צעעפנט, ווי אַ פיש וואָס זוכט אַביסל וואַסער; דער דאַשיק פון זיין היטל האָט זיך, ווי פון זיך אַליין, הויך פאַררוקט איבערן שטערן און זיינע ליכטיק־גרויע, איצט ברייט־צעעפנטע, אויגן האָבן פאַרלאָרן געקוקט אויפן הויכן מאַן.

— וואָס איז עס... אַ רעוואָלווער? — האָט ער, ווי אַליין ניט געגלויבט זיינע אויגן.

— אַ זיכערע זאַך... און אַ פול־געלאָדענער דערצו... — האָט דער הויכער אים פאַרזיכערט מיט אַ בייזן שמייכל, — ס'איז אַ 32ער, פונקט ווי דיינער.

אַ קורצע ווײַלע האָבן ביידע מענער שאַרף געקוקט איינער אויפן צווייטן.

— נו?... — האָט ענדלעך דער הויכער, דער ערשטער, אַ פרעג געטאָן, — וואָס ווילסטו, אַ קויל פאַר אַ קויל, אָדער עס לאָזן גיין?

— ביסט אַ דעטעקטיוו? — האָט דער צווייטער געוואָלט וויסן.

דער הויכער האָט אַ קורצן לאַך געטאָן:

— איך בין ניט קיין דעטעקטיוו, אָבער דו ביסט זיכער אַ פולשטענדי־

קער אידיאָט, אַנדערש וואָלסטו אויפגעזוכט אַן אַנדער פּיש, ניט מיך.

ביידע האָבן, כמעט ווי איינצייטיק, אַריינגעלייגט זייערע רעוואָלווערן אין די קעשענעס.

— אויב דו ביסט ניט קיין דעטעקטיוו, — איז דער מיטלוואוקסיקער נאָך אַלץ ניט געווען רואיק, — טאָ אויף וועמען האָסטו געוואַרט אַזוי לאַנג אויף דער עוועניו און יעדעס מאָל דורכגעלאָזט איין באָס נאָכן צווייטן?

דער הויכער האָט זיך שוין כמעט, ווי פריילעך צעלאַכט:

— פאַרשטאַפּטער קאָפּ! דאָס האָב איך, פּונקט ווי דו, געזוכט אַ פּאַ־סיקן פּערזאָן ביי וועמען צו לייען אַ פּאָר דאָלער. און ווער ווייסט, גאַנץ מעגלעך, אַז ווען ניט דו, וואָלט איך זיי שוין געווען געהאַט ביי זיך אין קעשענע!

— דער טייוול ווייסט דיך! — האָט דער צווייטער געהויבן מיט די אַקסלען, — ביסט דאָך אַזאַ אויסגעפּוצטער... פּונקט ווי דו וואָלסט אַנט־לאָפן פון אַ פינפטער עוועניו פּענצטער, — און ער האָט צוגעגעבן מיט אַ לייכטן זיפץ: — און איך פאַרמאָג ניט מער ווי פערציק פּעניס אין אַלע מיינע קעשענעס... די אַלטע גאַסן־פרוי, די באַלעבאָסטע פון די מעבלירטע צימערן, וואו איך שטיי איין, האָט צוגעזאָגט מיך אַרויסצוואַרפן פון צימער, אויב כ'וועל איר מאָרגן ניט באַצאָלן פאַר די דריי וואָכן, וואָס כ'בין איר שולדיק.

דער הויכער האָט אַ צופרידענעם קוק געטאָן אויף זיינע מלבושים און צוגעשטימט:

— יאָ... ניינציק דאָלער האָב איך ערשט מיט צוויי וואָכן צוריק באַ־צאָלט פאַר אָט־דעם אַנצוג מיטן מאַנטל. אַ געלונגען שטיקל אַרבעט דורכ־געפירט... איצט איז דער האָניק שוין כמעט, ווי אינגאַנצן אויסגערונען... האָב איך היינט דאָ געפּרואווט עפּעס אויפטאָן, האָסטו עס מיר צעשטערט...

— ער האָט זיך פאַרטראַכט אויף אַ רגע און אַ פרעג געטאָן: — ווי רופט מען דיך?

דער צווייטער האָט אַ וואָרף געטאָן אויף אים אַ פאַרדעכטיקטן בליק:

— וואָס דאַרפסטו וויסן מיין נאָמען? — ער האָט זיך אָבער גלייך אי־בערגעלייגט און צוגעגעבן: — מעק רופט מען מיך... מעק איז מיין נאָ־מען. און ווי רופט מען דיך?

דער הויכער האָט אַ קוק געטאָן אויפן חבר מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל:

— אַזוי? מעק, הייסט עס, איז דיין נאָמען?!... וועל... אויב דיינער איז מעק, איז מיינער מאַיק.

— אָלרייט! — האָט מעק אַ גלייכגילטיקן מאַך געטאָן מיט דער האַנט, — זאָל זיין מאַיק. וואָס, צום שוואַרצן יאָר, איז דער אונטערשייד? זאָג

בעסער, אפשר וואָלטן מיר נאָך היינט צוזאַמען עפּעס אויפגעטאָן?

זיי האָבן זיך לאַנגזאַם געלאָזט גיין צום אַרויסגאַנג פון פּאַרק. די העל־באַלויכטענע שױ־פּענצטער פון די צוגעשלאָסענע קראָמען אויף דער צווייטער זייט גאַס האָבן געפינקלט מיט זייערע לאָמפּן און אויסגעשטעלטע סחורות. אָפּן געווען איז בלויז דער שענק אויפן סאַמע ראָג, קעגנאיבער, און ווי גערופן מיט זיינע רויט־און געל־געפאַרבטע פענצטער. צייטנווייז האָט זיך פון דאָרטן דערטראָגן אַן אויפברויז פון שטימען און אַ שכורער געזאַנג.

מאַיק האָט שטיל גערעדט צו זיך אַליין:

— וועל, וועל... די קראָמען זיינען שוין אַלע פאַרמאַכט... אין שענק זיך אַריינצוכאַפּן איז ניט ראַטזאַם: צופיל מענטשן זיינען דאָרטן פאַראַן...

— ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף אַ פאַרבייפאָרנדיקן באַס, — מען ווערט מוזן זען עפּעס קריגן טאַקע אָט דאָ... ביי די פאָרער וואָס בייטן די באַסעס... אייניקע פון זיי, בפרט די פרויען, טראָגן מיט זיך אָפט גאַנץ היפּשע סומען.

מעק, וועלכער האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו מאַיקס רייד, האָט פאָרגעלייגט:

— אפשר וואָלטן מיר, אין צווייען, בעסער באַאַרבעט אַ גאַנצע גרופּע, וואָס וואַרט אויף אַ באַס? אָבער מען דאַרף זיך צואיילן, עס ווערט שפּעט, מענטשן הערן אויף צו פאָרן.

— אַ געפערלעכער געדאַנק, — האָט מאַיק קורץ אָפּגעהאַקט, — גרופּעס איז גוט צו באַאַרבעטן בלויז אין פאַרמאַכטע פיר ווענט.

אַ פעטלעכע, דיקע פרוי, אין אַ קאַראַקולנעם טייערן מאַנטל, איז, זיך איילנדיק, זיי אַנטקעגנגעקומען פון אַ דריטער עוועניו באַס און איז שטיין געבליבן נעבן באַס־אָפּשטעל פּלאַץ, מיטן קאָפּ געווענדט אין דער ריכטונג פון וואַנען די באַסעס קומען, געוויינלעך, אָן. אין דער רעכטער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ גרויסן, טונקעלן האַנט־בייטל און אין דער לינקער אַ רויטן „טרענספער״.

— מאַיק, כאַפּ נאָר אַ גוטן קוק אויף אָט־דער פרוי! — האָט מעק שטיל אַ זאָג געטאָן, — זי טראָגט אַ טייערן מאַנטל און ווער ווייסט וויפל מזומן אַזאַ נקבה קאָן אָמאָל אַרומטראָגן מיט זיך...

— איך זע! — האָט מאַיק שטיל געענטפערט, געוואָרפן אַ שנעלן בליק אין ביידע זייטן גאַס און אַנטשלאָסן אַ זאָג געטאָן: — קום, לאָמיר עס אָפּטאָן!

— אָלרייט! — האָט מעק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און טיף און שנעל אָפּגעזיפצט.

זיי האָבן זיך אַוועקגעשטעלט פון ביידע זייטן פון דער פרוי: מעק פון

דער לינקער זייט און מאַיק פון דער רעכטער.ביידע האָבן זיך, איינצייטיק, נאָך אַמאָל אַרומגעקוקט און מאַיק האָט פלינק אַרויסגעריסן דעם בייטל פון דער פרויס האַנט און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— ליידי, האַלט דיין פּיסק פאַרמאַכט, אויב דו ווילסט נאָך היינט אַהיים קומען אַ גאַנצע! — ער האָט אַ הויב געטאָן זיין רעוואָלווער צו איר סאַמע פּנים.

די פרוי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט שרעק, אָבער דעם בייטל האָט זי דאָך פּרובירט צוריק אַרויסרייסן פון מאַיקס האַנט און זיך אויס־געדרייט צו מעקן מיט אַ פאַרשטיקטן געשריי:

— מיסטער, פּליעז!... העלף מיר!... העלף מיר!

— פאַרמאַך דיין מויל! — האָט זי מעק שאַרף אָפּגעהאַקט, — איז דיין לעבן ניט ווערט מער ווי דיין לויזיקער האַנט־בייטל!? — און ער האָט פאַרגעזעצט שוין מיט אַ ווייכערן טאָן: — דו בעסער שטיי און האַלט דיין פּיסק פאַרמאַכט, ביז דיין באָס וועט אָנקומען... מיר'ן דיך העלפן אַריינ־גיין און אויב דו וועסט זיין אַ קלוגע מיידל און שווייגן, וועסטו אָנקומען בשלום אַהיים... אויב ניט, וועט עס זיין דיין שולד... געדענק עס!

די פרוי איז געשטאַנען מיט פעסט צוגעמאַכטע אויגן און אין אָפּשיין פונעם גרינעם „פאַרקער־ליכט" האָט מען געקאָנט זען, ווי שטאַרק עס האָט געציטערט איר ברייט צעעפנט מויל

אַ באָס האָט זיך באַוויזן אויפן ראָג פון דער דריטער עוועניו.

מעק האָט געוואָרפן אַ פרעגנדיקן בליק אויף מאַיקן און אָנגעוויזן, מיט אַ דריי פון קאָפּ, אין ריכטונג צום פּאַרק. געמיינט האָט עס, צי זיי זאָלן גלייך זיך ניט אָפּטראָגן דורכן פּאַרק?

מאַיק האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין און זיך געווענדט צו דער פרוי:

— ליידי, דיין באָס קומט אָן... פאַרליר ניט דיין „טרענספער". און האַלט דיין פּיסק פאַרמאַכט. אין באָס וועט שוין איינער פון אונדזעריקע אַכטונג געבן אויף דיר!

דער באָס איז אָנגעלאָפן און זיך אָפּגעשטעלט. די צווײ שמאָלע טיר־לעך האָבן זיך צעעפנט און די פרוי האָט, מיט דער הילף פון ביידע מענער, קוים אַרויפגעשפּאַנט אויף די צווײ טרעפּלעך. מיט ציטערנדיקע הענט האָט זי זיך אָנגעכאַפּט אָן דער רער, וועלכע טיילט אָפּ דעם טרייבערס פּלאַץ פון די פּאַסאַזשירן, און דער „טרענספער" איז אַרויסגעפאַלן פון אירע הענט.

דער טרייבער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף דער פרויס אויסגעקרימטן פּנים און זיך צעלאַכט:

— דו, לעידי, האָסט היינט זיכער איבערגעכאַפּט די מאָס! — און ער

האָט זיך אַ בויג געטאָן צו די צווײ מענער, װעלכע זיינען שטיין געבליבן נעבן די טירלעך: — און איר גייט ניט אַרויף?

מעק האָט אָפּגעטראָטן צום װענטל פון באַרג און אָפּגעקערט דעם קאָפּ. מאַיק האָט מיט דער רעכטער האַנט פאַרשטעלט דעם הינטערשטן טייל פון זיין פּנים און מיט אַ קורצן געלעכטער געענטפערט:

— ניין, אַ דאַנק.

די טירלעך האָבן זיך פאַרהאַקט און דער באָס איז אָפּגעפאָרן.

— נו איצט לאָמיר װאָס שנעלער זיך אָפּטראָגן פון דעם גאָט־פאַרדאַמטן פּלאַץ! — האָט מאַיק אַ זאָג געטאָן, — די פּרוי קאָן נאָך גלייך קומען צו זיך און מאַכן אַ גוואַלד.

מעק איז צוגעגאַנגען גאָר נאָענט צו מאַיקן און אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף מאַיקס מאַנטל, פון אונטער װעלכן ס'האָט אַרויסגעקוקט אַ טייל פון דעם ביקעלנעם שלאָס פון דער גרויס האַנט־בייטל. — אַנו, לאָמיר נאָר אַ קוק טאָן װאָס עס איז פאַראַן אין בייטל!

— אייל זיך ניט אַזוי שטאַרק! — האָט אים מאַיק אָפּגעשטעלט, — צוערשט מוזן מיר זיך װאָס שנעלער אַרויסציען פון דער געגנט.

— אָלרייט! — האָט מעק צוגעשטימט, — אָבער גיב מיר האַלטן דעם בייטל. פון װאַנען װייס איך, אַז דו װעסט ניט אַוועק מיט אים?

— און אויב כ'וועל אים דיר געבן האַלטן, פון װאַנען בין איך זיכער, אַז דו װעסט ניט פאַרשווינדן מיט אים? — האָט מאַיק איבערגעחזרט מעקסעס פראַגע.

— אויב אַזוי, לאָמיר גלייך אַריבער דעם װעג און זיך צעטיילן... אָט ביי יענעם באַלויכטענעם פענצטער פון שענק איז פאַראַן גענוג ליכט. — האָט מעק פאָרגעלייגט.

— װי איך זע, ביסטו אַ נישקשהדיקע לויז! — איז מאַיק בייז געוואָרן.

— דו גלויבסט קיינעם ניט.

— ריכטיק! — האָט מעק צוגעשטימט, — קיינעם ניט. דאָס איינציקע װאָס פאַרנעמט מיך איצט, איז צו װיסן װיפל געלט די פרוי האָט געהאַט אין איר בייטל און טאַקע גלייך קריגן האַלב.

זיי זיינען אַריבער דעם װעג און צוגעגאַנגען צום באַלויכטענעם פענצטער פון שענק, װעלכעס איז אַרויסגעקומען אויף אַ זייטיקער גאַס. מאַיק האָט אַרויסגענומען דעם בייטל פון אונטערן מאַנטל, אים געעפנט און מעק איז געשטאַנען האַרט איבער אים, מיט די בליקן, װי צוגעגליט צו זיינע הענט.

צוערשט איז פון בייטל אַרויסגענומען געוואָרן אַ פּעקל בריוו, אַרומגעבונדן מיט אַ רויט סטענגעלע, דערנאָך זיינען געקומען פיר זיידענע נאָזטיכעלעך און אַ צאָל אַרטיקלען פון פרויען טואַלעט. אויפן סאַמע דעק האָט

מאַיק געפונען אַ קליינעם לעדערנעם בייטל און אין דעם אַכט צען דאָלער־דיקע פּאַפּירלעך, פיר פינפערלעך, זעקס איינציקע דאָלער און עטלעכע זילבערנע מטבעות.

— הונדערט זעקס דאָלער מיט זעקס־און־דרייסיק סענט, — האָט מעק אויף שנעל איבערגעציילט, אויף מיין חלק, הייסט עס, קומט אויס דריי־און־פופציק דאָלער מיט אַכצן סענט.

מייק האָט אים שנעל איבערגעגעבן זיין חלק:

— נאַ, וואָרג זיך... קאָנסט אויך האָבן מיינע אַכצן סענט.

— אַ דאַנק! — האָט מעק מיט אַ לייכטן שמייכל אַ בויג געטאָן מיטן קאָפּ, — אין אַ שלעכטער צייט זיינען אַכצן סענט אויך עפּעס ווערט. — ער האָט פאַרזיכטיק באַהאַלטן דאָס געלט אין בוזעם־קעשענע און, ווי פאַר זיך, אַ זאָג געטאָן: — ס'וועט שוין איצט זיין מיט וואָס דער אַלטער פעל דירה־געלט צו באַצאָלן. — ער האָט זיך מיטאַמאָל ברייט צעשמייכלט און מיט אַ שולדיקער מינע אין זיינע ליכטיק־גרויע אויגן, שטיל אַ זאָג געטאָן:

— און דו, מאַיק, מיין ניט, אַז איך בין אַ לויז... כ'בין בלויז אַביסל אָנגעשראָקן און מיד. די לעצטע צוויי נעכט אין פּאַרקן געשלאָפן... כ'האָב עס ניט ליב... זייער ניט ליב...

מאַיק האָט געוואָרפן אויף אים אַן אויפמערקזאַמען בליק, אַ שוואַכן שמייכל געטאָן און, אַריינוואַרפנדיק דעם האַנט־בייטל אין אַ דערבייאיקער מיסט־קאַן, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— אָלרייט, מעק... לאָמיר וואָס שנעלער אַוועק פון דאַנען... גיי מיר נאָך!... — און ער האָט זיך געלאָזט גיין אין ריכטונג צו דער דריטער עוועניו „עלעוועיטער".

אין וואַגאָן זיינען זיי אַריין דורך צוויי באַזונדערע טירן און די גאַנצע צייט פון פאָרן געזעסן אין צוויי באַזונדערע, קעגנזייטיקע ווינקלען. ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער 149טער גאַס, איז מאַיק אַרויס אויף דער פּלאַטפאָרמע און מעק איז אים נאָכגעגאַנגען. זיי זיינען אַרויס אויפן קליינעם טומלדיקן סקווער, אַן איבערגעפילטן מיט העל־באַלויכטענע קראָמען, מיט שורות מענטשן און אויטאָמאָבילן. זיי זיינען שטיין געבליבן פאַר גאָר אַ גרויסן פענצטער פון אַ קראָם פון מענער־קליידער. מאַכנדיק דעם אָנשטעל ווי זיי וואָלטן זיך איינגעקוקט אין די אויסגעשטעלטע, אויסגעפוצטע מאַנעקענען מיט מענערשע אָנצוגן און מאַנטלען, האָט מאַיק שטיל אַ זאָג געטאָן:

— הער, מעק, איך וואוין דאָ ניט ווייט... עפּעס ווילט זיך מיר היינט ניט זיין אַליין... אפשר וואָלסטו היינט איבערגעשלאָפן ביי מיר?

מעק האָט געוואָרפן אויף אים אַ פרעגנדיקן בליק:

— און די באַלעבאָסטע, אָדער באַלעבאָס דיינער וועלן דיר גאָרניט זאָגן?

— ניטאָ ביי מיר אַזעלכע ווערים, — האָט מאַיק אַ צופרידענעם שמייכל געטאָן, — איך האָב פאַר זיך אַ באַזונדערן צימער מיט אַ קיך... כ׳בין אַליין דער בעל־הבית.

— און וואָס אויב עמיצער וועט מיך זען אַריינגיין מיט דיר אין הויז?

— איז מעק נאָך אַלץ געווען אומרואיק.

— זאָרג ניט! — האָט מאַיק נחתדיק געשמייכלט, — מיין אַפּאַרטמענט איז אין אַ גאָר אונטערשטן טייל פון אַ זעקס־שטאָקיקער געביידע און מען גייט אַריין דורכן הויף, דערצו איז דער אויפזעער פון הויז מיינער אַ לאַנדס־מאַן...

— אָלרייט, — האָט מעק צוגעשטימט, — אויב דו דענקסט, אַז אַלץ איז ווי עס באַדאַרף צו זיין.

— זאָרג ניט, ברודער! — האָט אים מאַיק אַ שטויס געטאָן אין דער זייט, — איצט הער: זעסט, אָט דאָרטן, איבערן וועג, איז פאַראַן אַ גרויסע דעליקאַטעסן קראָם. גיי אַריין אַהין און קויף אַ טוץ אייער, אַ האַלב פונט וואורשט, אַ האַלב פונט העם, עטלעכע זויערע אוגערקעס און פאַרגעס אויך ניט צו בעטן עטלעכע שקארמיצלעך מיט גאָרשיצע. און זשאַלעווע ניט קיין געלט. ראַקאָפעלער איז רייך. מיר׳ן אַלע אויסגאַבן צעטיילן אויף האַלב. איך וועל צוגיין און באַזאָרגן אַ גוט פלעשל שנאַפּס. מיר טרעפן זיך אויפן זעלבן אָרט אין פופצן מינוט אַרום.

מיט פופצן מינוטן שפּעטער האָבן זיי שויןביידע, שטאַרק אויפגעלייגטע, געשפּאַנט מיט פּעקלעך אין די הענט אין דער ריכטונג פון מאַיקס וואוינונג.

— ביסטו זיכער מיט דיין לאַנדסמאַן? — האָט מעק ווידער אַ פרעג געטאָן.

— ווי מיט זיך אַליין, — האָט מאַיק געשמייכלט, — מיר זיינען, מיט פינף יאָר צוריק, צוזאַמען געקומען אַהער פון וואָלדאָסטע.

מעקסעס גאַנג האָט זיך מיטאַמאָל ווי אָפּגעהאַקט און דאָס פּעקל איז שיער ניט אַרויסגעפאַלן פון זיינע הענט:

— פון וואַנען, זאָגסטו, ביזטו געקומען? — ער האָט מיט פאַרוואונדערונג, כמעט ווי מיט שרעק, אַריינגעקוקט מאַיקן אין פנים אַריין.

— פון וואָלדאָסטע, — האָט מאַיק איבערגעחזרט, — פאַראַן אַזאַ שטעטל אין שטאַט דזשאָרדזשיע... קיינמאָל ניט געהערט וועגן דעם?

מעק האָט שוין געהאַט געעפנט דאָס מויל צו ענטפערן, אָבער דער קלאַנג איז ווי דערשטיקט געוואָרן אין זיין האַלדז. פון דער צווייטער גאַס האָט זיך שטיל, ווי אַרויסגעגליטשט, ניט קיין גרויסער, טונקעלער אויטאָ־מאָביל מיט אַ וויסן דעכל און פון זיינע צוויי פענצטער האָבן, אין ביידע

זייטן גאַס, אויפמערקזאַם אַרויסגעקוקט צוויי פּאָליציי לייט.

דער אויטאָמאָביל איז לאַנגזאַם פאַרבייגעפאָרן אוןביידע, מאַיק מיט מעקן האָבן אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם:

— „דעמעט"! — האָט מאַיק באַמערקט, יעדעס מאָל, ווען איך זע די היגטישע זין פאַרבייפאָרן, דאַכט זיך מיר, אַז אָט שטעלן זיי זיך אָפּ און גיבן מיך אַ רוף צו זיך.

— איך פּיל אויך דאָס זעלבע.

זיי זיינען דורכגעגאַנגען אַ פּאָר שמאָלע געסלעך און מאַיק האָט אָנגעוויזן אויף אַ ברוין זעקס־שטאָקיק הויז איבערן וועג:

— אָט דאָ וואוין איך. טרעט אָפּ עטלעכע שפּאַן און גיי מיר נאָך.

— אָלרייט!

זיי זיינען אַריבער די גאַס, אַרומגעגאַנגען דאָס הויז און זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ טיפן הויף. די ברייטע טיר פונעם קעלער־שטאָק איז געווען ברייט צעעפנט און די ווענט, פון ביידע זייטן, זיינען געווען געדיכט באַשטעלט מיט איבערגעפילטע מיסט־קאַנען. אַ שווערער געשטאַנק האָט אָנגעפילט די לופט.

מעק האָט געפּרואווט, מיט דער האַנט, זיך צו פאַרשטעלן די נאָז.

— זאָרג ניט, — האָט אים מאַיק באַרואיקט, — אין מיין פּאַלאַץ וועסטו אָט דעם געשטאַנק, לחלוטין, ניט פילן. גיי מיר נאָך. דער טייוול ווייסט פאַרוואָס ס׳איז דאָ אַזוי פינצטער.

גיך זיינען זיי שוין געווען אין אַ היפשן צימער און ווען מאַיק האָט אָנגעצונדן דאָס עלעקטרישע לעמפּל, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט ניט קיין סך איבערטריבן. סיי דער צימער גופא, אַזוי אויך די קליינינקע קיך זיינען געווען גאַנץ געמיטלעך איינגעאָרדנט. ביי די צוויי קליינינקע פענצטערלעך, וועלכע זיינען אַרויסגעקומען אין הויף, איז געשטאַנען אַ ברייטע בעט, נעט פאַרדעקט מיט אַ אינדיאַנער קאָלדרע; צו אַ צווייטער וואַנט האָט זיך, ווי צוגעטוליעט, אַ דריי־פוסיקער קאָמאָד מיט אַ צעבראָכענעם שפּיגל, אַ קיך־טיש מיט דריי פאַרשיידנאַרטיקע שטולן האָט פאַרנומען די מיט פון צימער און פון קיך האָבן היימלש אַרויסגעקוקט אַ היפשלעך פאַרזשאַווערטער אויוון, אַ „סינק" און אַ פּאָר ריינע האַנטוכער אויף דער וואַנט.

ביי זייער אַריינקומען איז אַ ווייסע קאַץ גלייך אַרויפגעשפּרונגען אויפן טיש און מיט אַ צופרידענעם מורמלען אונטערגעשטעלט איר אויסגעבויגענעם רוקן אונטער מאַיקס לאַסטשענדיקער האַנט.

— קוק זיך, ברודערקע, גוט אַרום, — האָט מאַיק אָנגעקוואָלן פון זיין באַלעבאַטישקייט, — ניט שלעכט זיך איינגעאָרדנט, האַ? דאָס האָט מיר

מיין לאַנדסמאַן צוזאַמענגעשלעפּט אַט־די אַלע זאַכן, וואָס די שכנים וואַרפן אַרויס.

— ניט שלעכט, — האָט מעק צוגעשטימט, — דאָס איינציקע וואָס דיר פעלט דאָ איז אַ ווייב מיט אַ האַלבן טוץ קינדערלעך.

— קינדערלעך זיינען דאָ ביי אונדז אין הויז, פאַראַן איבער גענוג, — האָט זיך מאַיק צעלאַכט, — אָבער וועגן אַ ווייב האָסטו כמעט ווי געטראָפן. פאַראַן אַ מיידל דאָ, — ער האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט צום סופיט, — זי דינט טאַקע אויפן ערשטן שטאָק, ביים ציין־דאָקטער... אַ שיינע מויד... קומט זי אַרונטער צו מיר יעדן מאָנטיק אָוונט און גייט צוריק אַרויף דינסטיק אינדערפרי... — ער האָט אַ צופרידענעם לאַך געטאָן, — דאָס פאַרברענגט זי אַזוי ביי אירער אַ קראַנקער טאַנטע אין ברוקלין.

מיט אַ צען מינוטן שפּעטער זיינען שוין ביידע מענער געזעסן ביים טיש, אויף וועלכן עס זיינען געשטאַנען צוויי טאַסעס הייסע קאַווע און אויף עטלעכע טעלער זיינען געלעגן אויסגעשפּרייט פאַרשיידענע מינים דעליקאַטעסן, אויך זויערע אוגערקעס און גאַרשיצע. די פלאַש שנאַפּס האָט פאַרנומען דעם אויבן־אָן. די ערשטע צוויי גלעזלעך האָט יעדער געטרונקען פאַרן צווייטנס געזונט. די איבעריקע גלאַט אַזוי, צווישן עסן.

מיטאַמאָל האָט זיך מעק דערמאָנט:

— זאָג נאָר, מאַיק... דאָרטן, פריער, אין גאַס, איידער די הינטישע זין, די פּאָליציילייט, זיינען אָנגעקומען, האָסטו געזאָגט, אַז דו מיט דיין לאַנדסמאַן, דעם אויפזעער איבער אָט־דעם הויז, זענט געקומען פון... — ער האָט אויפגעהערט צו עסן און אויפמערקזאַם אַריינגעקוקט מאַיקן אין פּנים אַריין, — פון וואָס פאַראַ שטאָט, האָסטו פריער געזאָגט, זענט איר געקומען?

— פון וואָלדאָסטע, לאַודענס קאַונטי, דזשאָרדזשיע... וואָס, ביסט דאָרטן אפשר געווען אַמאָל?

מעק האָט טיף אָפּגעזיפצט:

— זאָג מיר, ווייסטו אַז נעבן דיין וואָלדאָסטע איז דאָרטן פאַראַן אַ קליין שטעטל מיטן נאָמען דעשער?

איצט האָט שוין מאַיק אַ פאַרוואונדערטן קוק געטאָן אויף מעקן:

— זיכער ווייס איך! ביסט אפשר געווען אַמאָל דאָרטן?

מעק האָט אַ טרויעריקן שמייכל געטאָן:

— כ'בין דאָרטן געבוירן געוואָרן...

מאַיק האָט זיך גאָר דערפרייט:

— הער נאָר אַ מעשה!... אין דעשער האָט אַמאָל מיינער אַ פעטער געוואוינט... כ'בין ביי אים אפילו עטלעכע מאָל אין הויז געווען... אַ קליין שטעטעלע, אַ שטילס, אַ ציכטיקס... — עך! — האָט ער אַ זיפץ

געטאָן, — אונדזער וועלטל איז שוין גאָרניט אַזוי גרויס, ווי עס דאַכט זיך... און ווי מאָדנע מיר האָבן זיך עס היינט געטראָפן, פונקט ווי עמיצער וואָלט אונדז אָט־די אַלע פאַרגאַנגענע יאָרן פאַר די הענט אַרומגעפירט און צום פאַרק געבראַכט.

— יאָ, — האָט מעק אַ סאַרקאַסטישן לאַך געטאָן, — און אָט דער קלוגער עמיצער האָט אונדזביידן שיער ניט פּראָוואָצירט צו דערשיסן איינער דעם צווייטן.

— אַזוי? — האָט מאַיק צופרידן געשמייכלט, — ביסטו, הייסט עס, גאָר מיינער אַ לאַנדסמאַן? אויב אַזוי, טאָ זאָג מיר, וואָס פאַרוואָ מין אַרבעט האָסטו געטאָן אין דער היים, ביז ביסט געקומען אַהער?

מעק האָט טיף אָפּגעזיפצט, געקוקט אַ ווײַלע פאַרטראַכט פאַר זיך, דערנאָך שנעל, ווי אײַלנדיק זיך, אָנגעגאָסן אַ גלעזל שנאַפּס, עס אויסגעטרונקען, עטלעכע מאָל איבערגעלאָפן מיט דער רעכטער האַנט איבערן פּנים, אַ הוסט געטאָן און גענומען שטיל דערציילן. און דאָס קול זיינס, געוויינלעך אַ שטייפס, אַ רוגזדיקס, איז געוואָרן איצט ווייך און געקומען ווי פון דער ווייט, אין וועלכער זיינע ליכטיק־גרויע אויגן האָבן איצט אָנגעשטרענגט געקוקט:

— אַ פאַרמער בין איך געווען. אַ „שער קראָפּער"... שווער געאַרבעט, אָבער ניט שלעכט געלעבט... אַ פרוי געהאַט, אַ זון, ווילי, פון עלף יאָר... אַ גוטער יינגל געווען... ווען דער אַלטער לענדלאָרד איז געשטאָרבן... אַ פיינער מאַן געווען... האָט אַ באַנק איבערגענומען אונדזער גאַנצע געגנט... פאַבריקן האָבן זיי געוואָלט דאָרטן בויען, און גענומען טרייבן די נעגערשע, ווי אויך די ווייסע, פאַרמערס פונעם לאַנד... „דעמעט"! — ער האָט אַ בייזן קריץ געטאָן מיט די ציין, — ווי איך האָב זיך עס ביי דעם אַלטן, היינטישן זון, ביי דעם באַנק פּרעזידענט זייערן געבעטן ער זאָל מיך פון מיין שטיקל לאַנד ניט אַראָפּטרייבן!... געוויינט פאַר אים... ער האָט גאָרניט געוואָלט טאָן... צוויי מאָל האָב איך, מיט אַ ביקס אין האַנט, פאַרטריבן די שעריפס, וועלכע זיינען געקומען מיך פון מיין היים אַרויסזעצן... ס'האָט אָבער ניט געהאָלפן. זיי האָבן מיך, סוף־כל־סוף, צוזאַמען מיט דער ווייב און זון פון לאַנד פאַרטריבן... — ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און זיינע אויגן האָבן זיך כמעט ווי צוגעמאַכט און די שטייף־צוזאַמענגעצויגענע ליפּן זיינען אַזש בלוילעך־ווייס געוואָרן.

— און ווייטער וואָס איז געשען? — האָט מאַיק געוואָלט וויסן.

— אויפן צווייטן טאָג, נאָך דעם ווי זיי האָבן מיך פון מיין היים אַרויסגעטריבן, בין איך אַריין אין יענער באַנק און אים, דעם פּרעזידענט, גוט אָנגעבראָכן די ביינער... אָן רחמנות געשלאָגן... מעגלעך דער הונט גייט נאָך היינט אויף קוליעס...

— האָבן זיי דיך געכאַפּט?

— יאָ... דריי יאָר מיר געגעבן... צוויי יאָר געווען פאַרשפּאַרט.

— און דערנאָך?

— דערנאָך איז שוין ניט געווען מער קיין היים וואוהין און צו וועמען צו קומען. די ווייב איז געשטאָרבן און דער יינגל איז ערגעץ־וואו אַנטלאָפן.

— יאָ, — האָט מאַיק אַ לאַנגן און שווערן זיפץ געטאָן, — אַזוי גייט עס...

מאַיק האָט ווידער אָנגעפילט ביידע גלעזלעך און בעת מעק האָט זיין ביסל שנאַפּס אַראָפּגעשלונגען מיט איין צוג, האָט מאַיק פון זיינעם בלויז איין זופּ געטאָן, עס אַוועקגעשטעלט אויפן טיש און זיין פּנים האָט זיך פאַרצויגן מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל:

— דו ווייסט, מעק, דיין מעשה איז, גאָט־פאַרדאַמט, ענלעך אויך צו מיין אייגענער געשיכטע, מען דאַרף בלויז עטוואָס אַ בייט־טאָן די פּערזאָנען... דער פּלאַץ איז סיי ווי געווען דערזעלבער. און לאָמיר דיר זאָגן, אַז וואָס מער איך קוק זיך צו און הער זיך צו צום לעבן, אַלץ זיכערער ווער איך, אַז ניט דער גערעכטער גאָט פירט אונדזער וועלט, נאָר דער טייוול... אָט... האָסטו געהאַט אַ פאַרם, איך — אַ גראָסערי... דיך האָט די באַנק דערשטיקט, מיך האָט איינע פון די עטלעכע ריזיקע שפּייז־קאָמפּאַניס צעקוועטשט... ווי האָב איך, אַ לויז, וועמענס גאַנצער געשעפט איז די זוערט געווען ניט מער ווי אַ פּאָר טויזנט דאָלאַר, זיך געקאָנט קעגנשטעלן זייערע פּרייזן, זייערע „ספּעשלס", זייערע צייטונג־און ראַדיאָ־אַנאָנסן?!... און ווען עס האָט זיך ניט ווייט פון מיין קרעמל געעפנט איינע פון יענע ריזיקע קראָמען, זיינען מיינע קונים, אפילו פריינט, ביסלעכווייז אַריבער צו איר... און איך?... איך פלעג גאַנצע טעג זיצן און וואַרטן... וואַרטן, אפשר וועט עמיצער פאַרט אַריינקומען... פריינט האָבן מיך געראַטן צו אַנטלויפן, עפענען אַ קראָם אין אַ קליין שטעטל, וואוהין די קאָמפּאַניס זיינען נאָך ניט אַריינגעקראָכן... און אונדזער גלח, פאָטער ניקאָנס, האָט מיר געראַטן אויפגעבן די קראָם און בעטן אַ שטעלע ביי דער זעלבער קאָמפּאַני... פאַרשטייסט? ביי דער זעלבער קאָמפּאַני וואָס האָט מיך רואינירט... זאָל איך, הייסט עס, זיך אָנשטעלן איר לעקן דעם הינטן...

— און דער סוף איז געווען... — האָט מעק אים געפּרואווט ווי אונ־טערצוזאָגן.

— און דער סוף איז געווען, אַז אין איין נאַכט האָב איך אונטער־געצונדן זייער קראָם, — ער האָט אַ טשירע געטאָן מיט די ציין, — גוט אונטערגעצונדן... פון דריי זייטן... און אַלץ האָט אויסגעברענט ביז'ן סאַמע גרונט...

— און זיי האָבן זיך, מן־הסתם, אָנגעשטויסן ווער ס'האָט דעם פייער

געמאַכט? — האָט מעק געוואָלט טרעפן.

— יאָ! — האָט מאַיק, ווי מיט פרייד, אָנגעבויגן דעם קאָפּ, — זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן און מען האָט מיך אַרעסטירט. דריי חדשים האָבן די היג־טישע זין מיך געהאַלטן פאַרשפאַרט, מיך געמאַטערט מיט פראַגעס... ענדלעך געמוזט אַרויסלאָזן: ניט געהאַט קיין צו קלאָרע באַווייזן... בין איך צו־ריקגעקומען אין מיין ליידיקער גראָסערי און דורכן פענצטער געקוקט אויף דער נייער, שיינער געביידע, וועלכע די קאָמפּאַני האָט, פאַר דער צייט, שוין געהאַט אויפגעבויט... וואָס פאַראַ געביידע! וואָס פאַראַ ריזיק־גרויסע פענצ־טער! וואָס פאַראַ „ספּעשלס" און קונים — אין אויטאָמאָבילן — אין די הונדערטער... ווי כ'האָב שפּעטער אויסגעפונען, האָב איך איר, דער גאָט־פאַרדאַמטער קאָמפּאַני, גאַר אַ טובה געטאָן מיט מיין פייער: זי האָט גע־קראָגן אַ גרויסן פאַרזיכערונג־אָפּצאָל... פאַרשטייסט?! — האָט ער אַ שפּאָטיש־בייזן פרעג געטאָן, — אַז וואָס מיר, אָרעמע טייוואָלים, זאָלן ניט טאָן, וואוהין מיר זאָלן זיך ניט קערן — זיינען מיר שטענדיק אין זייערע לאַפּעס... זיי בלייבן שטענדיק די געווינער.

— איך פאַרשטיי, — האָט מעק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, — ביסט גע־רעכט, מאַיק. אַלץ געפינט זיך אין זייערע לאַפּעס, אפילו די געזעצן אויך... ענדיק דיין ביסל שנאַפּס.

מאַיק האָט אַריינגעגאָסן דאָס גלעזל שנאַפּס אין האַלדז און טיף אָפּגע־זיפצט:

— יאָ, און מיר זיינען ניט די איינציקע... די זעלבע מעשיות פּאַסירן מיט טויזנטער אַנדערע... — ער האָט זיך ווי דערמאָנט אין עפּעס: — און יאָ, רוף מיך ניט מער מאַיק. מיין אמתער נאָמען איז דזשאָו, דזשאָו מעסטער.

— אַ דאַנק, דזשאָו! — האָט מעק אַ צופרידענעם שמייכל געטאָן, — מיין נאָמען איז אויך ניט מעק, נאָר באָב, באָב סטימטאָן.

ביידע האָבן זיך באַטראַכט מיט שמייכלענדיקע בליקן, ווי אַלטע באַ־קאַנטע.

די ווייסע קאַץ, וועלכע איז ביז איצט געווען באַשעפטיקט מיטן עסן די שטיקלעך פלייש, וואָס דזשאָו האָט איר אָפּט געוואָרפן אונטערן טיש, איז איצט אַרויפגעשפּרונגען אויף זיינע קני, זיך גענומען רייבן מיט דער זייט אָן זיין בויך און מיט איר פאַרדרייטן עק אים געקיצלט אונטער דער געמבע.

— גיי אַרונטער, קעצל! — האָט דזשאָו זי אַ לייכטן שטויס געטאָן, — מיר דאַרפן דיך איצט ניט.

דאָס קעצל איז דאַן אַרויף אויפן טיש און אַראָפּ אויף באָבס קני און מורמלענדיק זיך גענומען רייבן אָן זיין האַנט. ער האָט זי גענומען גלעטן און שטיל רעדן, ווי צו זיך אַליין:

— ביי מיר, אַמאָל, אויפן פאַרם... איז אויך געווען אַזאַ קאַץ... טאַקע

אויך אַזאַ ווייסע, מיט אַ שוואַרצן פלעק אויפן רוקן... — מיטאַמאָל האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און פעסט אַ קוק געטאָן דזשאָוען אין די אויגן:

— דו ווייסט, דזשאָו, מיר איז שוין אַלץ איינס... אפילו קיין שפּיי וואָלט איך ניט געוואָלט טאָן אויף זייער גאַנצער וועלט... איין זאַך וואָלט איך אָבער נאָך געוואָלט דערלעבן... בלויז די איינציקע זאַך... און דאָס טרייבט מיך פון איין אָרט אויפן צווייטן... — עפּעס האָט זיך ווי אָפּגעריסן ביי אים אין האַלדז, עפּעס האָט דאָרטן ווי אַ שטילן קריי געטאָן, — אים, דעם בחור מיינעם, וואָלט איך נאָך געוואָלט כאָטש נאָך איין מאָל זען... בלויז איין מאָל אַ קוק טאָן אויף אים... כ׳וואָלט, מעגלעך, דאַן אפילו גאָט באַדאַנקט פאַר אַלץ וואָס כ׳בין דורכגעגאַנגען...

דזשאָו האָט זיך טיף צוגעבויגן צום חבר און שטיל אַ פרעג געטאָן:

— דו מיינסט דאָך זיכער, אים, דעם זון דיינעם?

באָב האָט אַ צושטימיקן שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און ווי שווערע שטיינד־לעך וואָס פאַלן פון דער הויך אין אַ כלי פול מיט וואַסער, אַזוי האָבן פון זיין מויל זיך גענומען רייסן און פאַלן שווערע, אָפּגעהאַקטע ווערטער: — יאָ, אים... מיין ווילין... אים זוך איך שטענדיק אַרום... אים וואָלט איך גע־וואָלט געפינען... מיין יינגל... — זיינע ליכטיק־גרויע אויגן זיינען מיטאַ־מאָל פאַרגאָסן געוואָרן מיט טרערן און, שנאָרכענדיק, האָט ער זיי געפּרואווט אָפּווישן מיטן רעכטן פויסט.

— ס׳אַלרייט, באָבי, — האָט אים דזשאָו אַ קלאַפּ געטאָן איבערן אַקסל, — זיי זיכער, אַז וועסט אים נאָך געפינען... אונדזער וועלט איז ניט אַזוי שטאַרק גרויס, ווי עס דאַכט זיך אויס... אָט האָבן מיר זיך דאָך געטראָפן... זיי זיכער, אַז ער זוכט דיך אויך אַרום... ער געדענקט זיכער דעם טאַטן זיינעם: באָב סטימסאָנען... דו מעגסט זיין זיכער אין דעם...

און באָב האָט צוגעשפּאַרט דעם קאָפּ צום טיש, ניט געוויינט מער, אָבער מיט דער רעכטער האַנט האָט ער געהאַלטן אין איין ווישן די אויגן און מיט דער לינקער לייכט געדריקט די קאַץ צו זיך. און די קאַץ, אַ דערמוטיקטע פון זיין לאַסקע, האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די הינטערשטע פיסלעך און גענומען לעקן זיין לינקן אויער.

דערנאָך האָט זי זיך אַרויסגעגליטשט פון אונטער באָבס האַנט, איז ווידער אַרויף אויפן טיש, אַ פאַרזיכטיקן שפּאַציר געטאָן צווישן די טעלער און גלעזלעך, צוגעקומען צו דזשאָוען און מיט צוטרוי אים אַ קוק געטאָן גלייך אין די אויגן אַריין.

און דזשאָו האָט צוגעבויגן זיין קאָפּ צו אירן, אַ לייכטן רייב געטאָן זיין נאָז אָן אירער און שטיל אַריינגעטעמט איר אין אויער אַריין:

— יאָ, קעצל, אונדז ביידן איז גוט, זייער גוט: מיר האָבן ניט קיינעם, דאַרפן ניט קיינעם און וואַרטן ניט אויף קיינעם.

# מיין נדר

(פונעם ווייטן אַמאָל)

גטווידמעט דעם אָנדענק פון מיינע צוויי טייערסטע:
דעם שוואָגער **ישראל** און דער שוועסטער **רודי.**

פאַראַן אין לעבן פון יעדן מענטשן איבערלעבונגען, סיי טראַגישע, אַזוי אויך קאָמישע, וואָס פאַרגעסן זיך לייכט. זיי האַלטן אָן אַ געוויסע צייט און פאַרגייען ביסלעכווייז, ווי די שיין פון דער אונטערגייענדיקער זון.

פאַראַן אָבער אויך אַזעלכע איפּטרייסלונגען וואָס פאַרגעסן זיך, כמעט ווי קיינמאָל ניט, איבערלעבונגען וועמענס שוידער בלייבט טיף איינגעקריצט אין זכרון און אַמאָל, אין שלאָפלאָזע נעכט, אָדער גרויע, איינזאַמע טעג — שווימען זיי אַרויס, אָט יענע דעראינערונגען, צווינגענדיק דיך פונדאָסניי איבערצולעבן דאָס וואָס עס איז שוין אַזוי ווייט אַוועק...

און אָט וועגן אַזאַ פיינלעכער איבערלעבונג, וועלכע האָט פּאַסירט אין מיין לעבן מיט אַ סך יאָרן צוריק און וועלכע לעבט צייטנווייז אויף אין מיר — ווילט זיך מיר איצט דערציילן.

דעם אמת געזאָגט, האָב איך זיך שוין לאַנג געקליבן עס צו טאָן, אָבער אַלץ ווי מורא געהאַט זיך צורירן צו דעם, עס אַלץ אָפּגעלייגט אויף שפּעטער און עס איז פאַר מיר אַליין ניט אינגאַנצן קלאָר פאַרוואָס אָט־דער „שפּעטער" איז גראַדע אָנגעקומען אָט איצט, אין זומער פונעם יאָר 1956, ווען איך פאַרברענג מיינע טעג און נעכט צווישן טויזנטער ריזיקע סאָסנעס און „מייפּל" ביימער, אין אַ געוויסער קאָלאָניע, ניט ווייט פון ניו־יאָרק, ווען אַרום מיר שפּרייטן זיך גרינע, גלאַט־געשוירענע לאָנקעס, איינגעטונקענע אין בייטן מיט פיל־פאַרביקע בלומען, ווען...

אָבער, אַזוי צי אַנדערש, דער פאַקט בלייבט, אַז איין מאָל, אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט, האָט עמיצנס אַ קול פלוצלונג אָפּגעקלונגען אין מיין זכרון און צוויי מאָל איבערגעחזרט דעם נאָמען: „ניקיטאַ וואָלקאָוו... ניקיטאַ וואָלקאָוו..." דערנאָך אַ פרעג געטאָן: „ש. דייקסעל, דו האָסט אים, ניקיטאַן, זיכער ניט פאַרגעסן?!..." און דאָס קול איז אַזוי הויך און קלאָר געווען, אַז כ'האָב זיך געוואונדערט ווי אַזוי מיין פרוי, וועלכע האָט זיך געפונען אַזוי נאָענט צו מיר, האָט עס ניט דערהערט.

און אָט־דער נאָמען „ניקיטאַ וואָלקאָוו" האָט, ווי מיט אַ כישוף־שטעקעלע,

מיטאַמאָל אַ הויב געטאָן פאַר מיר דעם פאַרהאַנג פונעם ווייטן רוסישן טורקעסטאַן מיט זיינע ענדלאָזע באַוול־פעלדער, געדיכט איבערגעשניטענע מיט מעלאָדיש קלינגענדיקע „אַריקן" (שמאָלע וואַסער־שטראָמען) און דעם האָריזאָנט — אַזאַ וואונדערלעך באַפּוצטן מיט די אייביק־שנייאיקע „טיאַן־שאַנער" בערג.

און כ'האָב דאַן, אין יענער נאַכט, פעסט באַשלאָסן, אַז עס איז ענדלעך געקומען די צייט צו דערציילן וועגן יענער ווייטער, בלוטיקער פּאַסירונג צווישן מיר און ניקיטאַ וואָלקאָוון.

אָבער כדי צו מאַכן דעם ענין אַביסל קלערער — צוערשט אַ פּאָר ווערטער ווי אַזוי איך בין „פרייוויליק" פאַרוואָרפן געוואָרן פון מיין געמיטלעכער בעסאַראַביע אַזש צו די גרענעצן פון אַפגאַניסטאַן און פּערסיע.

אָט די געשיכטע איז אויך פאַרבונדן מיט צוויי פּערזענלעכע מאָמענטן: ערשטנס, מיט מיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, און צווייטנס, מיט מיין וואַנדער־לוסט.

איך בין נאָך קיין פולע צען יאָר ניט אַלט געווען, ווען מיין מוטער, אַן אַלמנה, טשאַרנע איז געווען איר נאָמען, איז געשטאָרבן און מיין קינדערלאָזע שוועסטער, רודי, מיטן מאַן אירן, ישראל, האָבן מיך צוגעשריבן צו זיך, אַלס זייער אייגן קינד. ווען עס איז געקומען די צייט זיך צו שטעלן צום „פּריזיוו" האָב איך, אַלס זייער איינציקער זון און ברויט־געבער, געהאַט דאָס געזעצלעכע רעכט ניט צו גיין „דינען פּאָניען", ווי מען פלעגט ביי אונדז אין בעסאַראַביע זיך אויסדריקן וועגן דער מיליטערישער דינסט.

און דאָ איז פאַר מיר דערשינען די פאָלגנדיקע פּראָבלעם: זיך באַהאַלטן אונטערן שוץ פון געזעץ וועגן „ברויטגעבער", אָדער אַריינטרעטן אין דער אַרמיי און פאָרזעצן מיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט, וועלכע כ'האָב אויך ביז איצט אָנגעפירט מיט גרופּעס סאָלדאַטן אין קישינעוו?

ווי כ'האָב שוין פריער באַמערקט, האָט אין מיין וואונטש אַריינצוטרעטן אין דער אַרמיי אויך געשפּילט אַ היפּשע ראָלע מיין וואַנדער־לוסט. אין איצטיקן פאַל האָבן מיך שטאַרק אויפגערייצט די ידיעות, וואָס אַ פּאָר פון „מיינע" סאָלדאַטן האָבן מיר געבראַכט, אַז היי־יאָר וועט מען פון קישינעוו שיקן אַ צאָל סאָלדאַטן קיין קאַווקאַז און אויך קיין טורקעסטאַן און אַז געשיקט וועלן זיי ווערן ניט, ווי פריער, לויט באַשטימונגען, נאָר לויט צעטלען, וועלכע זיי אַליין וועלן אַרויסציען.

דער לעצטער פאַקט האָט נאָך מער צעהיצט מיין פאַנטאַזיע און כ'האָב ניט דערלאָזט דעם שוואָגער אויסצופילן די נויטיקע פּאַפּירן וועגן מיין „ברויטגעבערשאַפט".

פאַרשטענדלעך, אַז פריינט און משפחה האָבן מיך, סיי מיט גוטן, אַזוי

אויך מיט אַנשרעקענישן, געפּרוּאווט אָפּרעדן פון מיין פּלאַן, כ׳בין אָבער געבליבן ביי מיינעם.

כ׳האָב זיך אין צייט געמאָלדן צו דער מיליטערישער מאַכט, אויסגע־פילט דאָרטן די נויטיקע פּאַפּירן, בין מיט אַ וואָך שפּעטער דורכגעגאַנגען די מעדיצינישע אונטערזוכונג און דער דאָקטאָר האָט מיר נאָכדעם אַ קלאַפּ געטאָן איבערן אַקסל און מיט אַ צופרידענעם שמייכל אַ זאָג געטאָן:

— דייקסעל, דו וועסט זיין אַן אויסגעצייכנטער סאָלדאַט... הלוואי האָבן מיר אַ סך אַזעלכע!

און כ׳בין מיט מזל געוואָרן, אמת, דערווייל נאָך ניט קיין אָפּיציעלער מיטגליד אין קיסר ניקאָלאַי דעם צווייטנס אַרמיי.

מיט אַ וואָך שפּעטער האָט מען אונדז, די יונגע סאָלדאַטן, צוזאַמענגע־רופן אין אַ ריזיקער קאַזאַרמע, וואוהין אַ צאָל זיינען געקומען מיט זייערע פריינט און יעדער האָט מיט גרויס האַרץ־קלאַפּעניש געצויגן אַ נומער. אויף מיין אַרויסגעצויגענעם צעטל איז קלאָר געשטאַנען אָנגעשריבן דער נאָמען פון דער שטאָט מינסק.

כ׳האָב זיך דערפילט היפּשלעך דערשלאָגן. וואָס איז, איגנטלעך, דער אונטערשייד צווישן קישינעוו און מינסק? בעסאַראַביע איז זיכער פיל שענער און רייכער פון ווייס־רוסלאַנד. דער טרוים וועגן פאַרוואָרפן צו ווערן אין אַ וויטן עקזאָטישן לאַנד האָט געמוזט צערונען ווערן.

מיטאַמאָל האָבן זיך, פון דער זייט, צו מיר דערטראָגן עטלעכע אויפ־געערגטע שטימעס, וועלכע האָבן, כמעט ווי מיט פאַרצווייפלונג, געהאַלטן אין איין נאָכפרעגן זיך ביי די אַרומיקע, וואָס פאַראַ לאַנד איז עס טורקוסטאַן, ווי וויט עס געפינט זיך און וואָס פאַראַ ווילדע שבטים עס וואוינען אין דער שטאָט נאָווע־מאַרגעלאַן?

איך בין גלייך צוגעגאַנגען, געגעבן דעם פאַרצווייפלטן סאָלדאַט און זיינע דריי פריינט אָביסל אינפאָרמאַציע וועגן קליין אַזיע און טאַקע גלייך זיי פאַרגעלייגט זיך צו בייטן מיט די צעטלען. זאָל ער, מיט מזל, פאָרן קיין מינסק און איך קיין נאָווע־מאַרגעלאַן.

דער בחור, אַ טיפּיש יידישער, זיידענער יונגערמאַן: אַן איידעלער, מיטן פרישן, ערשטן בערדל און וואָנצעלעך, מיט אַ לאַנגעכיקן, בלייכן פּנים — האָט געקוקט אויף מיר מיט זיינע שוואַרצע, ניט־גלויביקע אויגן און באַ־וועגט מיט די ליפּן, ניט געפינענדיק, ווייזט אויס, קיין נויטיקע ווערטער מיר צו ענטפערן.

זיינע פריינט האָבן מיך אויך באַטראַכט מיט פאַרדעכטיקטע בליקן. ענדלעך האָט איינער פון זיי מיך פאָרזיכטיק אַ פרעג געטאָן:

— און זאָג מיר נאָר, וויפל, אַשטייגער, מזומן ווילסטו פאַר אָט־דעם בייט ?

— גאָרניט ! — האָב איך שמייכלענדיק געענטפערט.

אַלע האָבן זיי, ווי איינער, צוערשט ברייט צעעפנט די מיילער, דערנאָך זיך איבערגעקוקט מיט צווייפלענדיקע בליקן, פונקט ווי זיי וואָלטן געוואָלט פרעגן איינער ביים צווייטן : „וואָס איז ער, אָט דער בחור, אַ משוגענער ?... צי אפשר וויל ער גאָר אונדז אַריינשלעפּן אין עפּעס אַ בלאָטע ?"

נאָך אַ קורצער פּאַוזע האָט דער יונגערמאַן אַליין זיך אָפּגערופן :

— הער, ברודער, איך פאַרשטיי דיך אינגאַנצן ניט. דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז ביז מינסק איז בלויז אַ פּאָר טעג פאָרן און ס'איז פאַראַן אַ בטחון אָפּט אַהיים צו קומען אויף אורלויב... בעת דאָס וויסטע, הריי־חושך לאַנד טורקעסטאַן, ווי דו אַליין זאָגסט, געפינט זיך דער טיזול ווייסט וואו...

— כ'וויים עס גאַנץ גוט ! — האָב איך צוגעגעבן, — און דאָך וויל איך זיך בייטן מיט די צעטלען.

זיי האָבן זיך ווידער איבערגעקוקט און איינעם איז איינגעפאַלן אַ גע־דאַנק :

— זאָג דעם אמת, אפשר האָסטו גאָר דאָרטן פריינט, אָדער משפחה ?

— האָסט געטראָפן ! — האָב איך זיך אָנגעכאַפּט, — כ'האָב דאָרטן אַ צאָל פריינט און אַ היפּשן טייל פון מיין משפחה !

זיי האָבן, מיט באַלייכטערונג, אָפּגעכאַפּט די אָטעמס און דער יונגער־מאַן האָט צוגעגעבן : — אויב אַזוי — איז אַלץ איצט קלאָר... — ער האָט זיך פאַרטראַכט אויף אַ ווײַלע און צוגעגעבן : — דאָך, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ס'וועט אויסקומען אַ צווייענדיקע טובה, וויל איך ניט אינגאַנצן אומ־זיסט. כ'וועל דיר געבן פופציק רובל.

— ניין ! — האָב איך אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, — אַז כ'וויל ביי דיר קיין געלט ניט...

דער יונגערמאַן האָט זיך ווידער איבערגעקוקט מיט זיינע פריינט און קריגנדיק, ווייזט אויס, זייער צושטימונג, האָט ער, ניט זיכער, צוגעגעבן :

— וועט פינף־און־זיבעציק רובל זיין בעסער ?

— גיי צום טייוול ! — בין איך שוין ביין געוואָרן, — איצט הער וואָס איך וועל דיר זאָגן : אָדער דו, בחור, בייטסט זיך גלייך, די מינוט, מיטן צעטל, אָדער כ'וועל גלייך געפינען אַ טוץ אַנדערע קאַנדידאַטן, וועלכע ווילן, פונקט ווי דו, ניט פאָרן קיין טורקעסטאַן !

אַלע פיר האָבן דערשראָקן אַ הויב געטאָן מיט די הענט און זיך באַ־מיט מיך צו באַרואיקן. דער יונגערמאַן האָט פלינק אַרויסגעכאַפּט פון

קעשענע זיין קוויטל, עס פאַרביטן אויף מיינעם און אַלע זיינען זיי גליך פאַרשוואונדן פון דער קאַזאַרמע.

מיט צוויי וואָכן שפּעטער זיינען מיר אַרויסגעפאָרן אין ווייטן וועג. צו־ערשט איז אונדזער באַן באַשטאַנען בלויז פון זעקס וואַגאָנען, אָבער אויפן וועג, בפרט אין צענטראַל־רוסלאַנד, האָט מען צו אונדזער באַן געצומען צוטשעפּען נייע וואַגאָנען איבערגעפילטע מיט טיפּיש רוסישע, הויך־געוויקסיקע יאַטן. די צאָל פון אונדזערע וואַגאָנען איז אינגיכן אויסגעוואַקסן צו עטלעכע און צוואַנציק. און צוזאַמען מיט זיי איז, פאַרשטענדלעך, אויך געוואַקסן די סאָלדאַטסקע משפּחה.

ציט זיך לאַנגזאַם, זייער לאַנגזאַם, אַ לאַנגע שורה האַלב־אָפּגעריבענע, רויטע וואַגאָנעס, ציט זיך מיד איבער פאַרשנייעטע פעלדער, דורך געדיכטע וועלדער. דראַפּעט זיך קוים אויף בערג און בערגלעך, קריכט אַראָפּ אין כמורנע טאָלן און דער אַלטער לאָקאָמאָטיוו הערט ניט אויף אַזוי טרויעריק צו פייפן, פּונקט ווי ער וואָלט ביי וועמען געבעטן אים קומען העלפן שלעפּן אָט דעם לאַנגן צוג, אַזאַ איבערגעפילטן מיט ברויזנדיקער יוגנט.

און דער גרויער הימל, די פאַרשנייעטע פעלדער האָבן איינצייטיק פון אַלע פיר זייטן, אים אָפּגעענטפערט מיט פּונקט אַזאַ לאַנגן, פּונקט אַזאַ טרויעריקן פייף:

„אַ שאָד, אַלטער, אַ גרויסער שאָד... מיר קאָנען דיר איצט לחלוטין ניט העלפן. מיר ליגן אַליין דאָ פאַרפרוירענע פון ווינט, פראָסט און שניי... אַ שאָד... אַ גרויסער שאָד..."

אָבער די יוגנט אין די האַלב־אָפּגעריבענע וואַגאָנען האָט זיך ווייניק וואָס צוגעהערט צו די הילפס־רופן פון זייער אַלטן לאָקאָמאָטיוו און צו דעם ענטפער פונעם אַרום. זיי האָבן פאַרהילכט מיט זייערע לידער, געשרייען, געלעכטער און טענץ די טויטע סטעפּעס און ווי אויפגעריסן די דורות־לאַנגע שטילקייט פון אָט די פאַרוואָרפענע סטאַנציעס.

אָבער אין דער זעלבער צייט האָט אין יעדן איינעם פון אונדז גע־ברענט אַ צאָרן פאַר דער פאַרברעכערישער נאַכלעסיקייט מיט וועלכער די מיליטערישע פירערשאַפט האָט אָרגאַניזירט אונדזער פאָרן. איבערהויפּט האָט אונדז אויפגערעגט די ענגשאַפט אין די וואַגאָנעס, דאָס וועקן אינמיטן נאַכט צו גיין עסן מיטאָג און דאָס ניט פאַרגרייטן פון גענוג הייץ־מאַטעריאַלן פאַר אונדזערע קליינע, אייזערנע אויוועלעך. דער סוף איז געווען, אַז מיר פלעגן איניקע סטאַנציעס בוכשטעבלעך צעטראָגן אויף שטיקער. מען האָט גע־שלעפּט אין די וואַגאָנעס אַלץ וואָס האָט נאָר געקענט ברענען, און וואָרנונגס־טעלעגראַמעס האָבן גענומען פליען פאַראויס פון אונדזער באַן און אויף אַ צאָל קומענדיקע סטאַנציעס האָט מען זיך שוין אינגאַנצן ניט אָפּגעשטעלט.

אָדער, אויב מען האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן, האָבן שוין דאָרטן געוואַרט אויף אונדז געדיכטע רייען גוט־באַוואָפנטער פּאָליציי.

***

פיר וואָכן האָט געדויערט אונדזער וועג ביז מיר האָבן זיך דערשלעפּט קיין קאַווקאַז.

דער קאַווקאַזער קלימאַט און די נאַטור־שיינקייטן האָבן אונדז היפּשלעך באַרואיקט און אונדזער פרייד איז נאָך גרעסער געוואָרן, ווען מיר האָבן אויף דער צווייטער זייט פון קאַספּישן ים שוין אָנגעטראָפן העל־גרינע פעל־דער, אַ ריין־בלויען הימל און פונדערווייטנס האָבן אונדז באַגריסט די אייביק־פאַרשנייטע קעפּ פון דער קייט „טיאַן־שאַנער" בערג.

האָבן מיר זיך אַלע צוערשט גאַנץ היציק געשפּאַרט צי האָט יענע ווייטע, ווייטע שפּיצן אין בלויען הימל באַלאַנגען צו בערג אָדער דאָס זיינען גאַר ווייסע וואָלקנדלעך, און בלויז דער אויטאָריטעט פונעם באַן־קאָנדוקטער האָט געשליכטעט דעם עניין, אַז דאָס זיינען באַרג־שפּיצן.

מיט צוויי טעג שפּעטער, פאַרנאַכט צו, אין צייט פון אַן אָפּשטעל, האָבן מיר אַלע מיט גרויס פאַרוואונדערונג זיך צוגעקוקט און, מעגלעך, זיך אויך צוגעהערט צו דער פאַרבן־רייכער זון־אונטערגאַנג פאַרשטעלונג, מיט וועל־כער די „טיאַן־שאַנער" בערג האָבן אונדז באַגריסט.

ס'איז געווען אַ וואונדערלעכע סימפאָניע ניט נאָר פון די אַלגעמיין באַ־קאַנטע פאַרבן, ווי רויט, בלוי, ראָז, געל, גרין, ווייס און פיאָלעט, נאָר אויך פון זייערע צענדליקער איבערגאַנג־קאָלירן, וועלכע זיינען יעדע רגע גע־שאַפן געוואָרן ביי זייער צוזאַמענגיסן און פאַנאַנדערטיילן זיך.

און צוקוקנדיק זיך צום אויסטערלישן פאַרבן־שפּיל, האָט יעדע פאַרב, ביסלעכווייז, אָנגענומען אין מיינע אויגן דעם באַשטימטן אויסזען פון אַ מוזיקאַלישן אינסטרומענט און אין מיינע אויערן האָבן גענומען אָפּקלינגען זייערע קלאַנגען.

רויט איז געוואָרן דער הילכיקער, פריילעך־טרויעריקער טרומפּייט. דער רוף צום קאַמף, דער אָנזאָג פון זיג, פון גרויסער פרייד און עקסטאַז . . .

ראָז און בלוי — די פידלען, פיקאָלאָס און פלייטן. די צאַרטע באַרו־איקער, די „לאָלעביי"־זינגער פון קינדהייט, דער שמייכל פון אומשולד, דער אויפברויז פון יוגנט, דער אייביקער צוזאָג אויפן בעסטן און שענסטן. . .

געל — דער טראָמבאָן. דער אומצופרידענער, בייזער אָפּלאַכער, דער זיס־שמייכלענדיקער ניט־פאַרגינער פון פרעמדער רו און פרייד, דער פאַל־שער פריינט. . .

גרין — די פויקן מיט די טאַצן. די בייזע אויפברויזער, די צופרידענע

אַנזאָגער פון שרעק און אומגליקן, וועלכע קענען פּלוצלונג צו יעדער מינוט, ווי אַ שטורעם־ווינט, זיך אָנטראָגן און דאָס טייערסטע צעשטערן...

פּיאָלעט — קלאַרנעטן, וויליאָנטשעלן און וויאָלעס. די שווערע זיפּ־צער, די זיסע פייניקער, די טרויעריקע, אומדערמידלעכע דערמאָנער פון דעם וואונדערלעך־שיינעם און גוטן, וואָס עס איז געווען אַמאָל... אַמאָל און... וועט שוין קיינמאָל מער ניט זיין...

און אָט די אַלע פאַרבן־קלאַנגען האָבן זיך געקייקלט איינער איבערן צווייטן, זיך צוזאַמענגעפלאָכטן און זיך ווי פאַנאַנדערגעגאָסן אויף די ווייס־פינקלענדיקע קעפּ, רוקנס און שנייאיקע פעלדער פון די בערג, וועקנדיק ביי איניקע פרייד אָדער טרויער און ביי אַנדערע — ביידע געפילן געמישט צוזאַמען.

און אָט איצט, זיצנדיק ביי מיין שרייב־טיש, זע איך זיך אַליין שטיי־ענדיק צווישן די עטלעכע הונדערט יונגע סאָלדאַטן, זע זיך אַ שלאַנקן, אַזאַ קרעפטיקן און זאַרגלאָזן, אַן אויסגעפוצטן אין זעלנערשע קליידער און ס'ווילט זיך אויך איצט, פונקט ווי דאַן, לויפן, שפּרינגען, שרייען און זינגען, אָדער גאָר זיך צעשלאָגן מיט וועמען; אויסברענגען דעם איבערפלוס פון ענערגיע, אָבער...

מיט צוויי מעטלעת שפּעטער, אין אַ גרויען פרימאָרגן, האָט זיך אונ־דזער צוג אָפּגעשטעלט ביי דער קליינער אייזנבאַן־סטאַנציע פון דער שטאָט נאָוואַ־מאַרגעלאַן.

כדי זיך צו האַלטן וואָס נאָענטער צו דער געשיכטע וועגן „מיין גדר" — וועל איך דורכלאָזן מיין קאַזאַרמע־לעבן אין דער נאָוואָ־מארגעלאַנער פעס־טונג אין דער צייט פונעם קורצן, כמעט שניילאָזן, ווינטער און גלייך אי־בערגיין צום זומער־לאַגער, וואו די מיליטערישע אָפּטיילונגען פון אונדזער געגנט פלעגן פאַרברענגען די הייסע חדשים.

דער מיליטערישער זומער־לאַגער האָט זיך צעשפּרייט אין דער לענג און ברייט מיט זיינע הונדערטער גרין־ברוינע בידלעך אין האַרצן פון אַ געדיכטן, אוראַלטן וואַלד, אַרום אַ פיר־פינף מייל פון שטאָט. דורך אָט־דעם וואַלד זיינען פון די שנייאיקע בערג, אין ריכטונג צו די סארטישע (טורקעסטאַנער איינוואוינער) פעלדער, געלאָפן אַ היפּשע צאָל אייז־קאַלטע „אַריקן", וועלכע האָבן אָנגעפילט די לופט מיט זייער מעלאָדישן מורמלען. מחנות קליינע פישלעך האָבן זיך בליציק אַרומגעיאָגט אין די שנעלע טייכ־לעך, פינקלענדיק מיט זייערע שלאַנקע, ווי זילבער־ברוינע קערפּערלעך. און סיי די גראָזן און קוסטן, אַזוי אויך די גאַנצע לופט אַרום האָט געשווירבלט און געגריבלט מיט טויזנטער מינים קריכערס און פליערס, צווישן זיי אויך אַ היפּשע צאָל זייער גיפטיקע שלאַנגען. און די דיקע, הויכע ביימער זיינען

סיי בייטאָג, אַזוי אויך ביינאַכט געשטאַנען ווי איינגעוויקלטע אין ווייטע רעיונות און שטיל, געהיימניספול, זיך געשושקעט צווישן זיך.

און מיר איז אַזוי משוגע גוט געווען אין אָט יענעם אוראַלטן וואַלד, נעבן די טייכלעך, צווישן די אַלע קריכערס און פליערס, אַז כ׳פלעג גאַנץ אָפּט פאַרגעסן וואו כ׳בין אין דער וועלט און זיך איינגאַנצן איבערגעבן דער נאַקעטער פרייד פון לעבן.

די גרעסטע מערהייט פון די סאָלדאַטן אין מיין אָפּטיילונג איז באַשטאַנען פון פויערים און שטאָטישע איינוואוינער פון דער וואָראָניעזשער, צענטראַל־רוסישער גובערניע (שטאַט). צווי יידן בלויז זיינען מיר געווען צווישן זיי: איך און מענדל בענדערסקי. מענדל — אַ שוויגנדיקער, הויכער בחור, מיט אַ לאַנגעכיקן פּנים, מיט אַ פרישן שפּראָץ פון די ערשטע וואָנצעלעך, מיט גרויסע, קלוגע, ברוינע אויגן. ער איז פון דער היים געווען אַ בוכהאַלטער און אויך דאָ, אין קאַזאַרמע, געפירט אַ גענויעם חשבון פון דער צאָל טעג און וואָכן, וועלכע זיינען אים נאָך פאַרבליבן ביזן סוף פון זיין דינסט. ער האָט אַליין אויסגעמאַכט פאַר זיך אַ קאַלענדאַר און פלעגט יעדן אָוונט, פאַרן שלאָפן גיין, מיט אַ רויטן בלייער, אָפּמעקן דעם פאַרגאַנגענעם טאָג.

צווישן די סאָלדאַטן האָבן זיך, ווי אין יעדער צוזאַמענגעקליבענער גרופּע מענטשן, געפונען פאַרשיידענע טיפּן, יעדער מיט זיינע מעלות און חסרונות: קלוגע, נאַרישע, כיטרע, קאַרגע און ברייטהאַרציקע.

ניקיטאַ וואָלקאָוו, דער העלד פון דער טרויעריקער פּאַסירונג, איז געווען אי קאַרג, אי כיטרע, דערצו האָט אים אָפּט אויסגעפעלט אַביסל גראָדער שכל. אַ זייער עמפּינדלעכער, איז ער ביי דער קלענסטער באַליידיקונג אָדער שפּאַס, פּאַרטיק געווען אָנצוהויבן אַ געשלעג.

ער איז געווען פון העכער מיטעלן וואוקס, אַ פליישיקער, אַ פעסט געבויטער, געהאַט אַ קיילעכדיקן פּנים, אַ קורץ, טיפּיש רוסיש נעזל, גרין־גרויע, ניט־גלויביקע אויגן און אַ ברייטן, שאַרף־געשניטענעם מויל.

פאַרן אַריינטרעטן אין דער אַרמיי האָט ער אין דער שטאָט וואָראָניעזש געהאַט, צוזאַמען מיט זיינעם אַ שוואָגער, אַ קראָם פון חזיר־פלייש. די לאַנדסלייט זיינע האָבן אים ניט זייער ליב געהאַט, צווישן זיך אים גערופן „דער חזירניק" און אויף וויפל מעגלעך אים אויסגעמיטן.

איין מאָל אין חודש, געוויינלעך אין די פרייטיקס, פלעגט מען אונדז אויסצאָלן דעם נישטיקן געהאַלט. וואָלקאָוו פלעגט יענעם טאָג אַרומגיין אַן אויפגעלייגטער און אין אָוונט זיך פאַררוקן אין אַ ווינקל, אָנשרייבן דער פרוי מיט די צוויי קינדער אַ לאַנגן בריוו, אַריינלייגן אין אים דאָס געקראָגענע געלט און דערביי שטרענג אָנזאָגן דעם ווייב ווי אַזוי זיך נוהג צו

זיין מיט יעדער קאָפּיקע.

ער איז געווען דער איינציקער אין קאַזאַרמע, וועלכער האָט קיינמאָל ניט געשפּילט אין קאָרטן. ער פלעגט אָבער מיט פינקלענדיקע אויגן שטענ־דיק היטן ווען אַנדערע פלעגן שפּילן.

צופעליק, האָט ער פון פעלדפעבל אויסגעפונען, אַז איך בין אַ ייד און ביים ערשטן צוזאַמענשטויס מיט מיר, צוליב עפּעס אַ קלייניקייט ביים ריי־ניקן די ביקסן, מיר אַ וואָרף געטאָן אין פּנים דאָס פאַרהאַסטע וואָרט „זשיד". און ווען איך האָב, מיט וויט ניט קיין פריילעכן, אָבער רואיקן שמייכל, אים געזאָגט, אַז ער איז אַ גרויסער „אידיאָט" — האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צו מיר מיט צוזאַמענגעדריקטע פויסטן.

און די אַרומיקע סאָלדאַטן, מיט וועלכע כ'האָב זיך אויסגעצייכנט צו־זאַמענגעלעבט, זייענדיק זיכער, אַז איך בין שטאַרקער און פלינקער פון אים און וועל אים גוט אָנברעכן די ביינער, האָבן באמת באַדויערט, וואָס דער פעלדפעבל איז גראַדע דאַן אַרויסגעקומען פון זיין צימערל, האָט אָפּגע־שטעלט אונדזער געשלעג און אונדז באַפוילן זיך צוריקזעצן אויף די ערטער.

דורכן ווינטער זיינען אין דער קאַזאַרמע פאָרגעקומען אַ צאָל קליינע גנבות. מען האָט פון די הויזן־קעשענעס פון שלאָפנדיקע סאָלדאַטן, ווי אויך פון זייערע קעסטלעך עטלעכע מאָל אַרויסגענומען קליינע סומעס געלט. וואָלקאָווס לאַנדסלייט האָבן אים פאַרדעכטיקט אין די גנבות, אָבער ניט האָבנדיק קיין גענויע באַווייזן, האָבן זיי באַשלאָסן צו האַלטן אויף אים אַן אויג.

אַז איינע פון די גנבות איז באַגאַנגען געוואָרן פון וואָלקאָוון — בין איך געווען זיכער. שטייענדיק איין מאָל ביינאַכט אויף דער וואַך, אין צווייטן עק פון דער קאַזאַרמע, האָב איך פונוויטנס באַמערקט, ווי ער האָט זיך אַראָפּגעשלייכט פון זיין בעטל, איז צוגעקראָכן אויף אַלע פיר צום בעטל פון אַ כראָפּנדיקן סאָלדאַט מיטן נאָמען מירטאָוו, וועלכן מען האָט פאַרנאַכט געבראַכט פון שטאָט אַ טויט שיכורן, זיך געפּאָרעט אַ ווײַלע נעבן יענעמס בעטל און פלינק צוריקגעקראָכן צו זיין אָרט.

און אין דער פרי האָב איך געהערט, ווי מירטאָוו האָט אַלעמען פאַר־זיכערט, אַז עמיצער האָט ביינאַכט ביי אים אַרויסגענומען פון די קעשענעס פינף רובל מיט זיבן־און־צוואַנציק קאָפּיקעס. וואָלקאָווס לאַנדסלייט האָבן זיך פילבאַדייטנדיק איבערגעקוקט, אָבער קיינער האָט קיין וואָרט ניט באַ־מערקט. איך האָב אויך געשוויגן.

דער האַלב־טראָפּישער זומער האָט זיך שנעל אָנגערוקט, אַ געדיכט־באַהאַנגענער מיט גאָלדענע טעג אונטערן שטאַרק בלויען הימל און מיט שוואַרצע סאַמעטענע נעכט, געדיכטע דורכגעוועבטע מיט מיליאָנען העל־

פינקלענדיקע שטערן. סיי די טעג און אזוי אויך די נעכט זיינען געווען אָנגעזאַפּט מיט די אויפרעגנדיקע ריחות פון ביימער־צוויטן און עקזאָטישע בלומען.

מען האָט אונדז אינגיכן איבערגעפירט אין וואַלדיקן קעמפּ און באַזעצט אין קליינע לייוונטענעביידלעך, צו צוויי סאָלדאַטן אין יעדן. און די טעג האָבן זיך גענומען קייקלען און זיך קייטלען אין וואַכן מיט אַ אימפּעטדיקער שנעלקייט. גאַנצע טעג איז מען געווען פאַרנומען מיט מאַרשירן, לויפן, שפּרינגען און שיסן, מיטן איינשטודירן די קונסט פון מאָרד, דערפאַר זיינען אָבער די פאַרנאַכטן געווען פרייע און מיר פלעגן זיי פאַרברענגען אויף די לאָנקעס, פאַר די ביידלעך, אין זינגען, שפּילן און דערציילן זיך מעשיות.

און די קלאָרע זילבערנע קלאַנגען פונעם אָוונטיקן טרומפּייט, וועלכער האָט מיט טרויעריקער זיסקייט אונדז באַפוילן זיך צו לייגן שלאָפן, האָט געוועקט אין יעדנס ברוסט אַזוי פיל גוטע טרויעריקע דערינערונגען.

מיין בעסטער פריינט און חבר אין יענעם זומער איז געווען דער אַרמענער טאַגאַניאַנץ, וועלכער האָט שוין געהאַט זיך דערדינט צום ערשטן ווייסן בענדל אויף זיינע שליפעס. פון צייט צו צייט, איינגעוויקלטע אין דער ביינאַכטיקער פינצטערניש, פלעג איך מיט אים זיך שטיל און פאָרזיכטיק אַרויסכאַפּן פון אונדזערע ביידלעך און פאַרשפּרייטן איבערן קעמפּ רעוואָלוציאָנערע אויפרופן צו די סאָלדאַטן, וועלכע מיר פלעגן קריגן פון חברים אין שטאָט. און אין דער פרי פלעגן מיר, מיט פרייד און האַרצקלאַפּעניש, זיך צוהערן ווי די סאָלדאַטן האָבן דיסקוסירט צווישן זיך דעם אינהאַלט פון די בלעטלעך.

און שפּעטער האָבן מיר ביידע מיט נצחון צוגעקוקט ווי די אונטעראָפיצירן האָבן, ווי פאַרסמטע מייז, זיך אַרומגעיאָגט איבערן קעמפּ, אויפקלייבנדיק די פאַרבליבענע בלעטלעך, שילטנדיק מיט טויטע קללות די פאַרדאַמטע היגטישע זין, וועלכע האָבן זיך, ווייזט אויס, ביינאַכט אַריינגעכאַפּט אין לאַגער און צעוואָרפן די געפערלעכע בלעטלעך.

אין אַזעלכע פאַלן, פלעגט, געווייגלעך, דער קאָמאַנדיר פון אונדזער קאָמפּאַניע, נאָך דעם זעלבן טאָג אַריינרופן צו זיך אין צימער אַ צאָל סאָלדאַטן און פּרובירן אויסצוגעפינען די שולדיקע. אָבער אַלע האָבן געהויבן מיט די אַקסלען און דער סוף איז יעדעס מאָל געווען אַ שטרענגער אָנזאָג צו די אונטער־אָפיצירן צו האַלטן אַ „שאַרף" אויג אויף יעדן איינעם און אויב עפּעס וואָס — גלייך אים, דעם קאָמאַנדיר, באַריכטן אפילו וועגן קלענסטן פאַרדאַכט.

די פאַסירונג מיט מיין נדר, וועגן וועלכער כ'וויל דאָ דערציילן, איז

געשען אינמיטן זומער, אין אַ זוניקן בייטאָג. אין אָונט, מיט אַ טאָג פריער, האָט דער פעלדפעבל געהאַט באַשטימט אַ גרופּע פון צוועלף סאָלדאַטן, וועלכע האָט, אונטער דער פירערשאַפט פון מיין פריינט טאַגאַניאַנצן, באַדאַרפט אַרויספאָרן גאַנץ פרי אויפן אַלטן שיס־פעלד און ברענגען אין אָרדענונג די פאַראַיאַריקע שיס־גרובנס, ווי אויך איינשטעלן די ציל־ברעטער. קומענדיקע וואָך האָט אונדזער באַטאַליאָן באַדאַרפט אָנהויבן זיין שיס־פּראַקטיק.

צו מיין פאַרוואונדערונג און באַדויערונג האָב איך, אין דער טונקלקייט פונעם פריען פרימאָרגן דערזען, אַז צווישן די צוועלף סאָלדאַטן געפינט זיך אויך ניקיטא וואָלקאָוו. ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז איינער פון די פריער־באַשטימטע סאָלדאַטן, בייינאַכט, קראַנק געוואָרן און דער פעלדפעבל האָט, ניט צוניפרעדנדיק זיך מיט טאַגאַניאַנצן, באַשטימט וואָלקאָוון אויפן אָרט פונעם קראַנק געוואָרענעם.

איך האָב געוואָרפן אַ פרעגנדיקן בליק צו טאַגאַניאַנצן, אָבער ער האָט מיר בלויז געענטפערט מיט אַ הילפלאָזער באַוועגונג פון זיינע בײדע הענט.

דער פאַקט פון וואָלקאָווס אַנוועזנהייט אין אונדזער גרופּע האָט מיך איצט געערגערט מער ווי אַן אַנדערש מאָל אַדאַנק אַ נייער גנבה, וועלכע האָט פּאַסירט אין קעמפּ ערשט מיט צוויי טעג צוריק. און דער קרבן פון דער גנבה בין איך אַליין געווען. עמיצער האָט פון מיין קעסטל אַרויסגעגנבעט צוואַנציק רובל, וועלכע כ׳האָב ניט לאַנג צוריק געקראָגן פון דער היים כדי איינצוקויפן און אַהיים שיקן אַ סאַרטישן טעפּיך.

ווען כ׳האָב אין יענעם טאָג, אַריינקומענדיק אין ביידל, זיך געכאַפּט, אַז דאָס שלעסל פון מיין קעסטל איז אָפּגעבראָכן און דאָס געלט פעלט, האָב איך געמאַכט אַ טומל און צוויי סאָלדאַטן פון אַ ביידל, אַנטקעגן מיינעם, האָבן געשוואוירן, אַז זיי האָבן מיט אַ האַלבע שעה צוריק אַליין געזען וואָלקאָוון שנעל אַרויסגיין פון מיין ביידל.

בין איך גלייך אַוועק מיט זיי צוזאַמען צו וואָלקאָוון, וועלכער האָט גלייך ביי אונדזער אַריינקומען זיך שוין גענומען שווערן און אפילו זיך צלמען, אַז ער ווייסט פון קיין געלט ניט, אַז זיין פוס איז אפילו ניט געווען נעבן מיין ביידל, אַז מיינע צוויי עדות זיינען צוויי בלינדע פערד, אַז ער האָט קיינמאָל אין זיין גאַנצן לעבן ניט צוגענומען ביי קיינעם אפילו קיין קאָפּיקע ניט...

ווען כ׳האָב אים אָבער דערמאָנט וועגן די פינף רובל מיט זיבן און צוואַנציק קאָפּיקעס, וועלכע כ׳האָב אַליין געזען אים אַרויסנעמען פון מירטאָווס קעשענע, איז ער ווילד געוואָרן און זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מיר מיט די פויסטן.

— דו ביסט אַ שמוציקער „זשיד"! אַ גאָט פאַרדאַמטער ליגנער! — האָט ער געשריגן מיט פינע אויף די ליפּן.

— און דו ביסט אַ לויזיקער גנב! — האָב איך אים צוריקגעוואָרפן, — ביסט אַ געמיינער יונג, וועלכער קריכט אין אַלעמענס קעשענעס און קעסטלעך!

מען האָט אונדז קוים צענומען, ביידע היפּשלעך צעשלאָגענע, מיט צייכנס אויף די פּנימער און לייבער.

אָבער דעם אמת פאַר וואָס די גנבה האָט מיך אַזוי שטאַרק געערגערט — האָט קיינער ניט געוואוסט. און באַשטאַנען איז עס לחלוטין ניט אין די צוואַנציק געגנבעטע רובל, נאָר אין אַ פאַרשוואונדענעם שטיין, אַרום אַ האַלבן פונט די וואָג, וועלכער האָט זיך געפונען אין מיין לעדערנעם בייטל, צוזאַמען מיט די צוואַנציק רובל.

אָט דעם פלאַך־קיילעכדיקן שטיין האָב איך, נאָך לאַנגע וואָכן אָנגעשטרענגטן זוכן, געפונען אין איינעם פון די „אַריקן", וועמענס שנעל לויפנדיקע וואַסערן האָבן אים צוזאַמען מיט הונדערטער־טויזנטער אַנדערע שטיינדלעך, אין לויף, מעגלעך, פון צענדליקער יאָרן, אַראָפּגעקייקלט פון די ווייטע שניי־בערג.

דער צירונג־הענדלער אין שטאָט, גוסקין, צו וועלכן כ'פלעג זיך אַמאָל אַריינכאַפּן אין מיין פרייער צייט צו פאַררעכטן מיין זייגער, אָדער גלאַט אַזוי זיך דורכשמועסן אַביסל, האָט מיר אַ פּאָר מאָל דערציילט זייער אינטערעסאַנטע מעשיות וועגן די רויע דימענטן, וואָס די וואַסער־שטראָמען ברענגען אַמאָל אַראָפּ פון די בערג און אויך דערמאָנט די נעמען פון אַ צאָל מענטשן, וועלכע זיינען מיטאַמאָל רייך געוואָרן געפינענדיק זיי. ער האָט מיר דערביי אויך אָנגעגעבן אַלע מעגלעכע סימנים ווי אַזוי צו דערקענען אָט די וואונדערלעכע שטיינדלעך פון צווישן דער ריזיקער צאָל אַנדערע אַרום זיי.

מיין געפונענער שטיין האָט געהאַט אויף זיך אַלע סימנים, וואָס גוסקין האָט מיר באַשריבן און ווען כ'האָב, אויפן צווייטן טאָג, זיך אַריינגעכאַפּט אין סטאָליאַרן ווארשטאַט פון אונדזער קאָמפּאַניע און פּאַרזיכטיק, מיט דער הילף פון אַן האַמער און דלאָטע, אָפּגעקלאַפּט אַ פּאָר פלאַכע שטיקלעך פון מיין שטיין, האָט פּלוצלונג פון זיין אינגעווייד, זיך ווי אַ גאַס געטאָן אַ ציטערנדיקע כוואַליע מיט זילבער־בלויע שטראַלן.

ווי אַ באַצויבערטער, קלאַר הערנדיק דעם גאַנג פון מיין האַרצן, האָב איך זיך איינגעקוקט אַ ווײַלע אין דעם שטראַלן־שפּיל אין שטיין, אים אײן מאָל געפּרואווט אפילו איבערצודרייען מיטן אָפּגעקלאַפּטן אָרט אַראָפּ, אפשר איז עס וואַסער, און איבערצייגנדיק זיך, אַז ס'איז אַן אמתער דימענט, בין איך שנעל צוגעגאַנגען צו אַ טעפּל מיט סמאָלע, וואָס איז געשטאַנען ניט

וויט, באַשמירט מיט דער שוואַרצער, געדיכטער מאַסע די אָפענע טייל פון שטיין און בין שנעל אַרויס פון דעם וואַרשטאַט.

קומענדיק אין מיין בידל האָב איך אַ היפּשע צייט נאָכגעטראַכט וואָס צו באַהאַלטן דעם שטיין און ניט געקענט געפינען קיין מער זיכערן אָרט פאַר אים, ווי אין מיין פאַרשלאָסענעם קעסטל, אין לעדערנעם בייטל, צו־זאַמען מיט די צוגעשיקטע צוואַנציק רובל.

אָבער, ווי שוין באַמערקט, קיינער האָט וועגן דעם ניט געוואוסט.

מיין געשלעג מיט וואָלקאָוון איז פאַרגעקומען אַרום אייַנס אַזייגער, גלייך נאָך דער מיטאָג שעה. כ׳האָב אים אַרומגעזוכט אין דער צייט פון דער אָפּרו־שעה, צוויי מאָל אפילו אַריינגעקוקט אין זיין בידל, אָבער אים ניט געקענט געפינען. אין צייט פון דער וועטשערע האָב איך אים געהיט פון מיין טיש און ווען ער איז אַרויס פון עס־צימער און זיך געלאָזט גיין אין ריכטונג פון זיין בידל, בין איך אים נאָכגעגאַנגען און אים אָפּגע־שטעלט:

— וואַרט צו, וואָלקאָוו!... כ׳וויל וועגן עפּעס איבעררעדן מיט דיר!...

ער איז שטיין געבליבן מיט צוזאַמענגעדריקטע פויסטן, אַ פאַרטיקער פאַר אַ נייעם געשלעג.

— באַרואיק זיך. כ׳וועל זיך מיט דיר איצט ניט שלאָגן מער.

ער האָט ניט געענטפערט, נאָר געהיט מיין יעדע באַוועגונג מיט האַלב־פאַרזשמורעטע אויגן.

— קום אַוועק אין אַ זייט... — האָב איך אים פאַרגעלייגט, — כ׳וויל ניט מען זאָל אונדז שטערן...

— קענסט דאָ אויך זאָגן וואָס דו ווילסט, — האָט ער שאַרף געענטפערט.

כ׳האָב געמאַכט אַ שפּאַן נאָענטער צו אים.

ער איז גלייך אָפּגעטראָטן אויף צוויי טריט און מיך געוואָרנט:

— שטיי וואו דו ביסט!

— הער, ניקיטאַ, — האָב איך אָנגעהויבן, באַמיענדיק זיך צו רעדן, ווי מעגלעך, רואיק, — כ׳האָב דיך אָפּגעשטעלט כדי דיר צו זאָגן, אַז ניט אין געלט האַנדלט זיך עס... צום טייוול מיט די צוואַנציק רובל!

ער האָט אַ שפּאָטישן, ניט־גלויביקן שמייכל געטאָן:

— טאָ אין וואָס?... גיסטו, הייסט עס, צו, אַז איך האָב דאָס געלט ניט גענומען?

— ניין, דאָס האָב איך ניט געזאָגט.

— דאַכט זיך, אַז דו ווילסט מיך אין עפּעס אַריינגנאַרן... — האָט ער, מיט פאַרדאַכט, באַמערקט.

— איך שווער דיר, אַז ניט, — האָב איך אים פאַרזיכערט, — כ׳וויל

בלויז זאָלסט זיך דערמאָנען וואָס דו האָסט געטאָן מיטן שוואַרץ־ברוינעם שטיינדל, וועלכעס האָסט אַרויסגענומען פון מיין לעדערנעם בייטל, צוזאַמען מיט די צוואַנציק רובל...

וואָלקאָווס גרין־גרויע אויגן האָבן זיך מיטאַמאָל ברייט צעעפנט, זיין קיילעכדיקער פּנים איז ווי ברייטער געוואָרן און זיין שאַרף געשניטענער מויל האָט זיך האַלב צעעפנט:

— מיטן שטיינדל, זאָגסטו?... וואָס כ׳האָב געטאָן מיטן שטיינדל?...

— עטלעכע קנייטשן אויף זיין שטערן האָבן עדות געזאָגט, אַז ער באַמיט זיך עפּעס צו דערמאָנען. ער האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט, אַז ער גיט זיך אַליין אַרויס און בייז אָפּגעענטפערט: — דריי מיר קיין קאָפּ ניט, דייקסעל! איך ווייס ניט וועגן וואָס פאַראַ שטיינדל דו ווילסט עס מיר איינרעדן... כ׳ווייס פון קיין זאַך ניט...

כ׳האָב ווידער געמאַכט אַ טראָט צו אים, אָבער דעם מאָל איז ער שוין ניט אָפּגעטראָטן אויף צוריק. עפּעס אַ ניט זיכערקייט האָט געציטערט אין רעכטן ווינקל פון זיין מויל.

— הער, ניקיטאַ, און גלויב מיר, אַז כ׳וויל דיך אין קיין פּאַסטקע ניט אַריינגאַרן... ווי כ׳האָב שוין געזאָגט: צום טייוול מיט די צוואַנציק רובל... כ׳וועל דיר געבן נאָך צוואַנציק אַלס צוגאָב... אָבער זאָג מיר, וואוהין האָסטו אַהינגעטאָן דאָס שטיינדל?

אַ ווייל האָט ער געקוקט אויף מיר אַ צעטומלטער און ניט זיכער צוויי מאָל איבערגעחזרט:

— איך ווייס פון קיין זאַך ניט... — אָבער מיטאַמאָל זיך אַ בויג געטאָן צו מיר און מיט שאַרפקייט, סיי אין קול, אַזוי אויך אין די בליקן, אַ פרעג געטאָן: — וואָס איז עס פאַראַ שטיינדל?!... צו וואָס דאַרפסטו אַזוי שטאַרק דאָס שטיינדל?!

און פּילבדיק ווי אַ פייער וואָלט זיך צעגליט אין מיר, האָב איך געמאַכט נאָך צוויי טריט צו אים און שטיל אים געענטפערט:

— ווייל דאָס שטיינדל, ניקיטאַ... ווייל עס איז אַ רויער דימענט און... עס האָט דערוועגט ווער ווייסט וויפל טויזנטער רובל... איצט פאַרשטייסטו שוין?!

ניקיטאַס פּנים האָט זיך אינגאַנצן ווי איינגעהילט אין אַ נעץ פון פאַר־וואונדערונג און שרעק. אַ ווײַלע האָבן זיך זיינע בליקן ווי איינגעשטאָכן אין מיינע, דערנאָך האָט ער, ווי קעגן זיין אייגענעם ווילן, שנעל אויסגע־דרייט דעם קאָפּ אויף לינקס, איבערגעלאָפן מיטן בליק דעם רוקן פונעם וואַלד, אים אָפּגעשטעלט אויף אַ גרופּע הויכע טאַנען ביימער, זיך איינגע־קוקט אין זיי, זיך ווי געוואָלט וועגן עפּעס דערמאָנען. דערנאָך האָט ער

שוין פיל לאַנגזאַמער, אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו מיר און אַ פרעג געטאָן:

— און זאָג מיר נאָר, פון וואַנען ווייסטו, אַז יענער שטיין איז געווען אַ רויער דימענט?... עס וואַלגערן זיך דאָ אַרום אונדז מיליאָנען פאַרשיי־דענע שטיינדלעך?

— ווייל כ׳האָב אָפּגעקלאַפּט אַ שטיקל, — האָב איך כמעט, ווי מיט אַ ציטער געענטפערט — און געזען ווי ער איז פול מיט שיין און שטראַלן... דערנאָך האָב איך מיט סמאָלע פאַרשמירט דאָס אָפּגעקלאַפּטע אָרט.

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— מיט סמאָלע, זאָגסטו?!

— יאָ, מיט סמאָלע... איצט בין איך שוין זיכער, אַז דו האָסט אים געהאַלטן אין דיינע הענט, — האָב איך אונטערגעכאַפּט, — געהאַלטן און אים אַוועקגעוואָרפן... אָ, דו נאַר איינער... — איך בין שוין איצט צו־געגאַנגען האַרט צו אים: — זאָג, ניקיטאַ, וואוהין האָסטו אים אַוועקגע־וואָרפן?... לאָמיר אים צוזאַמען געפינען... האַלב אויף האַלב...

שווייגנדיק האָט ער געקוקט אויף מיר, געוואָלט ווידער אַ דריי טאָן דעם קאָפּ אין דער פריערדיקער ריכטונג, אָבער זיך צוריקגעהאַלטן. זיינע גרין־גרויע אויגן זיינען איצט פול געווען מיט אַ קאַלטן שיין, אָבער טיף אין זיי האָבן פונקען געטליעט. דער צוזאַמענגעצויגענער שאַרפער מויל און אַ צאָל קנייטשן אויפן שטערן האָבן געוויזן, אַז ער טראַכט אַנגעשטרענגט, אַז ער פּלאַנירט עפּעס.

— נו, וואָס זאָגסטו, ניקיטאַ?... — האָב איך אים געמונטערט, — גייען מיר צוזאַמען זוכן דעם שטיין?... האַלב אויף האַלב...

דער לינקער ווינקל פון זיין מויל איז מיטאַמאָל ווי אַנגעשוואָלן געוואָרן מיט אַ שפּאָטישן געלעכטערל. ער האָט ברייט צעעפנט ביידע הענט — אַז כ׳ווייס ניט, דייקסעל, וועגן וואָס פאַראַ שטיין דו רעדסט... ניט כ׳האָב גענו־מען דיינע לויזיקע צוואָנציק רובל, ניט כ׳האָב געזען דיין טייערן שטיינדל...

— ער האָט זיך אויסגעדרייט און גענומען, צוערשט לאַנגזאַם, דערנאָך שנע־לער, אַוועקגיין.

אַ פאַרגליווערטער, אַן איינגעהילטער אין פּיין און אין צאַרן, האָב איך אים נאָכגעקוקט, באַמערקט, אַז ער האָט ווידער אויסגעדרייט דעם קאָפּ אין דער ריכטונג צו דער גרופּע טאַנען־ביימער, און זיך קוים איינגעהאַלטן אים ניט נאָכצולויפן און זיך ניט איינצוגראָבן מיט די נעגל אין זיין פאַר־האָסטן פּנים.

מיט אַ האַלבע שעה שפּעטער, ווען די סאָלדאַטן האָבן, ווי יעדן פאַר־נאַכט, זיך איינגעאָרדנט אויף די לאַנקעס פאַר זייערע לידער און שפּילע־רייען, בין איך אַריין אין וואַלד, און זיך געלאָזט גיין אין ריכטונג צו דער

גרופּע טאַנען־ביימער, אין וועלכער וואַלקאָוו האָט זיך עס פריער אַזוי אויפ־מערקזאַם איינגעקוקט.

איך בין געגאַנגען שטיל, פאָרזיכטיק, אַ באַהאַלטענער צווישן די הויכע גראָזן, אין די שאָטנס פון די ביימער. כ'האָב אים, וואַלקאָוון, נאָך פונדער־ווייטנס באַמערקט. מיט אַ שטעקן אין האַנט איז ער געגאַנגען טיף איינ־געבויגן און עפּעס געזוכט צווישן די גראָזן

כ'האָב זיך צוגעגנבעט גאָר נאָענט און אים גאַנץ הויך אַ רוף געטאָן:

— נו, וואָס, ניקיטאַ? ס'איז, ווייזט אויס, שווער צו געפינען דאָס שטיינדל?!

דער וואַלד האָט מיט אַ שטילער עכאָ איבערגעחזרט מיין קול.

אַ דערשראָקענער האָט ער זיך אויסגעגלייכט, זיך אַרומגעקוקט און ווען ער האָט מיך דערזען, שטייענדיק נעבן אַ שטאַם פון אַ בוים, איז זיין ערשטע באַוועגונג געווען זיך אַ וואַרף צו טאָן אויף מיר, אָבער עפּעס האָט אים אָפּגעהאַלטן. ניט ענטפערנדיק מיר קיין וואָרט, האָט ער זיך שנעל אויסגעדרייט און איז פאַרשוואונדן צווישן די ביימער — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און זוניק־גאָלדענע טעג איבערגעפּילטע מיט די ריחות פון די האַלב־טראָפּישע ביימער, בלומען און פלאַנצן האָבן זיך שנעל געקייקלט איינער נאָכן צווייטן, אָבער, ווי אַ פאַרכישופטער האָב איך איצט אַ היפּשע צאָל פון מיינע פרייע שעה'ן פאַרבראַכט אין יענעם טייל וואַלד, וואו כ'האָב וואַל־קאָוון געטראָפן עפּעס זוכנדיק, מיט זיין שטעקן, צווישן די גראָזן.

מיט אים אַליין האָב איך שוין מער ניט גערעדט. מיר האָבן ביידע אויס־געמיטן איינער דעם צווייטן.

מיין פריינט טאַגאַנגיאַנטץ האָט געוואוסט וועגן די צוגעגנבעטע צוואַנציק רובל, אויך וועגן מיין געשלעג מיט וואַלקאָוון און אַלס עלטסטער שוין גע־זען, אַז מיר ביידע זאָלן קיינמאָל ניט באַשטימט ווערן צוזאַמען אין די זעלבע גרופּעס, וועלכע פלעגן, פון צייט צו צייט, פאַרמירט ווערן כדי דורכצופירן געוויסע אַרבעטן.

און ווען ס'איז געקומען די צייט פון פּראַקטיצירן שיסן מיט אמתע קוילן און דער, פעלדפעבל (הויפּט־סאַרדזשענט) האָט באַשטימט אַ גרופּע פון צוועלף סאָלדאַטן, מיך צווישן זיי, וועמענס אויפגאַבע איז געווען אַרויסצופאָרן אין שיס־פעלד, אויסצורייניקן די פאַראַיאָריקע שיס־טראַנשייען, האָט שוין טאַגאַנגיאַנטץ זיך באַמיט, אַז וואַלקאָוו זאָל זיך אין דער גרופּע ניט געפינען.

עס האָט זיך אָבער אַזוי געמאַכט, ווי כ'האָב שוין פריער באַמערקט, אַז איינער פון די באַשטימטע סאָלדאַטן איז אין יענער נאַכט קראַנק גע־

וואָרן און דער פעלדפעבל האָט, ניט צוזאַמענרעדנדיק זיך מיט טאַגאַניאַנצן, באַשטימט וואָלקאָוון אויפן קראַנק געוואָרענעמס אָרט.

אָבער עפּעס טאָן וועגן דעם איז שוין געווען אוממעגלעך. אַלע אַנדערע סאָלדאַטן פון אונדזער קאָמפּאַניע זיינען שוין געווען אָדער אויף דער וואַך, אָדער באַשעפטיקט ביי אַנדערע אַרבעטן.

טאַגאַניאַנץ האָט געוואָרפן אַ בליק צו מיר און הילפלאָז צענומען מיט די הענט.

איך האָב אים געענטפערט מיט אַ באַרואיקנדיקן בויג מיטן קאָפּ.

מיר זיינען אַריין אין לאַסט־וואָגן און זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

מיט אַ שטונדע שפּעטער זיינען מיר שוין אַלע געשטאַנען מיט לאָפּע־טעס און רידלען אין די הענט, צערעכטגעמאַכט די אַלטע גרובנס און גע־גראָבן נייע. ביז מיטאָג צייט איז אַלץ צוגעגאַנגען ווי עס באַדאַרף צו זיין. קיינער האָט זיך, חלילה, ניט איבערגעאַרבעט. מען האָט, אַרבעטנדיק, גע־שפּאַסט, געלאַכט, זיך דערציילט וויצן און געווען זייער צופרידן מיט דער אַרבעט אויפן פרייען פעלד.

דער אומגליק איז געשען אַרום איינס אַזייגער, באַלד ווי מיר האָבן פאַרענדיקט עסן אונדזער מיטאָג. מיר זיינען געזעסן אין צוויי גרופּעס און געמיטלעך געשמועסט צווישן זיך. עמיצער פון די סאָלדאַטן, וועלכער איז געזעסן מיט אונדז, האָט, שפּאַסנדיק, אַ וואָרף געטאָן אַ קליין שטיינדל אין ריכטונג צו דער צווייטער גרופּע, צווישן וועלכער עס איז אויך געזעסן וואָלקאָוו, און אים געטראָפן אין האַלדז אַריין.

וואָלקאָוו איז אויפגעשפּרונגען און מיט רציחה זיך געלאָזט גיין צו מיר:

— דו הויבסט שוין ווידער אָן, דו הינטישער זון?! — האָט ער אויס־געשריגן, צוזאַמענדריקנדיק די פויסטן.

כ׳האָב זיך אויפגעשטעלט און קוקנדיק אים גלייך אין זיינע בייזע אויגן, אויף וויפל מעגלעך, רואיק געענטפערט:

— איך האָב דאָס שטיינדל ניט געוואָרפן.

— דו ביסט אַ ליגנער!... אַ שמוציקער ליגנער! — האָט ער, ווי אומישנע הויך געשריגן, — כ׳האָב אַליין געזען ווי דו האָסט עס געוואָרפן!

— איצט זעען אַלע, אַז ניט איך, נאָר אַז דו ביסט אַ שמוציקער ליגנער!

— האָב איך געענטפערט, היטנדיק זיינע הענט, — ווי אַזוי האָסטו געקענט עס זען, ווען ביסט גאָר געזעסן מיט דער פּלייצע צו אונדז?

— הער אויף צו דרייען אַ קאָפּ, ניקיטאַ, — האָט דער סאָלדאַט, וועלכער האָט געוואָרפן דאָס שטיינדל זיך אָפּגערופן, — איך האָב עס געוואָרפן, ניט ער... גלאַט אַ שפּאַס געטאָן...

— ביסט אויך אַ ליגנער! — האָט וואָלקאָוו אויף יענעם אַ פינקל געטאָן

מיט די אויגן און זיך עטוואָס נאָענטער אַ רוק געטאָן צו מיר, — דו ווילסט אים פֿאַרדעקן... — און צו מיר האָט ער, פיל שטילער, ציענדיק די ווערטער, אַ זאָג געטאָן, — איך זוך דיך שוין פון לאַנג צו פּאַקן... פון לאַנג... — און אויסבויגנדיק דעם אויבערשטן טייל קערפּער פאָראויס, האָט ער זיך אַ וויג געטאָן אין מיין זייט.

איך האָב זיך אויך עטוואָס איינגעבויגן אויף פאָראויס, געפילט ווי מיינע פויסטן בײלן זיך, ווי דער גאַנצער קערפּער ווערט ווי איינגעשטייפט אין אַ נעץ פון צוזאַמענגעצויגענע מוסקולן, ווי אַ שאַרפער, בריענדיקער האָס צעוויקלט זיך אין מיין ברוסט. און אָט אַזוי, שווייגנדיק, האָב איך געוואַרט אויף וואָלקאָווס אָנפאַל.

מיט אַ ווינקל פון מיין רעכטן אויג האָב איך בליץ־שנעל באַמערקט, ווי טאַגאַניאַנץ האָט מיט אַ מאַך פון זיין האַנט צוריקגעהאַלטן צוויי סאָלדאַטן, וועלכע האָבן, ווי ס׳ווייזט אויס, געוואָלט אָפּשטעלן אונדזער געשלעג, און כ׳בין זיכער געווען, אַז געטאָן האָט ער עס, ווייל ער האָט ניט געצווייפלט, אַז איך בין שטאַרקער פון וואָלקאָוון און וועל אים גוט אָנברעכן די ביינער...

און אָט דער פאַקט האָט מיך אָנגעפילט מיט נאָך מער זיכערקייט אין מיינע אייגענע כוחות.

און ווען וואָלקאָוו האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו מיר און זיין רעכטע האַנט האָט זיך באַמיט מיר צו דערלאַנגען דעם ערשטן זעץ אין פּנים אַריין, האָב איך אַ בויג געטאָן דעם קאָפּ אויף רעכטס, געקראָגן דעם קלאַפּ אין דער לינקער זייט האַלדז, אָבער מיין רעכטער פויסט האָט, אין דער זעלבער רגע, טיף זיך איינגעגראָבן אין זיין רעכטן אויג.

ער האָט אַ קרעכץ געטאָן, מיך אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט, מיך אַ הויב געטאָן אין דער לופטן און מיר זיינען ביידע שווער געפאַלן צו דער ערד, פּרובירנדיק איינצוקלאַמערן זיך מיט די הענט איינער אין צווייטנס האַלדז. סאָפּנדיק און שילטנדיק, האָבן מיר זיך אַ ווילע געקייקלט איינער איבערן צווייטן, ביז אים האָט זיך ענדלעך איינגעגעבן צו בלייבן זיצן, רייטנדיק אויף מיר. אים איז דאַן געלונגען מיר צו דערלאַנגען צוויי זייער שטאַרקע קלעפּ: איינעם אין לינקן אויג, דעם צווייטן אין דער רעכטער זייט פון שטערן. דער ערשטער קלאַפּ האָט מיר געגעבן דעם געפיל פונקט אַ גאַנצע מחנה מיט בינען וואָלטן זיך מיטאַמאָל אַוועקגעשטעלט אויפן אויג און טיף אַריינגעשטאָכן אין דעם זייערע גיפטיקע צינגעלעך... נאָכן צווייטן קלאַפּ האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די רעכטע זייט פון מיין קאָפּ האָט זיך אַראָפּגעקייקלט אויפן גראָז.

כ׳האָב זיך דאַן אַ ריס געטאָן מיט אַ ווילדן אימפּעט אויף רעכטס, אים

אַראָפּגעשמיסן פון זיך, און באַלד בין איך שוין געזעסן אויף אים און מיט אַלע כּוחות אים געזעצט מיט די פויסטן אין פּנים אַריין.

— גענוג, דייקסעל, גענוג! — האָב איך דערהערט איבער זיך טאָגאָ־ניאַנצעס קול, — דער הינטישער זון וועט דיך שוין גוט האָבן צו געדענקען.

איך האָב זיך שנעל אויפגעשטעלט, בין עטוואָס אָפּגעטראָטן אויף צו־ריק, געשטאַנען אַ ווײַלע, צוקוקנדיק ווי וואַלקאָוו הויבט זיך לאַנגזאַם אויף פון דער ערד, הויבט זיך עפּעס אַזאַ מאָדנע אײַנגעבויגענער, האַלטנדיק די רעכטע האַנט ווי צוגעקלעפּט צום רעכטן פוס. פון זײַן לינקן נאָז־לעכל האָט זיך געצויגן אַ געדיכט פּאַסיקל בלוט און דער גאַנצער פּנים זײַנער איז געוואָרן רויט און היבשלעך געשוואָלן.

איך, פון מײַן זײַט, האָב אינגאַנצן ניט געפילט ניט דעם פּנים מײַנעם, ווי אויך ניט דעם קאָפּ. עפּעס ווי אַ פרעמדער וואָלט אַרויסגעקוקט דורך מײַנע אויגן אויף דער, זיך שאָקלענדיקער וועלט.

דאָך האָט עפּעס ווי אַ געפיל פון רחמנות צו אָט־דעם צעשלאָגענעם זיך אַ ריר געטאָן טיף אין מיר און אַ געפיל פון חרטה האָט גענומען אויפ־וואַכן, אָבער ניט געהאַט קיין גענוג צײַט זיך צו אַנטוויקלען. וואַלקאָוו האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעגלײַכט, אַרויסגעכאַפּט פון דער רעכטער קעשענע אַ היפּשן מעסער און זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מיר.

— אַ מעסער! — האָט עמיצער אין מיר ווי אויסגעשריגן, — ער האָט אַ מעסער, דער הונט... היט זיך!

וואַלקאָוו האָט מיט דער גאַנצער לענג פון זײַן לינקער האַנט פעסט אַרומגעכאַפּט מײַן האַלדז און די רעכטע, מיטן מעסער, אַ הויב געטאָן אי־בער מיר. איך האָב זיך אַ ריס געטאָן אויף צוריק, בין אומגעפאַלן, מיט־שלעפּנדיק אים מיט זיך. אָבער אין די פּאָר רגעס פונעם פאַלן, ביז דער קערפּער מײַנער האָט דערגרייכט די ערד, האָב איך, גיכער אינסטינקטיוו, ווי באַוואוסטזיניק, אָנגעכאַפּט מיט מײַן לינקער האַנט דעם געלענק פון וואַלקאָווס רעכטער האַנט, עטוואָס נידעריקער פונעם מעסער, אַ שטאַרקן דריי געטאָן זײַן געלענק אויף רעכטס און מיט אַלע כּוחות גענומען שטויסן זײַן האַנט אין ריכטונג צו זײַן אייגענעם קערפּער.

שוין ליגנדיק אויף מיר, האָט וואַלקאָוו אַרויסגעצויגן זײַן לינקע האַנט פון אונטער מײַן קאָפּ און אײַנגעגראָבן זײַנע פינגער אין מײַן האַלדז, אי־בערהאַקנדיק מיר דעם אָטעם. אַ האַלב־דערשטיקטער האָב איך צוערשט זיך באַמיט מיט מײַן רעכטער האַנט אָפּצורײַסן זײַן האַנט פון מײַן האַלדז, אָבער ניט קענענדיק דאָס דערגרייכן, האָב איך אויך אײַנגעגראָבן מײַן רעכטע האַנט אין זײַן האַלדז.

רגעס האָבן זיך געצויגן ווי לאַנגע, קאָשמאַרנע שעה'ן, און מערקוויר־

דיק, כמעט אַ האַלב־דערשטיקטער, האָב איך אָבער קיין איין סעקונדע ניט פאַרגעסן, אַז די הויפּט־געפּאַר פאַר מיר געפינט זיך אין וואַלקאַוּוס רעכ־טער האַנט, אין וועלכער ער האַלט דאָס מעסער, און אַז מיין לינקע האַנט איז דאָס איינציקע מיטל וואָס קען נאָך ראַטעווען מיין לעבן. און מיטן לעצטן ביסל כוח האָב איך זיך באַמיט ניט אָפּצושוואַכן די קראַפט פון מיין לינקער האַנט.

אין מיין רעכטן אויער האָט זיך אַריינגעריסן וואַלקאַוּוס שווערער אָטעם, געמישט מיט בייזע, כאַרכלענדיקע, אינגאַנצן אומפאַרשטענדלעכע ווערטער און טראָפּנס סלינע האָבן געהאַלטן אין פאַלן אויף מיין רעכטער באַק.

דערזעענדיק דעם מעסער אין וואַלקאַוּוס האַנט, האָבן די סאָלדאַטן, ווער מיט בייזע, וועמ מיט דערשראָקענע אויסגעשרייען, זיך אַ וואָרף געטאָן צו אונדז.

מיין ראַנגלעניש מיט ניקיטאַן אויף דער ערד האָט זיכער ניט געדויערט מער ווי איין מינוט, העכסטנס — צוויי, אָבער אין דעם זעלבן מאָמענט, ווען די שאָטנס פון די אַנלויפנדיקע סאָלדאַטן האָבן אַ שוועב געטאָן איבער אונדזערע קעפּ, האָט עפּעס אַ טומפּן קנאַק געטאָן אין געלענק פון וואַלקאַוּוס רעכטער האַנט, וועלכע האָט פּלוצלונג זיך אַ הילפסלאָזן בויג געטאָן אין אַ זייט און דאָס מעסער, געשטויסן פון מיין האַנט, האָט זיך טיף איינגעשניטן אין זיין אייגענעם קערפּער.

כ׳האָב גלייך דערפילט ווי די פינגער פון זיין לינקער האַנט האָבן פריי געלאָזט מיין האַלדז, ווי עפּעס, שטאַרק וואַרעמס, האָט גענומען פליסן איבער מיין האַנט און כ׳האָב דערהערט ניקיטאַס דערשראָקענעם אויסגעשריי:

— ראַטעוועט!... ראַטעוועט מיך!...

ווען כ׳האָב זיך אויפגעזעצט, האָב איך דערזען מיין קעגנער זיצנדיק אויף דער ערד און זיך האַלטנדיק מיט די פאַרבלוטיקטע הענט פאַר זיין רעכטער זייט. ער האָט מיט שרעק געקוקט אויף די אַרומיקע און מיט אַ וויינענדיקן קול זיך געהאַלטן אין בעטן, ווענדנדיק די בליקן פון איין סאָל־דאַט צום צווייטן:

— העלפט מיר, ברידערלעך... העלפט מיר, טייערע!...

כ׳האָב זיך קוים אויפגעשטעלט, אַ פאַרלאָרענער, זיך איינגעקוקט אין וואַלקאַוּוס טויט־בלייכן פּנים, אויף זיינע ציטערנדיקע, פאַרבלוטיקטע הענט און געפילט ווי די גאַנצע געגנט, צוזאַמען מיט די ווייטע שניי־בערג, דרייט זיך אַרום מיר. — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מען האָט, אויף וויפל ס׳איז נאָר מעגלעך געווען, איבערגעבונדן ניקי־טאַס וואונד און אויפן זעלבן לאַסט־וואָגן, אויף וועלכן מיר זיינען אין דער

פרי אַהער געקומען, האָט מען אים, אין דער באַגלייטונג פון איין סאָלדאַט, אָפּגעשיקט גלייך אין שפּיטאָל.

די אַרומיקע סאָלדאַטן האָבן מיך געפּרוּוווט באַרויִקן, מיך פאַרזיכערן, אַז וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן מיט וואַלקאָוון, איז עס זיין אייגענע שולד: ניט איך האָב געוואָרפן דאָס שטיינדל, אָדער אָנגעהויבן דעם געשלעג, ניט איך האָב אים געוואָלט שטעכן...

איך האָב זיך צוגעהערט צו זייערע רייד, צוגעשטימט, אַז זיי זיינען גערעכט, אָבער אויפן האַרצן איז געווען שרעקלעך שווער, אַזוי שווער, פונקט ווי אַלע שטיינער פון דער גאַנצער וועלט וואָלטן זיך דאָרטן צוזאַמענגעקליבן.

די זון האָט זיך גענומען זעצן און די פאַרנאַכטיקע פאַרבן־סימפאָניע האָט ווידער אויפגעשפּילט אויף די שנייאיקע קעפּ און פעלדער פון די טיאַן־שאַנער בערג.

כ׳בין שפּעטער אַ לאַנגע צייט געשטאַנען אין איינעם פון די גרובנס, געשטאַנען מיטן פוס אָנגעשפּאַרט אויף אַ לאָפּעטע, געהיט דעם באַרגיקן פאַרבן־שפּיל, זיך צוגעהערט צום שטומען געוויין וואָס האָט געציטערט אין מיין יעדן גליד און... אַזוי שטייענדיק — האָב איך זיך אַליין אַ „נדר" געגעבן... אַ „נדר" — אַז וואָס עס זאָל מיט מיר, אין גאַנג פון מיין ווייטערדיקן לעבן ניט פּאַסירן, זאָל איך קיינמאָל זיך ניט קריגן און אוודאי זיך ניט ממיתן פאַר קיין געלט, אָדער בעסער באַצאָלטע פּאָזיציעס אין לעבן. און אויספירן זאָל איך עס ניט נאָר אין באַצוג צו אייגענע, נאָר אויך צו פרעמדע, סיידן... סיידן ווען גנבים אָדער רויבער זאָלן מיך באַפאַלן...

און מיט יאָרן שפּעטער איז צו אָט יענעם „נדר" צוגעקומען אַ צווייטער: זיך ניט שטופּן פאָראויס און ניט זוכן קיין כבוד, מעג זיין ווי אַ כשר פאַרדינטן, אפילו צווישן די רייען פון אייגענע און פריינט...

און וועגן ניקיטאַ וואַלקאָוון?... וואָס עס איז מיט אים געשען?... ער איז פון דער וואונד ניט געשטאָרבן. דאָס מעסער וואָס איך האָב, ניט־ווילנדיק, אים אַריינגעיאָגט אין זיין רעכטער פאַכווע האָט ווייניק וואָס צעשטערט זיינע בויך־אָרגאַנען, עס האָט אָבער שטאַרק באַשעדיקט אַ צאָל מוסקולן פון זיין רעכטן פוס. מען האָט אים אין שפּיטאָל געמוזט צוויי מאָל אָפּערירן און צום שלוס פונעם פערטן חודש האָט מען אים אַהיים געשיקט אויף צוויי קוליעס.

צוויי מאָל האָב איך אים באַזוכט אין שפּיטאָל. דעם ערשטן מאָל האָט ער אָפּגעקערט פון מיר דעם קאָפּ און אים ניט אויסגעדרייט ביז כ׳בין ניט אַרויס פון צימער. דעם צווייטן מאָל, מיט דריי וואָכן שפּעטער, האָט ער מיך באַגעגנט מיט בליקן פולע מיט האַס און כמעט ווי אַרויסגעשפּיגן פון

זיך עטלעכע, ווי געציילטע ווערטער:

— וואַרט, דו, גאָט־פאַרדאַמטער, „זשיד״... איך וועל זיך נאָך אַמאָל אָפּרעכענען מיט דיר!...

אויסגעפינענדיק סיי פון טאַגאַניאַנצן, אַזוי אויך פון אַלע איבעריקע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן בייגעוואוינט דעם געשלעג, וואָס עס האָט פּאַסירט, האָט אונדזער קאַפּיטאַן פאַרווישט דעם גאַנצן ענין און די פּאַסירונג איז, מן־הסתּם, פאַרצייכנט געוואָרן אַלס אַן אומגליקס־פאַל, אָדער איז אפשר גאָר אינגאַנצן ניט פאַרשריבן געוואָרן.

איר וואָלט, מן־הסתּם, געוואָלט וויסן, צי איך האָב זיך נאָך זוען עס ניט איז געטראָפן מיט ניקיטא וואָלקאָוון?... יאָ, מיט אַ יאָר שפּעטער, אויף מיין וועג אַהיים, קיין בעסאַראַביע, האָב איך באַשלאָסן זיך אָפּצושטעלן אין וואָראָניעזש און, אויב מעגלעך, כאָטש פון וויטנס, כאַפּן אַ קוק אויף ניקיטאַן, וועלכער איז נאָך אַלץ, ווי אַ שוואַרצער שאָטן געלעגן אויף מיין געוויסן.

אין אַן אָסיענדיקן פאַרנאַכט בין איך אָנגעקומען קיין וואָראָניעזש און ביז כ׳האָב, צווישן די פאַרדרייטע געסלעך, אָפּגעזוכט ניקיטא וואָלקאָווס פליייש־קראָם, איז שוין געוואָרן גוט פינצטער. כ׳האָב אים גלייך דערזען דורכן היפּשן, באַלויכטענעם פענצטער און זיך ווי צוגעקלעפּט מיטן פּנים צום גלאָז.

ער איז געשטאַנען אַן אויסגעפּוצטער אין אַ ווייסן פאַרטוך, צוגעשפּאַרט צו דער פלאַכער, גלעזערנער שאַפע, פאַר אים, אין וועלכער עס זיינען גע־לעגן אויסגעלייגט טיילן פון פאַרשיידענע פליישן. אַ פרוי האָט זיך געפונען אין קראָם און ער האָט מיט געשיקטקייט געשניטן און געוואויגן וואָס זי האָט פאַרלאַנגט. אונטער אים, צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט, זיינען געשטאַנען זיינע צוויי קוליעס.

ווען די פרוי איז אַוועק מיט איר פּעקל האָט ער אַרויסגענומען פון אַ דערבייאיקן שיפלאַד אַ לענגלעכיקן בוך, אַ מיש געטאָן די בלעטלעך און מיטאַמאָל, ווי דערפילנדיק מיין אָנגעשטרענגטן בליק, זיך אַ האַסטיקן דריי־ געטאָן צום פענצטער. אונדזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. אַ ווילע האָבן מיר זיך איינגעקוקט איינער אין צווייטן און מיטאַמאָל, מיט אַן אומגעהויערער פלינקייט, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן זיינע קוליס און זיך אַ וויג געטאָן אויף זיי, אין ריכטונג, צו דער טיר.

דער ערשטער וואונטש מיינער איז געווען, וואָס שנעלער צו אַנטלויפן און כ׳האָב זיך שוין געהאַט אָפּגעריסן פונעם פענצטער און געמאַכט אַ פּאָר טריט רעכטס, כדי פאַרבייצולויפן די טיר פון קראָם, אָבער די לעצטע האָט זיך מיט אַ פראַל צעעפנט און וואָלקאָווס קערפּער האָט זיך אַ וויג געטאָן גלייך פאַר מיר.

— דו ביסט עס, דייקסעל ?!... — האָט ער אויסגעשריגן, פאַרשטעלנ־דיק פאַר מיר דעם וועג.

כ׳האָב אין זיין קול אויפגעכאַפּט אַ סך נייגעריקייט, אָבער ניט מער דעם אַלטן האַס.

— יאָ, איך! — האָב איך געענטפערט, פילנדיק ווי דער גאַנג פון מיין האַרצן נעמט אַפּהילכן אין מיינע אויערן.

שווייגנדיק, האָבן מיר אַ ווײַלע זיך איינגעקוקט איינער אין צווייטנס פנים.

זיין פנים איז געווען פיל דאַרער ווי פריער, דער מויל ברייטער, דאָס קורצע נעזל עטוואָס שפּיציקער, אָבער די גרין־גרויע אויגן זיינען איצט געווען ווי גאָר אַנדערע. עפּעס אַ ווייכקייט, אַ מין פאַרטראַכטקייט האָט איצט אַרויסגעקוקט פון זיי.

— נאָך וואָס ביסטו געקומען אַהער ?

— כ׳ווייס ניט... גלאַט געוואָלט אויף דיר אַ קוק טאָן... זען, ווי עס האַלט מיט דיר...

— זען צי איך לעב נאָך ?... צי דו האָסט מיר דאַן טיף גענוג אַריינ־געהאַקט דעם מעסער ?

— דו ווייסט מיך, דאַכט זיך, באַלד ווידער אָנרופן „זשיד" ? — האָב איך שטיל באַמערקט, — אָבער דו מעגסט זיין זיכער, אַז כ׳וועל דיר איצט פאַר דעם אין די ציין אַריין ניט דערלאָנגען.

ער האָט אַ ניט זיכערן לאַך געטאָן :

— וואָס ? קענסט שוין קיין שפּאַס ניט נעמען ? — אָבער גלייך, מיט אַ טיפן זיפץ צוגעגעבן : — כ׳ווייס... ס׳איז דאַן איבגאַנצן מיין שולד געווען... דער טאַטע מיינער איז געווען אַ נאַר, אַ גרויסער כעסן און מיך פאַר פּונקט אַזעלכן געמאַכט... — ער האָט געשוויגן אַ ווײַלע און מיט אַמאָל זיך אַ כאַפּ געטאָן : — וואָס שטייען מיר ביי דער טיר ? קום אַריין אין קראַם, ס׳איז מיר שווער צו שטיין לאַנג אויף די פיס.

איך האָב אויף אים אַ קוק געטאָן מיט פאַרדאַכט :

— צו וואָס ? ווילסט אפשר אויספּרובירן אויף מיר איינעם פון דיינע קצבישע לאַנגע מעסערס ? גוט מאַכן דעם אַלטן, ניט־געלונגענעם פּרואוו מיך צו דערשטעכן ?

ער האָט זיך, כמעט ווי פריילעך, צעלאַכט :

— ניין, ברודערל, דאָס זיכער ניט ! כ׳האָב זיך שוין אויסגעלערנט ניט צו טאָן צוויי מאָל די זעלבע נאַרישקייט. כ׳בין שוין ווייט ניט דער זעלבער אידיאָט, ווי דו האָסט מיך דאַן, און מיט רעכט, אָנגערופן.

— ווי איך זע — האָסטו אַ גוטן זכרון.

— יאָ, פאַראַן זאַכן וואָס פאַרגעסן זיך ניט. נו, קום אַריין.

ער האָט זיך געלאָזט גיין פאָראויס און מיט איינער פון זיינע קוליעס ברייט צעעפנט פאַר מיר די טיר פון דער קראָם.

מיר זיינען אַריין אינווייניק, זיך צוגעזעצט צו אַ קליינעם טישל, וועלכן כ׳האָב, אַריינקומענדיק, אויפמערקזאַם און אַביסל מיט פאַרדאַכט באַטראַכט.

פון דער שאַפע, איבער אונדז, האָט ער אַרויסגענומען אַ פלעשל שנאַפּס מיט צוויי גלעזלעך, זיי אָנגעפילט און דער ערשטער אויפגעהויבן זיין גלעזל: „פאַר אונדזער אַרמיי!“ — און אויסגעטרונקען. איך האָב אויך אויפגעהויבן מיין גלעזל: „פאַר דיין געזונט, ניקיטאַ!“

נאָך אַ קורצער פאַוזע, אַ דערוואַרעמטער פונעם ממש ברענענדיקן שנאַפּס, האָב איך אים אַ פרעג געטאָן:

— קענסט מיר אפשר זאָגן, וואָס איז עס אַזעלכעס געשען אין דיין לעבן וואָס האָט דיך אַזוי געביטן?... און ווי איך זע — צום גוטן... גלויב מיר, אַז עס פרייט מיך זייער שטאַרק...

שווייגנדיק האָט ער זיך אַ ווײַלע איינגעקוקט אויף די שפּיצן פון זיינע שטיוול, דערנאָך טיף אָפּגעזיפצט און שטיל, ווי פאַר זיך, באַמערקט:

— און... די צוואַנציק רובל פון דיין קעסטל, אין זומער־קעמפּ, האָב איך אַרויסגענומען... און דיין טייער שטיינדל פאַרוואָרפן און עס ניט געקאָנט שפּעטער געפינען...

— כ׳ווייס עס, אָבער לאָמיר איצט בעסער ניט רעדן וועגן דעם, און אַוודאי ניט וועגן דעם גאָט פאַרדאַמטן שטיינדל...

ער האָט געשוויגן אַ ווײַלע און פאַרגעזעצט:

—...און ביי די איבעריקע סאָלדאַטן האָב איך אויך דאָס געלט אַרויס־געגנבעט...

— טו מיר אַ טובה, ניקיטאַ, און פאַרגעס וועגן דעם, — האָב איך אים געבעטן, — גלויב מיר, אַז קיינער איז פון דעם ניט אָרעמער געוואָרן.

ער האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף דער קראָם:

— עפּעס אַ משוגעת האָט מיך אין יענער צייט געהאַט אַרומגעכאַפּט... אַ משוגעת צו קריגן וואָס מער געלט, אַרויסצאָלן דעם שוואָגער מיינעם זיין חלק און אַליין ווערן דער בעל־הבית פון אָט־דער קראָם... אַן אמתע משוגעת געווען...

— גענוג וועגן דעם, ניקיטאַ! — האָב איך אים איבערגעשלאָגן, — זאָג מיר בעסער, וואָס מאַכט די פרוי, די קינדער?

ער האָט אַ הילפלאָזן צענעם געטאָן מיט ביידע הענט:

— די פרוי איז געזונט, אָבער דאָס עלטסטע קינד מיינס, דאָס גע־ראָטנסטע, מיין קאַטיושאַ, איז מיט פיר חדשים צוריק געהרגעט געוואָרן...

אַ גאַנצן טאָג זיך געשפּילט מיט די קינדער און פאַרנאַכט שוין געווען טויט...
אַ וואָגן האָט זי איבערגעפאָרן... די פרוי האַלט אין איין טענהן, אַז ס׳איז
פאַר מיינע זינד... פאַר די געגנבעטע געלטער... — ער איז אַנטשוויגן גע־
וואָרן, געקוקט מיט האַלב־פאַרזשמורעטע אויגן אויף דער וואַנט, געהאַלטן
אין איין צוזאַמענפּלעכטן און ווידער צענעמען די פינגער פון ביידע הענט
און באַלד ווייטער גענומען דערציילן:

— פאַראַן דאָ ביי אונדז אַ לערער... ער האָט זייער ליב געהאַט קאַטיו־
שען, מיר אַליין עטלעכע מאָל געזאָגט, אַז זי וועט אויסוואַקסן עפּעס גאָר
גרויסעס. געווען די ערשטע אין שול... זי פלעגט זיך שטענדיק שפּילן
מיט זיינע צוויי קינדער... ער איז זייער אַ טייערער מענטש, אָט־דער
לערער... קומט אויך איצט אָפט אַריין צו אונדז... בעסער און קלוגער
פון אַלע אונדזערע גלחים. כ׳האָב אים דערציילט וועגן אַלע מיינע גנבות...
אויך וועגן געשלעג מיט דיר... ער האָט פאַר מיר אַ סך זאַכן פון אונדזער לעבן
קלאָר געמאַכט... — און ער האָט פאַרענדיקט מיט אַ טיפן זיפץ: — די
ווייב שוואַנגערט שוין ווידער, אָבער קאַטיושען קענען מיר ניט פאַרגעסן...
אויך וועגן דיין געלט...

איך האָב אים איבערגעשלאָגן:

— הער אויף, ניקיטאַ, צו דרייען אַ קאָפּ וועגן די געלטער און וועגן
דער שטראָף פאַר זיי... איך קאָן אַ היפּשע צאָל מענטשן, וועלכע גנבענען
פיל גרעסערע סומען, גאַנצע הונדערטער, טויזנטער און זייערע קינדער, ניט
נאָר זיי שטאַרבן ניט פון דעם, נאָר זיי לעבן אַ גוטן טאָג אויף די אַנגעראַ־
בעוועטע געלטער! באַפריי זיך פון אָט־דעם נאַרישן געדאַנק און זאָל דיין
ווייב טאָן דאָס זעלבע און זיי זיכער, אַז זי וועט דיר שענקען אַ געזונטן יונג,
אָדער אַ צען־פונטיקע מויד.

ער האָט מיר געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין, צוגעשאָקלט מיטן
קאָפּ און זיך באַמיט צו שמייכלען.

כ׳האָב אַ קוק געטאָן אויפן האַנט־זייגערל און זיך אויפגעשטעלט:

— כ׳מוז לויפן, ניקיטאַ, אויב ניט, וועל איך פאַרשפּעטיקן דעם לעצטן
באַן.

ער האָט זיך אויך אויפגעשטעלט:

— גיב מיר דיין אַדרעס, כ׳וועל דעם קומענדיקן חודש דיר צושיקן דיינע
צוואַנציק רובל.

— פאַרגעס וועגן דעם! כ׳וועל דיר צושיקן מיין אַדרעס, ווען כ׳וועל
זיך איינאָרדענען. און פאַר די צוואַנציק רובל קויף, אין מיין נאָמען, אַ
מתנה דיין ניי־געבוירענעם זון אָדער טאָכטער.

מיר זיינען אַרויס פון דער קראָם און געבליבן שטיין נעבן פענצטער.

מיר האָבן זיך געגעבן די הענט, טיף אַריינגעקוקט איינער אין צווייטנס אויגן און מיטאַמאָל האָט עפּעס אַן איבערלעבכע, אומדערוואַרטעטע קראַפט אונדז ביידן איינצייטיק, ווי אַ הויב געטאָן אין דער לופט. מיר האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און זיך צעקושט.

— בלייב געזונט, ברודער ניקיטאַ! — האָב איך אַ זאָג געטאָן מיט אַ לייכטן ציטער אין קול.

— פאָר געזונט, דייקסעל און לאָז פון זיך הערן! און אַ גרויסן דאַנק פאַרן קומען מיך זען. איך פיל איצט אַ סך לייכטער ווי פריער.

איך בין שנעל אַוועק. ביים נאָענטן ראָג האָב איך זיך אָפּגעשטעלט און אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף צוריק. ניקיטאַ איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויפן שוועל פון זיין קראָם, געשטאַנען פעסט צוגעדריקט צו דער וואַנט און מיר נאָכגעקוקט. כ׳האָב אַ מאַך געטאָן צו אים מיט דער האַנט. ער האָט מיר געענטפערט, פאָכנדיק מיט ביידע הענט.

— בלייב געזונט!

— פאָר געזונטערהייט!

און לאָמיך זיך מודה זיין, אַז גייענדיק אין יענעם אָוונט איבער די ווילד־פרעמדע, האַלב־פינצטערע וואַראַניעזשער געסלעך און שפּעטער, שוין פאַרנדיק אין באַן, האָב איך ניט איין מאָל אויסגעווישט די טרערן. געווישט די טרערן און געטראַכט וועגן מיין „נדר״ — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען כ׳וואַרף איצט אַמאָל אַ בליק אויף צוריק, אויף דער גאָר היפּשער שורה פאַרגאַנגענע יאָרן, יאָרן — אַזעלכע זאַטע מיט פרייד און מיט טרויער, מיט קאַמף פאַר אַ שענערער און בעסערער וועלט — קום איך צום פריידיקן שלוס, אַז כ׳האָב מיין „נדר״ ניט פאַרשעמט, מיין צוזאָג זיך אַליין ניט געבראָכן.

יאָ, מיינע האַרציקע פריינט, מיינע לייענער, אָט אַזאַ מאָדנע געשיכטע האָט אַמאָל פּאַסירט מיט מיר אין ווייט־ווייטן טורקעסטאַן, צווישן די גרע־נעצן פון פּערסיע און אַפגאַניסטאַן.

# „פּראָספּעריטי"

(גוטע צייטן)

דער גרויסער וואַנט־זייגער האָט געוויזן פּונקט האַלב נאָך זעקס. מיסעס קאַנוועי, אַ שלאַנקע פרוי אין די שפּעטע פערציקער, מיט אַ לענג־לעכן שיינעם פּנים און שוואַרצע, יונגע אויגן, אונטער אַ געדיכטער נעץ פון שוין היפּשלעך גרויע האָר, איז געשטאַנען אַן אויסגעפּוצטע אין אַ שוואַרצן, סאַמעטענעם קלייד, די אויבערשטע טייל פון וועלכן איז געווען דורכגעוועבט מיט זילבערנע שפּריצן און, אַ באַשיצטע מיט אַ רויטן, גו־מענעם שירצל, געגרייט דעם לאַנגן טיש אין עס־צימער.

גלאָריע, אַ קאָפּיע פון דער מוטער, נאָר מיט דריי־און־צוואַנציק יאָר יינגער, איז געשטאַנען נעבן שפּיגל און פלייסיק געהאַלטן אין צעקעמען אירע זאַפּטיקע, גאָלדיק־ברוינע קרייזלעך, וועלכע זי האָט נאָר־וואָס גע־האַט באַפרייט פון די קלאַמערן. זי האָט געטראָגן אַ ראָזעווע זיידן קליידל, וועלכעס וואָלט זיך אינגאַנצן צוזאַמענגעגאָסן מיט איר צאַרטער הויט, ווען ניט די צוויי שנירלעך פּערל אַרום איר האַלדז. די פאַרב פון קלייד און די ווייסקייט פון די פּערל האָבן ווי אונטערגעשטראָכן די בלענענדיקע שוואַרצ־קייט פון אירע אויגן און ברעמען און די צוויי חן־גריבלעך. אויך אירע באַקן האָבן געהאַלטן אין איין באַשטראַלן מיט אַ מין קינדערשער שטי־פערישקייט איר קורץ, ראָזעווע נעזל.

צערעכטמאַכנדיק דעם גרויסן בוקעט בלומען אויפן טיש, האָט מיסעס קאַנוועי שוין אפשר צום צענטן מאָל אין די לעצטע פופצן מינוטן, געוואָרפן אַ בליק אויפן וואַנט־זייגער און אַ רוף געטאָן:

— גלאָריע!

— יאָ, מוטער, וואָס איז?

— האָסטו אַריינגעשטעלט דעם ביר מיטן וויין אין אייז־קאַסטן?

— אַריינגעשטעלט. אַ שאָד וואָס אונדזער מערי איז היינט פלוצלונג קראַנק געוואָרן און דו האָסט געמוזט אַליין זיך פּאָרן אַ גאַנצן טאָג אין קיך.

— ס'מאַכט ניט. אַלץ איז שוין פאַרטיק. דו גיב נאָר אַ קוק: דאַכט זיך, אַז דער זייגער איז שטיין געבליבן. ווי שפּעט איז איצט?

גלאָריע האָט אַ קוק געטאָן אויפן וואַנט־זייגער, פאַרגליכן די צייט מיטן זייגערל אויף איר האַנט און זיך צעלאַכט:

— באַרויִק זיך, מוטער. איך פאַרשטיי ווי דו פילסט. מיין אייגן האַרץ

קלאַפּט אויך היפּשלעך פעסטער ווי געוויינלעך... נאָך צוואַנציק מינוט און אונדזער טייערער דזשאַני וועט זיין מיט אונדז.

די מוטער האָט געוואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר טרערן האָבן זיך אַ גאָס געטאָן פון אירע אויגן. זי האָט זיי שנעל אויסגעווישט און ווידער גענומען נערוועז איבערשטעלן די טעלער אויפן טיש. ווען זי האָט זיך באַרואיקט, האָט זי שטיל זיך ווי גענומען באַקלאָגן:

— שוין באַלד דריי יאָר, אַז מען האָט אים אַוועקגעשיקט צום פּאַ־סיפיק... דריי יאָר אָן איין חודש... ווי ווייניק ער האָט די גאַנצע צייט געשריבן... בפרט נאָך וועגן זיך... אָבער פון די צייטונגען ווייסן מיר דאָך, וואָס ער מיט זיינע חברים זיינען זיך דאָרטן אויסגעשטאַנען... וויפל בלוט ס׳איז פאַרגאָסן געוואָרן ביז זיי האָבן איינגענומען די פאַרשאָלטענע אינדזלען, ווי אָקינאַווא, לעיטע, איוואָ־דזשימאַ און די איבעריקע... — זי האָט ווידער שנעל אויסגעווישט די אויגן, — דעם גאַנצן גיהנום איז ער דאָרטן דורכגעגאַנגען...

— מוטער, צו וואָס רעדן איצט וועגן דעם, וואָס עס איז שוין פאַראיבער? די הויפּט־זאַך איז, אַז אָט באַלד, באַלד וועט ער זיין אין דער היים, אין דער היים מיט אונדז צוזאַמען און וואָס עס דאַרף אונדז איצט מער פון אַלץ פרייען איז דער פאַקט, אַז ער קומט אַ גאַנצער, אין „איין שטיק״.

— ווער ווייסט? — האָט די מוטער טיף אָפּגעזיפצט, — ער איז פאַר־וואונדעט.

— יאָ, אין האַנט, אָבער איך בין זיכער, אַז עס איז ניט קיין שווערע וואונד.

— פאַרוואָס ביסטו אַזוי זיכער?

— ווייל איך קאָן דעם ברודער אויסגעצייכנט, ווייל כ׳ווייס זיין וועג פון שרייבן. כ׳וואָלט גלייך דערפילט, ווען ער וואָלט עפּעס באַהאַלטן.

— און ווער איז עס דער מילטאָן באַומען, דער פריינט זיינער, וועמען ער ברענגט מיט זיך? ער האָט איין מאָל באַמערקט אין זיינעם אַ בריוו, אַז יענער קומט פון ניו־יאָרק, — מיסעס קאָנוועיס פּנים האָט זיך אַ לייכטן קרום געטאָן, — ניו־יאָרק... עפּעס האָב איך ניט ליב יענע שטאָט, ווי אויך ניט די מענטשן... די מערהייט דאָרטן, האָב איך געהערט, באַשטייט פון אויסלענדער... רויטע... קאָמוניסטן...

גלאָריע האָט זיך אַ האַסטיקן דריי געטאָן צו דער מוטער און אירע האָר־נאָדלען האָבן זיך צעשאָטן איבערן דיל:

— איך פאַרזיכער דיך, מוטער, אַז איך בין ניט קיין רויטע, אָדער קיין קאָמוניסטקע, און דאַרף זיי ניט פאַרטיידיקן... אָבער מיר געפעלן זייער ניט די רייד, וועלכע דער פאָטער, און דו נאָך אים, האָבן לעצטנס

גענומען נוצן. ס׳איז שלעכטע רייד, ניט קיין אַמעריקאַנער... און לאָזט מיר אייך זאָגן, אַז כ׳ווייס אויך פון וואַנען אָט־די רייד קומען צו אייך. דאָס האָט אייער מר. בראַון זיי אַריינגעבראַכט צו אונדז אין הויז און פאַרפלייצט דאָס גאַנצע שטעטל און דעם גאַנצן געגנט מיט זיינע ליפלעטס און בראָ־שורן, פולע מיט ליגנס און מיט האַס... — זי האָט זיך אַ פלינקן בויג געטאָן, אויפגעהויבן צווי פון די האָר־נאָדלען און אומצופרידן ווייטער גע־רעדט: — און איך ווייס אויך, אַז אָט צוליב אייער מר. בראַונען האָט זיך דער פאָטער צעקריגט מיט מר. ווינשטיינען, מיט וועמען מיר זיינען געווען די בעסטע פריינט, זינט איך געדענק זיך. מר. ווינשטיין האָט דאָ געעפנט זיין מאַנופאַקטור־קרעמל מיט דרייסיק יאָר צוריק, ווען אונדזער שטעטל „פלעזענטוויל" האָט נאָך אפילו קיין נאָמען ניט געהאַט און איז באַשטאַנען אינגאַנצן פון אַ פאָר טוצן קליינע הייזקעס. כ׳האָב אַנומעלטן געפונען ביים פאָטער אויפן טיש מר. בראַונס אַ ליפלעט, וואו עס דערציילט זיך, אַז יידן זיינען פאַררעטער, אַז מען דאַרף זיי אַרויסיאָגן פון אַמעריקע... וואָס פאַראַ שמוציקער ליגן! דו, מוטער, קענסט גוט אונדזערע יידן... זיינען זיי ערגער פון אונדז, קריסטן? איז דען ווינשטיינס זון, פאול, ניט אַוועק פרייוויליק, צוזאַמען מיט אונדזער דזשאָנען, אין דער אַרמיי, גלייך נאָך „פּוירל־האַרבאָר?"...

— וואַרט אַ מינוט! זיי ניט אַזוי אויפגערעגט! — האָט מיסעס קאַנוועי געפרואווט אָפּשטעלן די טאָכטער, — ווער האָט עס דיר געזאָגט, אַז...

— אַנטשולדיק, מוטער, אָבער לאָז מיך ענדיקן. דו ענטפער מיר צו־ערשט, ווער איז ער, אייער געשעצטער מר. בראַון?! געקומען פאַראַיאָרן אַ פרעמדער פון שיקאַגאָ, געדונגען אַן אָפיס אויף דער הויפט־גאַס און אַרויסגעשטעלט אַ גרויסע שילד מיט געלע בוכשטאַבן: „די יוניאָן פון קריסטלעכע אַמעריקאַנער". פאַרוואָס בלויז קריסטלעכע?! דערנאָך האָט ער גענומען אַרומגיין איבער די קריסטלעכע קראָמען און דערציילן זיינע ליגנערישע מעשיות וועגן יידן און אויסלענדער... — זי האָט געמאַכט אַ טראָט נעענטער צו דער מוטער און מיט אַ בייזן, אָבער שוין נידעריקן טאָן אַ פרעג געטאָן: — און זאָג מיר, מוטער, ווער האַלט עס אים אויס?... ווער צאָלט עס פאַר זיינע ליפלעטס און בראָשורן, פאַר זיין צימער אין דעם טייערן „קלאַריאָן" האָטעל, פאַר זיין אויטאָמאָביל? ווער?!

— און דו ווייסט ווער? — האָט די מוטער איר שוין בייז אָפּגעענט־פערט מיט אַ פראַגע.

— כ׳בין זיכער, אַז ניט קיין פריינט פון אונדזער לאַנד!

מיסעס קאַנוועי האָט אַן אומגעדולדיקן מאַך געטאָן מיט ביידע הענט:

— גאָט מיינער, ווי קאָן עס אַזאַ מיידל ווי דו אַזוי פיל רעדן?!

די פראגע איז געקומען אזוי הילפלאז און אומדערוואַרטעט, אַז גלאַריע האָט זיך הילכיק צעלאַכט:

— האָסט פאַרגעסן, מוטער, אַז כ׳האָב פאַרבראַכט דריי יאָר אין קאַלעדזש. און דאָרטן רעדט מען זייער אַ סך.

די מוטער האָט אַ שוואַכן שמייכל געטאָן:

— נו, געַנוג. און כ׳בעט דיך ניט איבערצוחזרן אַזעלכע רייד ווען דער פאָטער איז אין הויז.

— עס טוט מיר לייד, אָבער אַזאַ זאַך קאָן איך דיר ניט צוזאָגן... כ׳וועל זען... כ׳קאָן ניט פאַרגעסן דעם פרימאַרגן, ווען מיר האָבן אויף דער באַן סטאַנציע זיך געזעגנט מיט אונדזערע דריי יינגלעך: מיט דזשאָנען, מיט פאָל ווײַנשטיינען און מיט טאָני רוסאָ, דעם שוסטערס זון. — זאָג מיר, — זי האָט זיך ווידער אַ בויג געטאָן צו דער מוטער, — פאַרוואָס וואָלונטירט ניט אייער מר. בראַון אין דער אַרמיי? ער איז נאָך יונג געַנוג, שטאַרק ווי אַן אָקס און אומעטום רעדט ער דאָך וועגן פאַטריאָטיזם?!

— געַנוג! געַנוג! — האָט מיסעס קאָנוועי שוין באַפוילן, — פאַרמאַך דײַן גרויס מויל!

— אָלרייט, — האָט גלאַריע, לאַכנדיק, צוגעשטימט, — אָבער מײַן לעצט וואָרט איז, אַז אייער מר. בראַון שמעקט פאַר אַ מייל. — זי האָט זיך אַנגעבויגן צוזאַמענצוקלײַבן די האָר־נאָדלען, אָבער זיך וועגן עפּעס דערמאָנט און מיט אומרו אין קול שטיל אַ פרעג געטאָן: — הער, מאַ, ווי וועסטו זיך נוהג זײַן מכוח דזשאָנס בקשה, אַז מען זאָל אויף היינט ניט אײַנלאַדן קיינע געסט?...

— איך האָב קיינעם ניט אײַנגעלאַדן! — האָט די מוטער שנעל געענטפערט.

אָבער גלאַריע האָט גלײַך פאַרענדיקט איר זאַץ:

— קיינע געסט, אַחוץ די ווײַנשטיינס... אַזוי שטייט קלאָר אין דזשאָניס לעצטן בריוו. ווי וועסטו האַנדלען?

מרס. קאָנוועי איז אַן אומרואיקע איבערגעגאַנגען דעם צימער:

— כ׳ווייס אַליין ניט. דער טאַטע וויל אפילו ניט הערן וועגן דעם. קענסט אים דאָך: אײַנגעשפּאַרט ווי צען אייזלען... אַלץ מוז זײַן ווי ער וויל... — זי האָט הילפלאָז צענומען די הענט, — אפשר וועט דזשאָני פאַרגעסן וועגן דעם?

— כ׳צווייפל זייער שטאַרק. ער האָט אַ גוטן זכרון. דערצו, ווייסטו דאָך, אַז ער איז פונקט אַזוי אײַנגעשפּאַרט ווי דער טאַטע.

די מוטער האָט געוואָרפן אַ בייזן בליק אויף דער טאָכטער:

— דו ווייסט, מײַן טייערע, דו ביסט פונקט אַזוי שלעכט ווי דײַן טאַטע

און אויב... — זי האָט ניט פאַרענדיקט און מיטן גאַנצן קערפּער זיך אַ דריי געטאָן צום אָפענעם פענצטער, דורך וועלכן ס'האָט זיך אַריינגעריסן אַ ניט ווייטער פייף און דער שווערער רויש און אָטעם פון אַ פאַרביילויפנ־דיקן באַן.

גלאָריע איז צוגעלאָפן צום פענצטער און אַרויסגעקוקט:

— מוטער, דער באַן גייט שוין אַוועק! מיר האָבן זיך פאַררעדט... איך זע שוין פונדערווייטנס אָנקומען דעם פאָטערס אויטאָמאָביל מיט ביידע... מיט ביידע סאָלדאַטן!

איר קול האָט געציטערט פון אויפרעגונג.

מיסעס קאָנוועי האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט פאַר דער ברוסט און איר גאַנצער פּנים, מיטן מויל ברייט אָפן, האָט זיך גענומען טרייסלען.

גלאָריע איז צוגעלאָפן און זי אַרומגעכאַפּט:

— רואיק, מוטער! רואיק... כ'בעט דיך: נעם זיך אין די הענט; פאַר־שאַף ניט דזשאַנען קיין נייע צרות. ער האָט שוין געהאַט איבער גענוג... פּליעז, מוטער, פּליעז!

פון דרויסן האָט זיך דערטראָגן דער רויש פון אַ צופאַרנדיקן אויטאָמאָ־ביל און מיסטער קאָנוועיס פריילעכע שטימע:

— נו, באָיס, אַרויס פון דער קאַר! מיר זיינען שוין אין דער היים. וואָס באַטראַכטסטו אַזוי דאָס הויז, דזשאַני? ס'איז דאָס זעלבע הויז, כ'האָב עס בלויז היפּשלעך איבערגעבויט. אַ סך פאַרגרעסערט. און אָט דאָס איז דער נייער „גאַראַזש". איבערגענוג פאַר דריי קאַרס... און אָט דער נייער „לינקאָלן" איז אַ מתנה פאַר דיר. אים ערשט נעכטן געקראָגן. — ער האָט זיך גוטמוטיק צעלאַכט, — ווייסט דאָך, זון, ס'איז איצט „פּראָספּעריטי" ביי אונדז... וואַרט צו, מילטאָן, כ'וועל דיר העלפן אַרויסגיין...

— אַ דאַנק, מיסטער קאָנוועי. כ'בין שוין אַרויס... אייער „ביואיק" איז אַביסל צו ווייך אַנטקעגן אונדזערע „דזשיפּס". — די שטימע איז געווען אַ פרעמדע, אַ ווייכער באַריטאָן, אַביסל אַן הייזעריקער.

ווען די טיר האָט זיך ברייט צעעפנט, זיינען ביידע פרויען געשטאַנען פעסט אַרומגענומען און ווי געהיט איינע די צווייטע פון פאַלן. דער ערשטער איז אַריין אין צימער מיסטער קאָנוועי, אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער, מיט אַ האַלב־נאַקעטן קאָפּ, אַ היפּשער נאָז און גרויסע, גרוי־בלויע באַפעלנדיקע אויגן. זיין מויל איז פול געווען מיט ווייסע ציין און מיט אַ צופרידענעם, אויפרייסנדיקן געלעכטער:

— זע נאָר, ווי אונדזערע פרויען האָבן זיך עס אַרומגעכאַפּט!

דזשאָן, הויך ווי דער פאָטער, מיטן זעלבן מעטאַל אין די גרוי־בלויע אויגן, אָבער מיטן צאַרטן פּנים און פעך־שוואַרצע האָר און ברעמען פון

דער מאַמען, האָט זיך אַ ריס געטאָן פאַראויס:

— מוטער! מוטער, טייערע! — ער האָט זי אַרומגעכאַפּט מיט דער רעכטער האַנט, ווייל די לינקע איז געווען פאַרבאַנדאַזשירט און געהאַנגען אויף אַ שוואַרצן טיכל, געבונדן אַרום זיין האַלדז.

אָן אַ וואָרט, בלויז מיט אַ טיפן קרעכץ, האָט די מיסעס קאַנוועי אַרומגעכאַפּט דעם זון און אַ פּאָר מינוטן האָט מען בלויז געהערט איר שטילן כליפּן און געזען זייערעביידנס צוקנדיקע אַקסלען. גלאָריע איז אָפּגעטראָטן פון דער מוטער, שנעל אויסגעווישט די אויגן, אפילו אַ שמייכל געטאָן צום פאָטער און, כמעט ווי אַ באַרואיקטע, צוגעגאַנגען צום מיטלוואוקסיקן, שוואַרץ חנ׳עוודיקן בחור, וועלכער איז געשטאַנען ביי דער טיר, מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, אָנגעשפּאַרט אויף צוויי קוליעס. זי האָט אים אויסגעשטרעקט אירע ביידע הענט און אים פריילעך באַגריסט:

— העלאָ, מילטאָן!

דער שוואַרץ־חנ׳עוודיקער בחור האָט אַזש אויפגעציטערט פון אומדערוואַרטקייט, כמעט ווי מיט אַ לייכטן שרעק אַ קוק געטאָן אויף גלאָריען, אָבער אונטער דער בליציקער וואַרעמקייט פון אירע שוואַרצע אויגן האָבן אויך זיינע, טונקל־ברוינע אויגן, אויפגעלויכטן און באַשטראַלט זיין אויסגעבלייכטן פּנים:

— האַלאָ! — האָט ער ניט זיכער געענטפערט און נאָך אַ קורצן באַטראַכטן זי און איבערלייגן זיך, ניט זיכער צוגעגעבן: — כ׳וואָלט געוואָלט טרעפן, אַז דאָס זענט איר, גלאָריע, דזשאַניס שוועסטערל, אָבער... — ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין: — ניין... עס שטימט ניט... זאָגט מיר, ווי אַזוי איז אייער נאָמען?

— גלאָריע, — האָט זי מיט אַ טראַציקן שמייכל געענטפערט, — און כ׳בין טאַקע דזשאַניס שוועסטער, — זי האָט זיך צעלאַכט, — און פאַרוואָס, זאָגט מיר, גייט עס אייך אַזוי אין לעבן, אַז איך זאָל זיין עמיץ אַנדערש?

— אָ, ניין! — האָט זיך מילטאָן צוריקגעכאַפּט, — כ׳האָב אַבסאָלוט גאָרניט, אַז איר זאָלט עס זיין דזשאַניס שוועסטער, אָבער ער האָט מיר זייער אַ סך דערציילט וועגן עפּעס אַ קליין שוועסטערל, וועלכעס איז אַ היפּשער טיוול, פייפט בעסער פון אים און קריכט ניט ערגער פון אים אויף די פּלויטן און ביימער.

דערווייל האָט זיך דזשאָן אָפּגעריסן פון דער מוטער און זיך אויסגעדרייט צו דער שוועסטער:

— האַלאָ, גלאָ! וואָס? האָסט זיך אַזוי פאַראינטערעסירט מיט מיין חבר, אַז ווילסט זיך שוין מיט מיר אפילו ניט באַגריסן?! — זיי האָבן זיך אַרומגעכאַפּט, צעקושט און אָפּטרעטנדיק אויף אַ שפּאַן צוריק, האָט ער

זי געגומען באַטראַכטן: — ווי גרויס דו ביסט געוואָרן, גלאָריע! און ווי שיין!... דער טיװל ווייסט איך, פרויען, ווי שנעל איר צעוואַקסט זיך!

— דריי יאָר, זון, — האָט די מוטער אַריינגעשטעלט אַ פּאָר ווערטער, אָפּווישנדיק די טרערן, — דריי לאַנגע יאָר שוין פאַראיבער...

— אַ דאַנק, ברודער, פאַרן קאָמפּלימענט, — האָט זיך גלאָריע שמייכלענדיק פאַרנייגט, — דו ווייסט דאָך, די ערד איז דאָ, ביי אונדז, אַ פרוכטבאַרע, די זון אַ הייסע, פרייע צייט האָב איך געהאַט איבערגענוג, נו, בין איך געוואָקסן... אויך אַביסל שענער געוואָרן... — זי האָט זיך אַ פלינקן דריי געטאָן צו מילטאָנען: — שטימט איר איין מיטן ברודערס מבינות אויף שיינקייט?

— וואָס פאַראַ פראַגע! — האָט זיך מילטאָן צעלאַכט, — אָבער ער, דער ברודער דיינער, האָט מיר דעם קאָפּ פאַרקלאָפּט מיט זיין „בייבי סיסטער"... מיטן קליינעם טײװל...

— און איצט איז זי אַ גרויסער טײװל! — האָט זיך דער פאָטער אַריינגעמישט.

מיסעס קאַנוועי איז צוגעגאַנגען צו מילטאָנען, אים אַרומגענומען, אַ קוש געטאָן אין קאָפּ:

— דו ביסט ביי אונדז זייער אַ טייערער גאַסט. פיל זיך ווי ביי זיך אין דער היים.

— אַ דאַנק, מיסעס קאַנוועי!

— וועל... וועל... — האָט דער פאָטער זיך געלאָזט הערן, — גענוג זיך געצערטלט! איך שטאַרב עסן!

— זיי רואיק, פּראָפעסער, — האָט די מוטער געלאַכט, וואַרפנדיק יעדע ווילע אַ בליק אויפן זון, ווי ניט גלויבנדיק זיך, אַז ער איז אין אַן אמתן שוין דאָ, — זיי רואיק, אַלץ איז שוין פאַרטיק און וואַרט אין אויוון.

**
*

נאָכן עסן איז מען געזעסן און געמיטלעך געשמועסט. דזשאַן האָט צוגערוקט זיין ווייכן שטול צום פענצטער, וועלכעס איז אַרויסגעקומען אין אַ גאָרטן, אין הינטערשטן טייל פון הויז, און פאַרטראַכט נאָכגעפאָלגט די געל-רויטע שטראַלן פון דער אונטערגייענדיקער זון, צווישן די שטאַמען פון דיביימער, זיך נאָכגעפרעגט אויף די שטעטלשע נייעס און באַקאַנטע.

מיסטער קאַנוועי האָט מיט באַגייסטערונג דערציילט, ווי רייך זייער שטעטל איז געוואָרן, זינט עס האָבן זיך דאָ ניט ווייט אויפגעבויט עטלעכע גרויסע אַמוניציע־פאַבריקן און געהאַלטן אין איין דערמאָנען נעמען פון אויפגעקומענע גבירים.

— אַנטשולדיק, פאָטער, — האָט אים דזשאַני איבערגעשלאָגן, — וואָס

מאַכן די צוויי אַלטע רוסאַ, טאַניס עלטערן?

— זיי זיינען אָלרייט! — האָט זיך דער פאָטער ברייט צעשמייכלט, — דער אַלטער מאַכט שוין לאַנג אַליין ניט מער קיין שיך. פון זיין קליינעם וואַרשטאַטל איז אויפגעוואַקסן אַ פיינע קראָם. כ'וועל מאָרגן מיט דיר אַריינגיין אַהין... אויך ביי זיי איז „פראָספעריטי"...

ביידע סאָלדאַטן האָבן זיך איבערגעקוקט און זייערע בליקן זיינען פול געווען מיט אַ מין מאָדנעם געהיימען באַדייט. דערנאָך האָבן זיי איינצייטיק און טיף אָפגעזיפצט.

— און וואָס מאַכט טאַני? — האָט די מוטער געוואָלט וויסן? — וואו געפינט ער זיך? כ'האָב לעצטע וואָך באַגעגנט זיין מוטער, האָט זי געוויינט פאַר מיר, דערציילט, אַז טאַני ליגט אַ פאַרוואונדעטער, ערגעץ־וואו אין אַ האָספּיטל און האָט לעצטנס אינגאַנצן אויפגעהערט צו שרייבן.

— מירן רעדן וועגן דעם אַ צווייטן מאָל, — האָט דזשאַני שטיל געענטפערט, קוקנדיק פאַרטראַכט אויפן דיל פאַר זיך, און מיטאַמאָל האָט ער זיך געווענדט מיט אַ לייכטן שמייכל צו דער מוטער, — דאַכט זיך עס מיר בלויז, צי דער טעפּיך אויפן דיל איז, אין אַן אמתן, אַ נייער?

— מאַכסט ניט קיין טעות, זון, — האָט די מוטער אַ שמייכל געטאָן, — דער טעפּיך איז אַ נייער און אַן אמת פּערסישער... דער טאַטע האָט זייער אַ סך געלט פאַר אים באַצאָלט.

— אַכט הונדערט דאָלער קאָסט ער מיך, אָט דער טעפּיך, — האָט זיך דער פאָטער נצחונותדיק צעלאַכט, — און ניט נאָר דער טעפּיך, נאָר כמעט יעדע זאַך אין הויז איז ניי און האָט, „גאָד־דעמעט", איינגעשלונגען אַ היפּשע פאַר טויזנטער. אָפּט פיל מער. אָבער עס מאַכט ניט: געווען מיט וואָס פאַר אַלץ צו באַצאָלן... כ'וועל דיך, זון, מאָרגן אַריינגעמען אין אונדזער קראָם. וועסט זי ניט דערקענען. דריי מאָל אַזוי די גרויס, צען אָנגעשטעלטע און אַזוי ווייטער און ווייטער... פּראָספעריטי, מיין זון... — ער האָט זיך פאַרצויגן מיט זיין האַוואַנאַ ציגאַר און נחתדיק געשמייכלט.

— מיר לעבן אין אַ מאָדנע וועלט, מר. קאָנוועי, אין זייער אַ מאָדנע וועלט! — האָט מילטאָן טיף אָפּגעזיפצט.

— אין אַ משוגענער וועלט, ניט קיין מאָדנער, — האָט דזשאַני באַמערקט און צוגעגעבן: — און אפשר איז גאָר ריכטיקער צו זאָגן, אַז מיר לעבן אין אַ פאַרברעכערישער וועלט.

— ניין, באָיס, אייערע ביידע דעפיניציעס טויגן ניט, — האָט דער פאָטער זיך צעשמייכלט, קייענדיק און רויכערנדיק איינצייטיק זיין סיגאַר, — אונדזער וועלט איז ניט קיין מאָדנע און אויך ניט קיין פאַרברעכערישע. ס'איז אַ ריכטיקע וועלט, ווי אַ וועלט באַדאַרף צו זיין.

דזשאַני האָט פאַרזיכטיק אַריבערגעליגט די פאַרוואונדעטע האַנט פון זיין קני אויפן זייטל פון שטול און נעגאַטיוו אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ:

ביין, פאָטער, עס טוט מיר לייד, אָבער איך קען ניט איינשטימען מיט דיר. וואָס עס זעט אויס ביי דיר און, מעגלעך, ביי טויזנטער אַנדערע אין דיין לאַגע, צו זיין גוט און נאַרמאַל, זעט אָבער אין אונדזערע אויגן... כ׳רעד פאַר זיך און, אַן שום צווייפל, פאַר טויזנטער אַנדערע סאָלדאַטן... ביי אונדז זעט עס אַלץ אויס ווילד, שוידערלעך, אומגלויבלעך... אָט גיב נאָר אַ טראַכט: אין דער צייט וואָס מיר, מיליאָנען יוגנטלעכע, אַ טייל פון אונדזער פאָלק, האָבן זיך געוואַלגערט אין קויט, אין בלאָטע אויף די שלאַכטפעלדער פון דער גאָרער וועלט, געקעמפט מיטן שונא, געבלוטיקט פאַר אונדזער לאַנד, אָט אין דער זעלבער צייט איז דער צווייטער טייל פון אונדזער פאָלק, די יעניקע, וועלכע זיינען דערצו געבליבן, גוט־באַשיצטע, אין דער היים, זיינען אָט די רייך און פעט געוואָרן... רייך און פעט פון אונדזערע ליידן, פון אונדזער בלוט... און אָט דעם שוידער רופט איר אָן מיטן קלינגנדיקן נאָמען „פראָספּעריטי״... ס׳איז דאָך איינפאַך זיבלאָז, פאָטער...

— ניט נאָר זינלאָז, נאָר אויך פאַרברעכעריש, — האָט מילטאָן שטיל צוגעגעבן, — עס מוז ביי אַזעלכע אומשטענדן זיך שאַפן אַ קלאַס מענטשן, וועלכער זוכט מלחמה, וועלכער טרייבט פעלקער אין קריג.

— ריכטיק, — האָט גלאָריע באַמערקט, — אַ היפּשע צאָל מענטשן זיינען איצט געוואָרן מיליאָנערן.

— איך פאַרשטיי אייך, באָיס, — האָט דער פאָטער גוטמוטיק צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ, — איך פאַרשטיי אייך... אָבער אַזוי גייט שוין אונדזער וועלטל... דערצו קענען דאָך ניט אַלע זיך גיין שלאָגן. מען מוז היטן דעם היימישן פראָנט, מאַכן אַמוניציע... און אַז מען פראָדוצירט מאַכט מען אַ גרינגערן דאָלאַר און אַז עס דרייט זיך דאָס געלט קאָן מען זיך דערלויבן אַביסל שענער איינאָרדענען, בעסער אַ לעב צו טאָן...

— אויפן חשבון פון אונדזערע ליידן, פון אונדזער בלוט, פון אונדזער זיך וואַלגערן אין די פוקסן־גריבער?! — האָט דזשאַני שאַרף אַ פרעג געטאָן.

— פליעז, כ׳בעט אייך, הערט אויף צו רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן! — האָט די מוטער זיך דערשראָקן.

עטלעכע מינוטן האָבן אַלע געשוויגן, יעדער פאַרטיפט אין זיינע אייגענע געדאַנקען. מילטאָן האָט ענדלעך איבערגעריסן די שטילקייט:

— מיר דאַכט זיך, אַז דאָס בעסטע מיטל קעגן אַזאַ נאַרמאַל־פאַרברעכע־רישער לאַגע וואָלט געווען, אַז ביידע טיילן פון דער באַפעלקערונג זאָלן זיך יעדע זעקס חדשים בייטן מיט די פלעצער. כ׳מיין, אַז די סאָלדאַטן זאָלן

אהיים קומען פון די שלאַכטפעלדער און איבערנעמען די פּראָדוקציע אין זייערע הענט און די פּראָדוצירער, אַריינגערעכנט די סענאַטאָרן און קאָנגרעס־לייט, אַחוץ די אַלטע און קראַנקע, זאָלן אַוועק זיך שלאָגן מיטן שונא. איך דענק, אַז מיט אַזאַ ראַטאַציע וואָלט ניט נאָר מלחמה־„פּראָספּעריטי" פאַר־שוואונדן, נאָר אויך די צאָל מלחמה־ליבהאָבערס וואָלט היפּשלעך רעדוצירט געוואָרן און, מעגלעך, אויך אינגאַנצן פאַרשוואונדן.

— כ׳דענק, אַז ס׳איז ניט קיין שלעכטער פּלאַן, — האָט גלאָריע אַ לאַך געטאָן, — מען וואָלט אים באַדאַרפט פאָרלייגן אַלע רעגירונגען.

דער טעלעפאָן האָט אַ קלונג געטאָן. גלאָריע האָט זיך געלאָזט גיין ענטפערן און די מוטער האָט איר שטיל אַ זאָג געטאָן:

— געדענק! מיר נעמען היינט קיינעם ניט אויף! זאָל מען אָפּרופן מאָרגן.

און דער פאָטער האָט צוגעגעבן:

— אויב ס׳איז מר. בראַון, מעג ער גלייך צוקומען.

מוטער און טאָכטער האָבן געוואָרפן אויף אים אַן אומרואיקן בליק און די מוטער האָט אַ דריי געטאָן צו גלאָריען מיטן קאָפּ אויף ניין. די טאָכטער האָט פאַרשטאַנען און אַ נעם געטאָן דאָס טרייבל:

— האַלאָ! ריכטיק... ווער רעדט עס? — זי האָט מיטאַמאָל זיך עפּעס אַ בויג געטאָן פאָראויס, גענומען שטילער רעדן און געוואָרפן אַן אומרואיקן בליק צום פאָטער.

— צו וועמען רעדסטו עס דאָרטן אַזוי געהיימניספול? — האָט דער פאָ־טער אַ פרעג געטאָן.

— אָ, גאָרניט... כ׳בין שוין באַלד פאַרטיק... אַ פּערזענלעכער ענין...

— עפּעס געפעלט עס מיר ניט, — האָט זיך מר. קאָנוועי אומצופרידן אַ הויב געטאָן פון אָרט און זיך געלאָזט גיין צום טעלעפאָן, — גיב מיר דאָס טרייבל!

גלאָריע האָט זיך מיטאַמאָל, מיטן גאַנצן קערפּער, אויסגעדרייט אַנטקעגן דעם אָנקומענדיקן פאָטער און מיט אַ בייזן טאָן אים אַ וואָרף געטאָן אין פּנים אַריין:

— איך רעד צו מיסטער ווינשטיין!... ער פרעגט צי דזשאַני איז שוין געקומען?... צי ווייסט ער ניט וועגן פאַל׳ן... צי... — דאָס טרייבל האָט געציטערט אין איר האַנט און פון דאָרטן האָבן זיך געריסן און זיינען, ווי טרוקענער באַב, געפאַלן עמיצנס רייד.

ביידע סאָלדאַטן האָבן זיך איינציייטיק אַ הויב געטאָן פון זייערע ער־טער און דזשאַני האָט שאַרף, כמעט ווי באַפוילן דער שוועסטער:

— זאָג די ווינשטיינס, זיי זאָלן גלייך אַריבערקומען! — ער האָט זיך

פילבאַדייטנדיק איבערגעקוקט מיט מילטאָנען און זיך געווענדט צו די על־טערן:

— דאַכט זיך, כ׳האָב איך אין איינעם פון מיינע לעצטע בריוו געבעטן איינצולאַדן היינט די ווינשטיינס? בלויז זיי...

גלאָריע האָט עפּעס שטיל אַ זאָג געטאָן אין טרייבל, עס אויפגעהאַנגען און צוגעגאַנגען צו דער מוטער, וועלכע איז געשטאַנען אַ פּאַרציטערטע און מיט שרעק געקוקט אויפן מאַן און זון.

— רואיק, מאַ... נאָר רואיק... — האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן.

מר. קאָנוועי האָט זיך אויסגעדרייט צום זון, זיינע געדיכטע ברעמען זיינען זיך ענג צוזאַמענגעלאָפן איבער די גרוי־בלויע אויגן, דער סיגאַר האָט זיך שטייף פאַררוקט אין רעכטן ווינקל פון זיין מויל:

— וואַרט צו אַביסל, דזשאַני! אייל זיך ניט מיט קיין איינלאַדונגען!

און צו דער טאָכטער, האָט ער ביין אַ זאָג געטאָן:

— דו האָסט אים גלייך באַדאַרפט זאָגן, אַז אַהער קאָן ער ניט קומען! דו ווייסט עס!

דזשאָן האָט געקוקט אויפן פאָטער מיט ברייט־צעעפנטע אויגן:

— וואָס איז געשען צווישן אייך, פּאַ?! איר זענט דאָך געווען די בעסטע פריינט?!

— וואָס עס איז אַמאָל געווען איז שוין היינט לאַנג ניטאָ.

— אָבער פאַרוואָס? וואָס האָט פּאַסירט?

די מוטער האָט זיך אַ ריס געטאָן צום מאַן. דער גאַנצער אויסדרוק פון איר קערפּער, פּונקט ווי דער בליק פון אירע אויגן, זיינען פול געווען מיט שרעק און בקשה:

— פּליעז, עדוואַרד! כ׳בעט דיך, צעשטער ניט אונדזער יום־טוב!

— פּליעז, פּאַ, פּליעז! — האָט גלאָריע אַרויסגעהאָלפן דער מוטער.

דזשאָן האָט זיך אויסגעגלייכט אין זיין פולער לענג, און זיינע אויגן האָבן זיך אַ צינד געטאָן צוויי אומגעדולדיקע, גרוי־בלויע, ווי ביים פאָטער, פּייערלעך און אין די ווינקלען פון מויל זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפן קופּקעלעך בייזע קנייטשעלעך:

— איך וואַרט אויף אַן ענטפער, פּאַ... פאַרוואָס קאָן ווינשטיין אַהער ניט קומען?!

מר. קאָנוועי האָט געוואָרפן אַ בייזן בליק אויף דער פרוי מיט דער טאָכטער און, קוקנדיק דעם זון גלייך אין די אויגן, קורץ און שאַרף גע־ענטפערט:

— מאָריס ווינשטיין איז אַ ייד און קיינע יידן קאָנען ניט איבערטרעטן דעם שוועל פון מיין הויז!

ווי פון אַ שטאַרקן קלאַפּ אין ברוסט־קאַסטן, אַזוי האָט זיך דזשאָן אַ בויג געטאָן אויף צוריק און דערביי אַ הילפלאָזן הויב־געטאָן די פאַר־וואונדעטע האַנט צום פּנים, פּונקט ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פון עמיצן באַשיצן; זיין מויל האָט זיך דערביי האַלב־צעעפנט און די קנייטשעלעך פון די ווינקלען האָבן זיך אַ יאָג געטאָן צו די אויגן, זיי ברייט אויפגעריסן און אָנגעפילט מיט שרעק.

— וואָס רעדסטו, פאָטער? — האָט ער ווי ניט פאַרשטאַנען, — דו ווילסט זיכער ניט זאָגן, אַז דו... אַז דו ביסט אויף דער עלטער געוואָרן אַן...
— ער האָט זיך ווי געוואָרגן מיטן לעצטן וואָרט, — געוואָרן אַן... אַנטי־סעמיט?!

— אַ משוגעת אַזאַ איז אויף אים לעצטנס אָנגעפאַלן! — האָט די מוטער בייז אַ זאָג געטאָן, — דאָס איז זינט ער האָט זיך צונויפגעפּאָרט מיט דעם אידיאָט, דעם מיסטער בראַון מיט זיינע „קריסטלעכע אַמעריקאַנער"!

— אַ דאַנק, מוטער. ענדלעך האָסטו גענומען רעדן צו דער זאַך, — האָט גלאָריע צוגעגעבן.

— יאָ, רוף עס אַן ווי אַזוי דו ווילסט! זאָל זיין אַן אַנטיסעמיט! — האָט זיך דער פאָטער געהיצט. — איך וויל זיי ניט, די יידן, ווייל זיי האָבן פאַרקאַפּט אונדזער פרייע רעפּובליק... ווייל די וויכטיקסטע אינדוסטריעס און בענק זיינען אין זייערע הענט... זיי ווילן פאַרכאַפּן די וועלט! און אויך דערפאַר האָס איך זיי, ווייל זיי זיינען פייגלינגע: קויפן זיך אויס פון מי־ליטער־דינסט...

מילטאָן, וועלכער האָט ביי מר. קאָנוועיס ערשטע ווערטער וועגן יידן, זיך אַ האַסטיקן הויב געטאָן פון אָרט און מיט ציטערנדיקע הענט גענומען איינאָרדענען די קוליעס אונטער די פאַכוועס, האָט זיך איצט, מיט צוויי פלינקע באַוועגונגען, כמעט ווי אַ וואָרף געטאָן פאָראויס און שטיין־געבליבן פאַרן פאָטער:

— אַנטשולדיקט, מר. קאָנוועי, האָט איר פערזענלעך דורכקאָנטראָלירט אָט־די אַלע שווידערלעכע פאַקטן וועגן דער ראָל פון יידן, וועלכע איר האָט דאָ נאָר וואָס אויסגערעכנט, צי מען האָט זיי אייך צוגעטראָגן פאַרטיקערהייט?!

די פראַגע איז געשטעלט געוואָרן אַזוי שאַרף און מילטאָנס אויגן האָבן דערביי געברענט מיט אַזאַ צאָרן, אַז מר. קאָנוועי האָט אַ פאַרוואונדערטער אָפּגעטראָטן אויף אַ שפּאַן צוריק און, עטוואָס אַ פאַרלאָרענער, געענטפערט:

— וואָס מיינסטו „פאַרטיקערהייט"?... מר. בראַון איז ניט קיין ליג־נער... ער האָט עס מיר פאַרגעלייענט פון פאַרשיידענע ביכער...

— מר. בראַון איז ניט קיין ליגנער, — האָט גלאָריע סאַרקאַסטיש אי־בערגעחזרט דעם פאָטערס ווערטער, — דאָס איז אַ ברוינער שטשור, וועל־

כער האָט מיט זיינע רייד און בלעטלעך פאַרסמט אונדזער שטעטל!...

דזשאָן האָט אָנגעשטרענגט געקוקט אויפן פאָטער און די פינגער פון זיין געזונטער האַנט האָבן געהאַלטן אין איין קאָנוואולסיוון צוזאַמענציען זיך אין אַ פויסט. די מוטער איז צוגעגאַנגען און אים אַרומגענומען:

— דזשאָני, טייערער, כ׳בעט דיך, לאָז דאָס אַלץ איבער אויף אַן אַנדערש מאָל... ביסט דאָך נאָר וואָס אַריינגעקומען אין הויז... נאָך דריי יאָר... דו קאָנסט דאָך דעם טאַטן דיינעם: איינגעשפּאַרט ווי אַ... כ׳בעט דיך... מאָרגן, איבערמאָרגן וועלן מיר זיך דורכריידן שוין רואיקע. וועסט זיך אויך קאָנען טרעפן מיט די וויינשטיינס און זיי איבערגעבן וואָס דו ווילסט. כ׳בעט דיך, דזשאָני, ייִנגל מיינער... טו עס פון מיינטוועגן...

טרערן זיינען געגרונען פון אירע אויגן.

ער האָט זי צאַרט אַרומגענומען און איר אַריינגעקוקט אין די אויגן:

— מוטער טייערע, כ׳וויל זאָלסט פאַרשטיין, אַז ווען עס ברענט אַ פייער אונטער דיינע פיס, ווען אַ מערדער האַלט פאַרטיק דאָס מעסער איי־בער דיין האַלדז, קאָן מען ניט וואַרטן, קאָן מען קיין זאַך ניט אָפּלייגן אויף מאָרגן! דאָס פייער ברענט, דאָס מעסער וועט באַלד זיך איינשטעכן אין דיין האַלדז...

מיט ווילדן האַס איז זי צו צום מאַן און, ציטערנדיק מיטן גאַנצן קערפּער, און מיט אויגן שפּריצנדיק מיט פייער, אים אַ וואָרף געטאָן אין פּנים אַריין:

— דו אַלטער נאַר! זעסט וואָס דו האָסט אָנגעמאַכט?!

— ס׳איז ניט דיין זאַך! — האָט ער איר בייז געענטפערט, — דערווייל בין איך נאָך דער בעל־הבית אין דעם הויז!

דזשאָן איז אַנטשלאָסן צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און אָפּגערופן וויינ־שטיינס הויז:

— האַלאָ! דאָס זענט איר, מרס. וויינשטיין? וואָס מאַכט איר? יאָ, דאָס בין איך, דזשאָן. איך, מיט מיינעם אַ פריינט, מילטאָן באַומען, פון ניו־יאָרק, זיינען דאָ ניט לאַנג געקומען. יאָ, מילטאָן באַומען איז זיין נאָמען. ער וויל אייך אַלעמען זייער זען. צי איך ווייס עפּעס וועגן אייער פאַלן? וואָס קאָן איך אייך נאָך זאָגן? מען האָט אייך זיכער וועגן אים אַלץ געלאָזט וויסן פון וואַשינגטאָן... אָ, פּליעז, הערט אויף צו וויינען! מיר האָבן אַלע געקעמפט פאַר אונדזער לאַנד... אַלע גלייך... — ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן האַנט־זייגער: — אין אַ האַלבע שעה אַרום וועל איך מיט מילטאָנען זיין ביי אייך אין הויז... יאָ, יאָ... אין אַ האַלבע שעה אַרום... גוט, גוט... באַרואיקט זיך... לאָזט גרוסן אייער מאַן און נעלין.

ער האָט אויפגעהאַנגען דאָס טרייבל און איז געשטאַנען אַ ווײַלע באַ־

וועגלאָז, מיטן קאָפּ צוגעדריקט צו דער וואַנט. דערנאָך האָט ער זיך אויס־געדרייט צו מילטאָנען:

— אַ שאָד, ברודער, וואָס מיר האָבן אָפּגעגעבן אונדזערע ביקסן, זיי וואָלטן אונדז אויך דאָ גאַנץ גוט צונוץ געקומען.

מילטאָן האָט אַ צושטימיקן שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— ריכטיק, דער זעלבער שונא, נאָר אַ מער פאַרשטעלטער, אַ מער גע־פערלעכער. — ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו גלאָריען: — זייט אַזוי גוט, איר האָט פריער פאַרנומען מיין היטל.. גיט עס מיר. עס טוט מיר לייד, אָבער, איך מוז פאַרלאָזן אייער הויז...

— פאַרלאָזן אונדזער הויז?! — איז גלאָריע כמעט ווי צוגעלאָפן צו אים, — פאַרוואָס? איך פאַרשטיי ניט! — זי האָט פאַרוואונדערט געדרייט דעם קאָפּ פון אים צום ברודער און צוריק. — וואָס מיינט עס, דזשאַני?

— וואָס איז געשען, מילטאָן? — איז אויך די מוטער איילנדיק צו־געקומען, — פאַרוואָס מוזסטו פאַרלאָזן אונדזער הויז?

— כ׳וואָלט אויך אַ בעלן געווען צו וויסן עפּעס וועגן דעם, — האָט זיך אויך דער פאָטער אַריינגעמישט.

— ווייל אויך איך בין אַ ייד, מר. קאָנוועי, — האָט מילטאָן גלייך דעם פאָטער אין פּנים אַריינגעקוקט. — אַ ייד, וועלכער וואָלט זיכער ניט שטאָל־צירט מיט זיין ייִדישקייט, ווען אייער קריסטלעכקייט ווייזט זיך ניט אַרויס אין אַזאַ אָפּשטויסלעכער פאָרם... כ׳בין געבוירן דאָ אין לאַנד, כ׳האָב פאַרלאָזן אַ גוט־באַצאָלטע שטעלע און בין פריייוויליק, צוגלייך מיט טויזנ־טער אַנדערע יידן און קריסטן, אַוועק קעמפן, און אויב נוטיק, שטאַרבן פאַר מיין לאַנד, פאַר מיין אַמעריקע. יידן, זאָגט איר, קויפן זיך אויס פון מי־ליטער־דינסט, יידן זיינען פייגלינגען... עס זיינען, אָן שום צווייפל, פאַראַן אַזעלכע, זענט איר אָבער זיכער, אַז אַלע קריסטן זיינען העלדן? פרעגט דזשאָנען, ער האָט אַליין געזען אַ היפּשע צאָל יידן העלדיש קעמפן און שטאַרבן אויף די שלאַכטפעלדער... און וועגן אייער מיסטער בראַון, וועל־כער האָט אייך איינגערעדט, אַז די יידן האָבן שוין פאַרכאַפּט אַמעריקע און קלייבן זיך צו באַהערשן די גאַנצע וועלט — טאָ גלויבט מיר, אַז דאָס זיינען ליגנס, וואָס ווערן פאַרשפּרייט פון גוט־באַצאָלטע ווערים, פון אַמעריקאַ־נער פאַשיסטן, וועמענס צוועק איז צו זייען האַס צווישן פעלקער, דורכצו־פרעסן דעם געזונטן קערן פון אונדזער דעמאָקראַטיע, — ער האָט שווער אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, — לאָמיר האָפן, אַז ס׳וועט זיי ניט געלינגען, אַז דאָס אַמעריקאַנער פאָלק, וועלכעס איז אַ פּראָדוקט פון אַלע פעלקער פון דער וועלט, וועט פאַריאָגן די שטשורעס אין זייערע לעכער. — ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דזשאָנען: — און דו, ברודער, זאָרג זיך ניט

פאַר מיר. דו בלייב דאָ און איך וועל שוין אַליין אויסגעפינען דעם וועג צו די ווײַנשטיינס הויז. זיי וועלן מיר זיכער געבן אַ פּלאַץ וואו איבערצו־שטיין ביז דעם מאָרגנדיקן באַן... — ער האָט זיך לאַנגזאַם געלאָזט גיין צו דער טיר.

די מוטער מיט דער טאָכטער האָבן אים נאָכגעקוקט מיט אויגן, וואו שרעק האָט זיך געטונקען אין פאַרצווייפלונג, דעם פאָטערס בליקן זיינען געווען צעטומלט.

— וואַרט צו אַ פּאָר מינוט, מילטאָן, — האָט דזשאָן אָפּגעשטעלט דעם חבר, — מיר׳ן מעגלעך ביידע היינט דאַרפן איבערשלאָפן ביי די ווײַנשטיינס. זעץ זיך צו אויף אַ ווײַלע. דו, גלאָריע, און דו, מאַמע, זעצט זיך אויך אַוועק, איך וועל אייך עפּעס דערציילן... אמת, כ׳האָב זיכער ניט געדענקט צו רעדן היינט וועגן דעם, אָבער... — ער האָט הילפלאָז צענומען מיט די הענט. — ווי ס׳ווייזט אויס, איז דאָס לעבן אויך דאָ, פּונקט ווי דאָרטן, אַ שלאַכט־פעלד, און מען ווייסט ניט ווען דער שונא וועט אָנפאַלן... — ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן פריערדיקן אָרט און גענומען נערוועז פאַררויכערן, באַמיענדיק זיך צו קאָנטראָלירן דעם ציטער פון זיינע הענט.

אַלע האָבן זיך אַוועקגעזעצט און ער האָט גענומען שטיל רעדן:

— מילטי, איך וויל אַז דו זאָלסט מיר גלויבן, אַז מיין פאָטער איז, אין תוך, אַ גוטער, אַן ערלעכער מענטש... ער האָט ניט געקראָגן קיין בילדונג און ער ליידט אַביסל פון אַ מין הערשאַפט־מאַניע... אומעטום, אין הויז, אין קראָם, מוז ער שטענדיק הערשן, מוז שטענדיק בלייבן דער גע־רעכטער...

די מוטער האָט אַ טיפן, צושטימיקן זיפץ געטאָן:

— ריכטיק! צוערשט קומט ביי אים גאָט, דערנאָך ער, מר. עדוואָרד דזשיי. קאָנוועי...

— און אַזוי ווי גאָט האָט אַ טבע שטענדיק צו שווייגן, בלייבט דער פּאַ שטענדיק דער גערעכטער, — האָט גלאָריע שטיל צוגעגעבן.

דער פאָטער האָט אַ שפּאָטישן שמייכל געטאָן און סאַרקאַסטיש אַריינ־געוואָרפן:

— אַ דאַנק אייך פאַר דער פיינער רעקאָמענדאַציע.

דזשאָן האָט פאָרגעזעצט:

— איך אַליין, ביז כ׳בין אַוועק אין דער אַרמיי, בין געווען אינגאַנצן געראָטן אין פאָטער. כ׳האָב אויך ליב געהאַט צו באַלעבאַטעווען און בין געווען איינגעשפּאַרט ווי צען אייזלען... די דריי יאָר אין די קאַזאַרמעס און אויף די שלאַכטפעלדער האָבן מיך אויסגעלערנט צוויי זאַכן: זעלבסט־קאָנטראָל און אַז אַלע מענטשן זיינען ניט מער ווי מענטשן און האַנדלען

זייער ענלעך, ווען מען שטעלט זיי אַוועק אין די זעלבע, אָדער ענלעכע באַדינגונגען, סיי פאַרן טויט, אַזוי אויך פאַר פאַרשיידענע לעבנס־פּראָב־לעמען... — ער האָט זיך טיף פאַרצויגן מיטן רויך פון זיין סיגאַרעט און ווייטער גענומען דערציילן: — איך האָב ניט איין מאָל געזען, אין צייט פון שלאַכט, יידן און קריסטן האַלב־פּאַראַליזירטע פון שרעק, זיך אויס־באַהאַלטנדיק אין פוקסן־גריבער און ליגנדיק אונטער שטיינער און איך אַליין בין אויך געווען צווישן זיי... כ׳האָב אָבער אויך געזען די זעלבע מענטשן דורכפירנדיק די געוואַגטסטע אַטאַקעס, אונטערן שונאס פייער, אַרויסווייזנדיק די גרעסטע העלדישקייטן... און אויך איך בין געווען צווישן יענע... אָט וועגן איינעם אַ יידישן בחור, וועמען מיר אַלע האָבן געקאַנט וויל איך איצט דערציילן, — ער האָט פאַרזיכטיק אַרויסגענומען פון בוזים־קעשענע אַ ברוינעם פּאַקעט, אים לאַנגזאַם געעפנט, אַרויסגענומען אַ העל־געבלימלטן, זיידענעם האַלדז־טיכל און פון דעם, אַ בריוו — אָט דאָס איז אַלץ וואָס עס איז געבליבן פון מיין יוגנט־פריינט, פון פּאָל ווינ־שטיינען... — די מוטער האָט שנעל צוגעדריקט אַ טיכל צו די אויגן און גלאָריע האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ, — אָט דאָס טיכל מיטן לעצטן בריוו צו זיינע עלטערן, האָב איך אַרויסגענומען פון זיין קעשענע... אַ שטיק שראַפּ־נעל האָט אים אָפּגעריסן אַ טייל פון זיין ברוסט־קאַסטן און ער איז אויס־געגאַנגען אויף מיינע הענט. ער האָט בלויז נאָך צייט געהאַט איין באַוואוסט־זיניקן קוק צו טאָן אויף מיר און אַרויסזאָגן זעקס ווערטער: „דזשאַני... בריוו... מיין קעשענע... דער מאַמען... דאָס אַלץ... אונדזער קאָמפּאַניע האָט דאַן אַטאַקירט דעם שונאס פּאָזיציעס און פּאָל איז שטענדיק געווען אין די ערשטע רייען. ער האָט שוין, צו יענער צייט, געהאַט געקראָגן צוויי אויס־צייכענונגען...

— אפשר וואָלט געווען גענוג אויף היינט? — האָט די מוטער שטיל אַ פרעג געטאָן.

דזשאַן האָט נעגאַטיוו אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ און ווייטער גערעדט:

— פיר גאַר נאָענטע חברים זיינען מיר געווען... אונדזערע בעטלעך זיינען נאָך אין גאַר ערשטן קעמפּ געשטאַנען איינס נעבן צווייטן: איך, פּאָל, מילטאָן און טאָני, אונדזער שוסטערס זון, וועמען מיר האָבן איצט איי־בערגעלאָזט אין אַ שטאַרבנדיקן צושטאַנד, מיט דורכגעשאָסענע לונגען, אין אַ מאַנילער שפּיטאָל. מיר, די פיר, האָבן זיך אומעטום געהאַלטן צו־זאַמען. צענדליקער נעכט האָבן מיר פאַרבראַכט אין די דזשאַנגלס, ביז׳ן האַלדז אין שמוץ, אין בלאָטע, זיך שטיקנדיק פון היץ אָדער נאַסקייט... אַרום אונדז זיינען געקראָכן שלאַנגען, ווערים, לייז, מאָסקיטאָס און הונ־דערטער אַנדערע מינים פליערס, שפּרינגערס און קריכערס. צייטנווייז

האָבן מיר פאַר אָט־די מיליאָנען קליינע באַשעפענישן זיך מער געשראָקן ווי פאַר די יאַפּאַנישע קוילן... שפּעטער, אויף איוואָ־דזשימאַ איז צוערשט טאָני פאַרוואונדעט געוואָרן, דערנאָך איז אויך פאָל אַוועק... איך און מילטאָן האָבן זיך פאַרן אַוועקפאָרן געזעגנט מיט פאָלס קבר... אַ בערגל ערד, אַ מגן־דוד און אויף אים פאָלס דורכגעלעכערטער העלמעט און אַ בילד פון אונדז אַלע פיר... — ער האָט טיף אָפּגעזיפצט. — איך מיט פאָלן זיינען נאָך אַרויס גליקלעכע... — ער האָט אַ הויב געטאָן זיין פאַרוואונדעטע האַנט. — איך מיט צוויי אָפּגעשאָסענע פינגער און ער אָן אַ פוס... — פאָטער, מוטער און טאָכטער האָבן זיך שנעל איבערגעקוקט און דזשאַן האָט זיך אָפּגעוואָרפן אויפן ווייכן אָנשפּאַר פון זיין קרעסלע און ווייטער דערציילט, קוקנדיק אָנגעשטרענגט פאַר זיך: — און לאָמיך אייך אויך זאָגן, אַז מיין קערפּער וואָלט שוין לאַנג פאַרפוילט געוואָרן אין דער דזשאָנגל, ווען ניט אָט דער ייִד, דער טייערסטער חבר מיינער, מילטאָן באַומאַן... איין מאָל, אין אַ פאַרנאַכט, האָט אונדזער פלאָטון געקראָגן אַ באַפעל אַרויסצוטרייבן די יאַפּאַנעזער פון אַ געוויסן באַרג, פון וועלכן זיי האָבן באַשאָסן אונדזערן אַן האָספּיטאַל. מיר האָבן אַטאַקירט דעם שונא, אָבער זיין צאָל האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין פיל גרעסער ווי מיר האָבן געדענקט און ס׳איז געקומען אַ באַפעל אָפּצוטרעטן. איך האָב שוין דעם באַפעל ניט געקאָנט אויספאָלגן. כ׳בין געלעגן אַ באַוואָסטלאָזער, אונטער אַ קוסט, אַ פאַרוואונדערטער אין דער האַנט און איןביידע פיס. אונדזער פלאָטון האָט אָפּגעטראָטן, פאַרנעמענדיק מיט זיך די פאַרוואונדעטע. מיך האָט מען פאַרזען. כ׳בין געקומען צו זיך ביינאַכט, איינער אַליין אין דזשאָנגל, אַרומגערינגלט מיט גרויזאַמע שונאים. כ׳האָב געפיבערט, געבלוטיקט, ווי אַ קינד זיך געשראָקן פאַר דער נאַכט מיט אירע טויזנטער קלאַנגען... דאַכט זיך, אַז כ׳האָב געוויינט, און דיך, מאַמע, צוהילף גערופן...

— אָ, גאָט באַרמהאַרציקער! — האָט די מוטער אַ שטילן כליפּע געטאָן און גלאָריע האָט זי אַרומגענומען, ווישנדיק די אייגענע טרערן. דער פאָטער האָט אָנגעשטרענגט געקוקט אויף דער וואַנט, פאַר זיך, און בלויז דער האַלב־צעקייטער סיגאַר זיינער האָט זיך ניט אויפגעהערט צו באַוועגן, ווי ציטערן, אין רעכטן ווינקל פון זיין מויל.

און דזשאַן האָט ווידער פאַררויכערט און ווייטער דערציילט:

— אָפּטרעטנדיק, האָט ער, מילטאָן באַמערקט, אַז איך פעל און, אַליין אַ פאַרוואונדעטער אין פוס, איז ער געבליבן און מיך געגומען אַרומזוכן. לאַנג איז ער אַרומגעקראָכן צווישן די קוסטן און בלאָטעס, ריזיקירנדיק יעדע סעקונדע מיטן לעבן... כ׳וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן יענעם מאָמענט, ווען כ׳האָב דערפילט זיין האַנט אויף מיין פנים און דערהערט זיין שעפּטשען:

„דזשאַני באָי, דאָס ביסטו ? דו לעבסט ?"... מיט שטיקער פון זיין העמד האָט ער איבערגעבונדן מיינע וואונדן און, קריכנדיק אויף אַלע פיר, מיך דערשלעפּט צו דער נאָענטסטער הייל... וואָס פאַראַ שוידערלעכע נאַכט, פול מיט שרעק, מיט ווייטיק, אָן אַ טראָפּן וואַסער... אין דער פרי האָבן די יאַפּאַנעזער אונדז אַנטדעקט אין דער הייל און באַפוילן זיך אונטערצוגעבן, צוזאָגנדיק אונדז צו לאָזן לעבן. מיר האָבן אָבער געוואוסט, אַז ס'איז אַ ליגן און באַשלאָסן בעסער צו שטאַרבן אין קאַמף... צוויי מאָל האָבן זיי אונדז אַטאַקירט און ביידע מאָל געמוזט אָפּטרעטן, איבערלאָזנדיק עטלעכע טויטע און פאַרוואונדעטע... אונטער אַ גרויסן שטיין, ביים אַריינגאַנג אין דער הייל, זיינען מיר געלעגן פאַרצווייפלטע, האַלב־טויטע, געשאָסן פון אונדזערע צוויי ביקסן, געוואָרפן האַנט־גראַנאַטן און געוואַרט אויפן טויט... דערהערנדיק די שיסעריי, האָבן אונדזערע ווידער אַטאַקירט, פאַרטריבן דעם שונא און באַוואוסטלאָזע אונדז אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל... און אָט...

— ער האָט זיך אַ וויג געטאָן מיטן גאַנצן קערפּער פאָראויס און אָנגעשטעלט אויפן פאָטער זיינע צוויי, איצט בייז־פינקלענדיקע, גרוי־בלויע, אויגן — און אָט זיינען מיר איצט ביידע דאָ... איך בלויז אָן צוויי פינגער און ער, מילטאָן, האָט פאַר מיין לעבן באַצאָלט מיט זיין לינקן פוס... אַ יידישער פוס פאַר אַ קריסטלעכן קאָפּ... דענקסטו ניט, פאָטער, אַז ס'איז אַ גענוגענדיקער פּרייז, סיי פאַר מילטאָנען, אַזוי אויך פאַר אַנדערע יידן, צו האָבן דאָס רעכט איבערצוטרעטן די שוועל פון דיין הויז ? !

אַלע האָבן שווייגנדיק זיך איינגעביסן מיט די בליקן אין מר. קאָנוועיס טיף־געבויגענעם קאָפּ, וועלכער האָט זיך שווער אָנגעשפּאַרט אויף זיינע צוויי הענט. די שטילקייט אין צימער איז געווען אַזאַ מאָדנע שווערע, אַ דורכגעזאַפּטע מיט דערוואַרטונג און דאָס ווייטע געוויין פון אַ קינד ערגעץ־וואו אין גאַס, האָט אָפּגעקלונגען אין יעדן ווינקל און אין יעדנס מאַרך מיט שרעק פון אַ קאַטאַסטראָפע, וועלכע קאָן אויסברעכן צו יעדער רגע.

די מוטער האָט זיך דאַן לאַנגזאַם אויפגעהויבן פון איר אָרט, איז מיט אַ מין מאָדנע, מיט אַ מין טויטער געלאַסנקייט צוגעגאַנגען צום מאַן און, קוקנדיק אויף אים פון אויבן אַראָפּ מיט האַלב־צעעפנטע אויגן, אים כמעט ווי רואיק אַ פרעג געטאָן:

— עדוואַרד דזשיי. קאָנוועי, וואָס דענקסטו איצט צו טאָן ? ! פאַרשטייסטו קלאָר, וואָס עס קומט איצט פאָר אין דיין הויז ? !

און ס'איז ווידער געוואָרן שטיל און אַלעמענס בליקן האָבן זיך נאָך שאַרפער איינגעשניטן אין פאָטערס באַוועגלאָזן קאָפּ. און בלויז ווען מילטאָן האָט זיך אַ ריר געטאָן אויף זיין שטול, קלייבנדיק זיך אויפצושטעלן, האָט מר. קאָנוועיס קאָפּ זיך אַ שנעלן וואָרף געטאָן אויף צוריק און פון זיין

ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ טיפער זיפץ. ניט איילנדיק, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, געוואָרפן אויף אַלעמען אַ מידן בליק און זיך געלאָזט גיין צום טעלעפאָן.

אַלע האָבן זיך שנעל איבערגעקוקט און אין יעדנס בליק האָט געלויכטן אי שרעק, אי פרייד. און אַלע האָבן, ווי איינער, זיך עטוואָס אַ הויב געטאָן פון זייערע פלעצער און געהיט דעם פּאַטערס יעדע באַוועגונג. און ער האָט רואיק אַ נעם געטאָן דאָס טרייבל און מיט אַ הייזעריקן קול אָפּגערופן ווײַנשטיינס הויז.

— האַלאָ! דאָס זענט איר, מר. ווײַנשטיין?... איך רעד עס, מר. קאָנוועי... יאָ, יאָ... איך בין עס אַליין... מר. קאָנוועי... הערט: איר ווייסט דאָך, דזשאַני איז שוין אין דער היים... אָפיציעל נעמען מיר היינט קיינעם ניט אויף, אָבער... ער, דזשאַני וויל... — ער האָט זיך פאַרהאַלטן אויף אַ רגע, — ס'הייסט מיר ווילן עס אויך... כ'מיין.. איר וואָלט אפשר געוואָלט צוקומען מיט אייער פרוי און טאָכטער צו אונדז? יאָ, יאָ... כ'מיין נאָך היינט, טאַקע גלייך... איר וואוינט דאָך אַזוי נאָענט. נו, גענוג! ביטאָ וואָס צו דאַנקען... איר ווייסט דאָך, צייטן בייטן זיך... ווען איר צוקו־מען? גוט, גוט. מיר'ן וואַרטן אויף אייך... — ער האָט אויפגעהאָנגען דאָס טרייבל און פונקט ווי דזשאַני פריער, זיך צוגעשפּאַרט מיטן שטערן צו דער וואַנט.

גלאָריע האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, איז צוגעלאָפן צום פּאַטער, אים אַרומגעכאַפּט און גענומען קושן:

— אָ, פּאַ... אַ דאַנק! דו ביסט וואונדערלעך!

— האָסט עס גוט געמאַכט, טייערער... — האָט אים אויך די מוטער, מיט ליבשאַפט, אַ קלאַפּ געטאָן איבערן אַקסל. — אַ דאַנק! — און זי האָט אויסגעווישט די טרערן.

דזשאַן האָט צופרידן געשמייכלט:

— ביסט „אָלרייט", פּאַטער... ס'פילט זיך אויסגעצייכנט צו זיין דיין זון, — און צו מילטאָנען האָט ער אַ פריילעכן זאָג געטאָן: — מילטי, כ'האָב דיך דאָך געזאָגט, אַז מיין פּאַטער איז אַ וואוילער יאָט.

— געראָטן אין זון, — האָט קאָנוועי אַ מידן לאַך געטאָן, שוין ווי־דער קייענדיק די איבערגעבליבענע העלפט פון זיין סיגאַר און אויסדריי־ענדיק דעם קאָפּ צו מילטאָנען, האָט ער אַ זאָג געטאָן: — און דו, מילטי, ביסט, גאַנץ מעגלעך, גערעכט... מען וועט זיך דאַרפן אַליין גוט פאַנאַנ־דערקלייבן אין אַט־די אַלע פראַגן... אָפּטיילן אמת פון שקר... איך האָף, דו וועסט פאַרבלייבן ביי אונדז אויף אַ פּאָר וואָכן, וועלן מיר עס שוין צוזאַמען טאָן... און... פאַר דזשאַנען... — זיין קול האָט אַ ציטער

געטאָן, — כ'מיין פאַר דעם, וואָס דו האָסט פאַר אים און... אויך פאַר אונדז געטאָן... אַ גרויסן... גרויסן דאַנק דיר... — ער האָט אויסגע־ווישט די טרערן.

— ניטאָ מיר פאַרוואָס צו דאַנקען, מיסטער קאַנוועי, — האָט מילטאָן אַ גרינגשעצנדיקן מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — דזשאַני וואָלט זי־כער דאָס זעלבע געטאָן פאַר מיר. — ער האָט טיף אָפּגעזיפצט: — עך, מיסטער קאַנוועי, גאָט האָט אונדז אַזאַ שיינע וועלט געשענקט און זעט וואָס מיר טוען מיט איר!

— ריכטיק! — האָט די מוטער צוגעשטימט.

און גלאָריע האָט צוגעגעבן:

— מען וועט דאַרפן זעען עפּעס צו טאָן וועגן דעם.

אַן אויטאָמאָביל איז צוגעפאָרן און זיך האַסטיק אָפּגעשטעלט פאַרן הויז. אַלע האָבן זיך איבערגעקוקט מיט בליקן פון פרייד, געמישט מיט שרעק. איילנדיקע טריט האָבן זיך אַ יאָג געטאָן איבערן אַספאַלטענעם שטעגל, וואָס האָט געפירט צו דער טיר. דאָס גלעקל האָט אַ שוואַכן, ווי אַ ניט זיכערן, קלונג געטאָן.

גלאָריע האָט זיך פלינק אַ הויב געטאָן פון אָרט, אַ פאַרטיקע צו לויפן עפענען די טיר, אָבער די מוטער האָט זי צוריקגעהאַלטן און אַ פרעגנ־דיקן קוק געטאָן אויפן מאַן.

מאַן און פרוי האָבן אַ ווײַלע זיך איינגעקוקט איינער אין צווייטנס אויגן, שטום זיך ווי דורכגערעדט און, ווייזט אויס, זיך פאַרשטאַנען.

ער האָט לאַנגזאַם און צושטימיק אָנגעבויגן דעם קאָפּ, טיף אָפּגעזיפצט, זיך אויפגעשטעלט, פאַרזיכטיק אָוועקגעלייגט דעם סיגאַר אין אַ אַש־טע־צעלע און לאַנגזאַם זיך געלאָזט גיין עפענען די טיר.

# צוויי חברים

מתים האָבן, געווײנלעך, ניט ליב קיין צופיל רייד. עטלעכע, קורץ־אָפּגעהאַקטע ווערטער, אַ פּאָר זאַצן, דריי־פיר מאָל דורכן טאָג מיטן נאָענטסטן שכן — זיינען איבערגענוג פאַר זיי.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אויב דער שכן איז געווען אַמאָל אַן אינטימער פריינט, אָדער גאָר אַן אייגענער, אָדער ווען עס פאַסירט אַמאָל עפּעס אויסערגעוויינלעכס אויפן בית־עולם — דאַן רעדט מען מיט אַ פּאָר זאַצן מער. דאָס אַלץ. דער באַליבטסטער צייט־פאַרטרייב ביי מתים איז צו ליגן רואיק און צו טראַכטן. און וועגן וואָס צו טראַכטן — האָט יעדער איינער איבערגענוג.

ווען מען זאָגט, געוויינלעך, אויף דער שפּראַך פון די לעבעדיקע, אַז דער און דער פריינט אָדער באַקאַנטער איז געשטאָרבן, נו, לאָמיר זאָגן—פּונקט דריי אַזייגער בייטאָג, מיינט עס בלויז, אַז פּונקט דריי אַזייגער האָט זיך אָפּגעשטעלט זיין האַרץ און ער האָט אויפגעהערט צו אָטעמען. אָבער דאָס מיינט, לחלוטין ניט, אַז דער מענטש איז שוין אינגאַנצן טויט. עס נעמט, געוויינלעך, גאָר אַ היפּשע צאָל שעה'ן ביז די באַוועגלאָזע אברים שטאַרבן ביסלעכווייז אָפּ און עס געדויערט נאָך לענגער, ביז דער מאַרך קומט צו זיך פונעם שרעק פאַרן אייגענעם טויט. און ערשט אין קבר, נאָך אַ געוויסער צייט, קומט דער מאַרך צו זיך, בעט זיך איבער מיט זיין שיקזאַל און הויבט זיך אָן באַקענען און דורכשמועסן מיט זיינע שכנים. און רעדן קענען מתים אויך אָן רייד, בלויז מיטן געדאַנק.

די דאָקטוירים ווייסן, געוויינלעך, אַז דעם מענטשנס מאַרך באַשטייט פון מיליאָנען וואונדערלעכע, מיקראָסקאָפּישע צעלן, פאַראייניקטע אין פינף טיילן און זאַרגפעלטיק איינגעוויקלטע אין דריי הייטלעך. זיי, די דאָקטוירים, האָבן שוין אויך אַנדעקט אַ צאָל זייער וויכטיקע פונקציעס פונעם מאַרך, אָבער וועגן איינער, זייער אַ וויכטיקער, ווייסן זיי נאָך אַלץ ניט. און דאָס איז — די אייגנשאַפט פונעם מאַרך צו לעבן נאָך זייער לאַנג נאָכן מענטשנס טויט, אפילו דאַן, ווען דער קערפּער אַליין טריקנט שוין אינגאַנצן אויס, ווען אויף די פאַרגעלטע ביינער בלייבט שוין אפילו ניט קיין סימן פון הויט און פלייש. די דאָקטוירים ווייסן ניט, אַז די שוין אויסגעטריקנטע צעלן אין מענטשלעכן שאַרבן לאָזן נאָך זיך איבער אומגעזעענע, ווי ראַדיאָ־כוואַליעס, וועגן און שטעגן, וועלכע פאַרלירן ניט זייער דענקונגס־קראַפט און באַזיצן די מעגלעכקייט, ניט נאָר דורך דער לופט, נאָר אפילו דורכן באָדן, זיך איבערצוטראָגן איינער צום צווייטן.

שמועסן זיך טאַקע די מתים גאַנץ אָפט דורך צווישן זיך, בפרט, אַז קיין פּראַגע וועגן פרייער צייט איז ביי זיי ניט פאַראַן. אָבער זייער הויפּט און אַממערסטן באַליבט באַשעפטיקונג איז צו ליגן רואיק און צו טראַכטן וועגן זייער ערדישן לעבן. און וועגן וואָס צו טראַכטן, וועגן וואָס זיך צו דערמאָנען האָט יעדער איינער איבערגענוג.

יעדער איינער איז געווען אַמאָל אַ קינד — דאָס טייערסטע ביי די עלטערן — וועלכע האָבן זיכער פלאַנירט פאַר אים אָדער איר אַ גלענצנדיקע צוקונפט. פלעכטן זיך ענדלאָזע רייען טעג, פולע מיט קינדערשן געלעכטער, טעג פולע מיט שפּילערייען און ניי־אַנטדעקטע וואונדער...

דערנאָך שטראָמט רוישיק אַריין די יוגנט: טרוימען וועגן אַ גלענצנדיקער צוקונפט, ערשטע שפּראָצונגען פון ליבע, עקסטאַז און פאַרצווייפלונג, גליק און אומגליק... שפּעטער קומט דער אויפבוי פון אַן אייגענער נעסט, דאָס געלעכטער פון ערשטן קינד — ווידער גליק, ווידער פרייד, אָפט געמישט מיט טרויער און פאַרצווייפלונג... דערנאָך קומען די מיטעלע, די רואיקערע יאָרן, די פרייד פון אַ נייעם דור, פון אַ פרישן אויפקום... אָבער ווי נאָר עס באַוויזט זיך, נאָך פון ווייטנס, דער קאַלטער שאָטן פון אַלטקייט און טויט — יאָגט זיך ווידער גלייך אַריין די קינדהייט און דער ציקל הויבט זיך אָן פונדאָסניי... און אַזוי טאָג־איין, טאָג־אויס, יאָר־איין, יאָר־אויס...

און אויף דער ערד, איבער זייערע קברים, יאָגן זיך טעג און נעכט, וואָכן, חדשים און יאָרן. קאַלט־ווינטיקע האַרבסטן ווערן פאַרשוואונדן אין די שטייפע, שנייאיקע אָרעמס פון די ווינטערס; צאַרטע פרילינגס רוען, פאַרטייעטע, אויף די פאַרביקע ברוסטן פון זוניקע זומערס און... זיי, די טויטע, ליגן אַלץ, פאַרזונקענע אין זייערע דערינערונגען.

און אָט וועלן מיר אייך דערציילן אַ מעשה וועגן צוויי בחורים, צוויי אַמעריקאַנער סאָלדאַטן, — אַ ייד און אַ קריסט — וועלכע זיינען געשיקט געוואָרן, צווישן די ערשטע, צו באַגעגענען דעם פייער פון די דייטשע קאַנאָנען און מאַשין־ביקסן אויף די בלוטיקע ברעגן פון נאָרמאַנדי, פראַנקרייך, דינסטיק, דעם זעקסטן יוני, פון יאָר ניינצן פיר־און־פערציק, פונקט זעקס־דרייסיק אין דער פרי.

דער יידישער בחור האָט געהייסן אייב גאָלדבערג. ער איז געבוירן געוואָרן מיט צוואַנציק יאָר צוריק אין אַ וואוינונג אויפן דריטן שטאָק פון אַ זעקס־גאָרנדיקן מויער אין איינעם פון די פיר טיילן פון דער ריזן־שטאָט ניו־יאָרק, וועלכע טראָגט דעם נאָמען „בראָנקס“.

זיין פאָטער, נחום גאָלדבערג, איז געווען אַ פוטער־אַרבעטער און די מוטער, סאָפי, האָט פאַר דער חתונה געניית אין אַ פאַבריק פרויען־קליידער.

עס האָט זיך דער גאָלדבערג־פאַמיליע געלעבט ניט שלעכט און ווען אייב איז אונטערגעוואַקסן, געענדיקט „היי־סקול" און ניט געוואָלט ווייטער לער־נען, האָט אים דער פאָטער געקראָגן אַ שטעלע אין אַ גרויסן אויטאָמאָביל־געשעפט. קיין סך האָט ער, פון אָנפאַנג, ניט פאַרדינט, אָבער די אַרבעט פון פאַרקויפן אויטאָמאָבילן איז אים שטאַרק געפעלן און דערצו אויך צו־געזאָגט אַ גאַנץ פיינע צוקונפט. צו יענער צייט האָט ער זיך אויך באַקאַנט מיט מרימען, וועמענס עלטערן האָבן זיך אַריינגעצויגן צו זיי אין הויז, און צווישן דעם יונגן פּאָרל האָט זיך גיך אַנטוויקלט אַ הייסע ליבע. די על־טערן, פון ביידע צדדים, האָבן מיט פאַרגעניגן זיך צוגעקוקט צו זייערע קינ־דער און שטילערהייט, צווישן זיך בלויז, האָט מען אין יעדן פון די צוויי דירות, גענומען בויען פלענער וועגן אייבס און מרימס צוקונפט.

דאָ האָט אָבער אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה און אייבן האָט מען פאַרנומען צווישן די ערשטע.

געווען איז אייב אַ שלאַנקער בחור מיט אַ קאָפּ געדיכטע, שוואַרצע האָר, מיט שוואַרצע גרויסע אויגן, ווי ביים טאַטן און מיט אַ שיינעם מויל און עט־וואָס אַ פלאַכער נאָז, ווי ביי דער מוטער.

פאַרשטענדלעך, אַז קיין זיפצן און טרערן האָבן ניט געפעלט, אָבער געהאָלפן האָבן זיי, ווי געוויינלעך, זייער ווייניק און מען האָט אייבן, צוזאַ־מען מיט טויזנטער אַנדערע, פון זיין עלטער, אָפּגעשיקט אין איינעם פון די מיליטערישע קעמפּס זיך צו לערנען די קונסט פון מאָרד.

אייבן האָט מען באַשטימט אין דער פערטער אינפאַנטעריע דיוויזיע. אין דער וואָך פון זיין לעצטן אורלויב, זיינען זיינע עלטערן זיך צוזאַמענגעקומען מיט מרימס, אין זייער וואוינונג, מען האָט געפּראַוועט אַ פאַרלאָבונג און די חתונה אָפּגעלייגט ביזן סוף פון דער מלחמה, ווען דער חתן וועט אַהיים קומען.

דער צווייטער בחור, דער קריסט טאָם קוירקענד — איז געבוירן געוואָרן מיט צוויי וואָכן נאָך אייבן, אויף אַ פאַרם אין מעריאָן קאַונטי, נעבן שטעטל קאַלווארי, אין שטאַט קענטאַקי. טאָם איז געווען כמעט ווי די זעלבע הויך, ווי אייב און ברייטער אין די פּלייצעס. ער האָט אויך געהאַט אַ קאָפּ געדיכטע האָר, אָבער שאַטענע און ברוינע אויגן. אַ נאָז האָט ער געהאַט אַ קליינע, עטוואָס אַ דיקלעכע, אָבער זייער אַ באַוועגלעכע.

זיין פאָטער, בוירט קוירקענד — אַ הויכער, שטאַרקער, האַלב־גרויער מאַן, איז געווען אַן אויסגעצייכנטער פאַרמער, געהאַט אַ שם פאַר דעם אין געגנט און ניט געצווייפלט, אַז זיינע צוויי זין, דער שוין פאַרהייראַטער רעימאָנד, ווי אויך טאָם — וועלן פאַרבלייבן פאַרמערס.

און ווען טאָם האָט געענדיקט די עלעמענטאַר־שול אין שטעטל, האָט

ער גלייך איינגעשטימט מיטן פאָטער, אַז אַרבעטן אויפן פאַרם, אַכטונג געבן אויף די בהמות איז פיל אינטערעסאַנטער ווי זיך יאָגן אַלע פרימאָרגן אין סקול און אין די אָוונטן מאַכן די היים־אַרבעט. ער האָט אָבער ניט דער־ציילט דעם פאָטער, אַז דער ברודער האָסט די פאַרם־אַרבעט און קלייבט זיך, גלייך ווי דער פאָטער וועט שטאַרבן, צו פאַרקויפן די פאַרם און עפענען אַ מאָדערנעם שענק, צוזאַמען מיט אַ טאַנץ־זאַל אין איינעם פון די אַרומיקע שטעטלעך.

די מוטער, באַרבאַראַ, איז געווען אַ שטילע, אַ קרענקלעכע פרוי, שטענ־דיק אַ פאַרטאָענע אין דער שווערער הויז־אַרבעט. זי האָט אַביסל מורא גע־האַט פאַרן מאַן און זיך ווייניק וואָס געמישט אין זיינע געשעפטן. און אויך אַ כלה האָט שוין טאַם געהאַט, אַ כלה פון קינדוויז אָן. מערי האָט זי גע־הייסן און געווען דעם שכנישן פאַרמערס טאָכטער.

און געווען איז זי אַ געוויקסיקע, פעטע מיידל, מיט אַ בלאָנדן, שטענדיק צעשויבערטן קאָפּ האָר און אַ ווייסן פּנים, אַ געדיכט באַדעקטן מיטן זומער־שפרינקעלעך. אַ נעזל האָט זי געהאַט אַ קליינעם, אַביסל אַ פאַרריסענעם, ליפּן זאַפטיקע און זייער אַן אַנטוויקלטן בוזים.

אַלע פאַרמער פון דער געגנט, אַריינגערעכנט די עלטערן פונעם פּאָרל, האָבן אָפן גערעדט וועגן זיי, ווי צוקונפטיקע מאַן און פרוי. און אפשר טאַקע דערפאַר האָבן זיי נאָך צו אַכצן יאָר, פאַרשטענדלעך, באַהאַלטענער־הייט, געגומען לעבן געשלעכטלעך.

ווען די יאַפּאַנעזער האָבן דעם 7טן דעצעמבער, 1941, אָן שום וואָרנונג, אַטאַקירט פּוירל־האַרבאָר און אַמעריקע האָט, אויפן צווייטן טאָג, דערקלערט מלחמה צו יאַפּאַן און דעם 11טן דעצעמבער — אויך צו דייטשלאַנד און איטאַליע — איז אויך טאַם קוירקענד געווען צווישן די ערשטע טויזנטער יונ־געלייט פאַרנומען צו ווערן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

און ווען ער איז אַהיים געקומען אויף זיין לעצטן אורלויב, איז אין דעם פאַרם־הויז פון מעריס עלטערן, אין וויטן שטאַט קענטאָקי, פאָרגעקומען עטוואָס ענלעכעס צו דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט אין בראָנקס, ניו־יאָרק, אין הויז פון מרימס עלטערן: מען האָט דורכגעפירט אַ הוליאַנקע און אָפיציעל דערקלערט טאַמן און מערין פאַר חתן־כלה און די חתונה אָפּגעלייגט ביז׳ן חתנס צוריקקומען פון דער מלחמה. — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַט... אין איינער פון די קאַזאַרמעס פון דער פערטער אינפאַנ־טעריע דיוויזיע, וועלכע מען האָט שנעל טרענירט אין איינעם פון די מי־ליטערישע קעמפּס, אויף אַריבערצושיקן אויף די פראַנצויזישע שלאַכטפעל־דער, האָבן זיך אייב און טאַם באַגעגנט. אייב האָט שוין געהאַט איבערגע־

שלאָפן צוויי נעכט אויף זיין בעטל, ווען דער קאָרפּאָראַל האָט, אויפן דריטן פרימאָרגן, אַריינגעפירט טאַמען און אים אָנגעוויזן אויפן צווייטן בעטל פון אייבס, — אַלס זיינעם.

צוערשט האָבן זיך בײדע סאָלדאַטן פריינטלעך צעשמועסט, פאַררויכערט, אָבער באַלד, דערוויסנדיק זיך, אַז זיין שכן איז אַ ייד, האָט זיך טאַם אַ קרום געטאָן, אים אויפמערקזאַם באַטראַכט און אַנטשוויגן געוואָרן. אייב האָט עס גלייך באַמערקט און פאַר זיך באַשלאָסן: „ביסט, ווייזט אויס, אַן אַנטיסע־מיט... האָב איך דיך טיף אין דער ערד"... און ער האָט זיך מער אויף אים ניט אומגעקוקט.

ווידער באַפריינדעט האָבן זיי זיך אויף דער צווייטער וואָך, ווען מען האָט זיי ביידן, איינצייטיק, איבערגעגעבן צוויי בריוו פון זייערע כלות, אין וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען די בילדער פון בײדע מיידלעך. די אויפ־רעגונג פון בײדע סאָלדאַטן איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז לייענענדיק די בריוו האָבן זיי זיך עטלעכע מאָל איבערגעוואָרפן סיי מיט שמייכלענדיקע בליקן, אַזוי אויך מיט קורצע, באַגייסטערטע באַמערקונגען.

דערנאָך האָט אייב פאַררויכערט אַ סיגאַרעט און, פּונקט ווי ביי זייער ערשטער באַגעגעניש, האָט טאַם געבעטן ביי אים אַ שוועבעלע. דערביי האָט ער זיך אויך איבערגעזעצט אויף אייבס בעטל און געכאַפּט אַ קוק אויף מרימען, וועמענס בילדל אייב האָט געהאַלטן אין האַנט.

— האָסט אַ שיינע מיידל, אייב! — האָט ער, שמייכלענדיק, אַ זאָג געטאָן און אימפּולסיוו, ניט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט, אים ווי אונטערגע־טראָגן מעריס בילד.

אייב האָט זיך איינגעקוקט אין טאַמס כלה און, שמייכלענדיק, גע־ענטפערט:

— דיינע, טאַם, איז שוין גאָר אַ „פּיטש"... ווועסט, אַהיים קומענדיק פון דער מלחמה, זיכער האָבן מיט איר אַ גאַנצן טוץ פעטינקע ממזרימלעך.

טאַם האָט נחתדיק געשמייכלט:

— ווי הייסט דיינע?

— מרים... און דיינע?

— מערי.

בײדע האָבן, שמייכלענדיק, זיך איבערגעקוקט. און אייב האָט באַ־מערקט:

— ס'איז מאָדנע: זייערע בײדנס נעמען הייבן זיך אָן מיט אַ „מ": מרים און מערי, — און ער האָט שטילער צוגעגעבן: — דאָס מיינט, אַז מיר בײדע דאַרפן זיין גוטע פריינט און... ניט קיין אידיאָטן...

טאַם האָט פאַרשטאַנען און אים אויסגעשטרעקט די האַנט:

— ביסט גערעכט, אייב...

פון יענעם טאָג אָן זײַנען זיי געוואָרן די בעסטע פֿרײַנט. צוזאַמען יעדן זונטיק געגאַנגען אין דעם ניט ווייטן שטעטל פֿאַרברענגען, עטלעכע מאָל זיך אָנגעשיכורט איינער אויפֿן צווייטנס חשבון און אין די פֿרייע שטונדן דערציילט מעשׂיות איינער דעם צווייטן וועגן זייערע משפּחות און פֿאַרשיידענע היימישע פּאַסירונגען.

ווען מען האָט די פּערטע דיוויזיע אַריבערגעשיקט קיין ענגלאַנד, איז טאַמס און אייבס צוגעבונדנקייט איינער צום צווייטן נאָך מער געוואַקסן. און ווען מען האָט דינסטיק, דעם זעקסטן יוני, 1944, פֿיר אַזייגער פֿאַרטאָג, זיי אַרויסגעריסן פֿון די בעטן און באַפֿוילן, אין איין האַלבע שעה, פֿאַרטיק צו ווערן אַרויסצוטרעטן, האָבן אַלע פֿאַרשטאַנען, אַז זייער צייט איז געקומען, אַז מען שיקט זיי אַריבער קיין פֿראַנקרייך. יעדער איינער האָט זיך אָבער געוואונדערט ווי אַזוי מען וועט זיי אַריבערפֿירן איבערן ענגלישן קאַנאַל, וועמענס כוואַליעס זײַנען נאָך געווען היפּשלעך הויך, נאָכן נעכטיקן שטאַרקן רעגן און שטורעם. אַדאַנק אָט־דעם שטורעם האָט מען טאַקע געמוזט אָפּלייגן די אַטאַקע פֿונעם פֿינפֿטן אויפֿן זעקסטן יוני. אָבער פֿרעגן — איז ניט דעם סאָלדאַטס אויפֿגאַבע: אַז מען הייסט — דאַרף מען גיין. דאָס אַלץ.

מען האָט זיי אין לאַסט־וועגענער געבראַכט צום ברעג פֿון קאַנאַל, וואו עס האָבן שוין געוואַרט אויף זיי „על־סי־אַי“ שיפֿלעך — אַזעלכע פֿלאַכע, מיט שטאָל־באַשלאָגענע, וועלכע האָבן געקענט צושווימען גאָר נאָענט צום ברעג. דאָ האָבן די סאָלדאַטן זיך אויך דערוואוסט, אַז פּונקט צוועלף אַזייגער בײַנאַכט איז שוין די הונדערט און ערשטע פֿאַראַשוטיסטער דיוויזיע אַריבערגעפֿלויגן דעם קאַנאַל, געלאַנדעט טיף אין לאַנד, אויף די דײַטשע קעפּ, און פֿירט שוין דאָרטן זיכער אַן שלאַכטן מיטן שונא. זיי האָבן זיך אויך דערוואוסט, אַז דער הויפּט־צוועק פֿון די פֿאַראַשוטיסטן איז אָפּצורייניקן דעם וועג און אײַנצוהאַלטן די בריקן פֿאַר זיי, דער פּערטער דיוויזיע.

די אַטאַקע האָט זיך אָנגעהויבן פּונקט 5:30 אין דער פֿרי, ווען עטלעכע הונדערט פֿון די גרעסטע אַמעריקאַנער און ענגלישע שלאַכט־שיפֿן, האָבן, מיט דער הילף פֿון 640 פֿאַרשיידענע מינים קאַנאָנען, אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן די דײַטשע פֿעסטונגען אויפֿן פֿראַנצויזישן ברעג. פֿערציק מינוט האָט דער שווידערלעכער פֿײַער אָנגעהאַלטן אויפֿן ברעג גופֿא, דערנאָך זיך אַ הויב געטאָן עטוואָס העכער, טיפֿער אין לאַנד און דאַן האָבן די „על־סי־אַי“ שיפֿלעך, איבערגעלאָדענע מיט סאָלדאַטן פֿון דער פּערטער אינפֿאַנטעריע דיוויזיע און מיט קליינע קאַנאָנען און טאַנקען, זיך אַ יאָג געטאָן צום ברעג.

אַדאַנק די גאָר היפּשע כוואַליעס, דעם פֿלאַכן, זאַמדיקן באָדן און די

שטאָלענע דייטשע פאַרצאַמונגען, פולע מיט מינעס, האָבן די שיפלעך ניט געקענט צוגיין צום סאַמע ברעג און די סאָלדאַטן האָבן געמוזט, שטראָמענ־וויז, שפּרינגען אין די שוימיקע וואַסערן און זיך יאָגן צום ברעג, אונטער אַ געדיכטן האָגל פון דייטשע מאַשין־ביקסן און מאַרטער־קוילן.

— שפּרינג און לויף, וואָס שנעלער! — האָט אייב אַ זאָג געטאָן טאַמען, ווען די אײַזערנע טיר פון זייער שיפל האָט אַ פאַל געטאָן אויף די כוואַליעס.

— דו אויך! — האָט טאַם געענטפערט און צוגעגעבן: — און האַלט דעם קאָפּ וואָס נידעריקער!

און ס׳איז, אי קאָמיש, אי טראַגיש געווען צוצוקוקן פונדערווייטנס, ווי צענדליקער סאָלדאַטן, געטראָפענע פון קוילן אין דעם מאָמענט פון זייער שפּרונג פון שיפל, האָבן זיך איבערגעדרייט אין דער לופטן, געשליי־דערט פון די הענט די ביקסן און אויב זיי זיינען נאָך בכוח געווען, אויף אַלע פיר, זיך באַמיט צו דערגרייכן דעם ברעג.

און יענע גליקלעכע, וועמען ס׳איז געלונגען גאַנצע צו דערלויפן צום ברעג, האָבן מיט אַלע כוחות געפּרואווט וואָס שנעלער און טיפער זיך איינ־צוגראָבן אין זאַמד, אָדער צוקריכן און זיך באַהאַלטן אין שוץ פון זאַמד־בערגלעך און גרויסע שטיינער, צעוואָרפענע איבערן ברעג.

און די לופט איז פול געוואָרן מיט אַנגסט־געשרייען און קרעכצן פון די שווער־פאַרוואונדעטע אויף וועלכע קיינער האָט זיך נאָך דערווייל אפילו ניט אומגעקוקט און דער גאַנצער ברעג איז גיך, ווי באַזוימט געוואָרן מיט רייען טויטע קערפּערס, אַרויסגעשווינקטע פון די כוואַליעס.

אָבער די מאַסע פון די אָנקומענדיקע „על־סי־אַי" שיפלעך איז ניט שיטערער געוואָרן און דער שטראָם פון די שפּרינגענדיקע סאָלדאַטן אין וואַסער איז געוואָרן אַלץ געדיכטער. און איבער זייערע קעפּ האָבן מיט אַ ווילדן געוואַי זיך געטראָגן ריזיקע האַרמאַטן־קוילן פון די אַמעריקאַנער און ענגלישע שלאַכט־שיפן צוזאַמען מיט אַ רעגן פון באָמבעס פון די פלי־ענדיקע פעסטונגען.

אייב און טאַם זיינען געלאָפן צוזאַמען. זיי האָבן גלייך מיט אַלעמען היל־כיק געשריגן „הו־ר־יי", אָבער, אין אַלגעמיינעם טומל, אינגאַנצן ניט גע־הערט זייערע אייגענע שטימעס. און ווען טאַם האָט זיך איין מאָל ביי עפּעס פאַרטשעפּעט און איז געפאַלן אויף איין קני, האָט אים אייב פלינק אַ הויב געטאָן פאַר די אַקסלען און ביידע זיינען זיי בשלום דערלאָפן צום ברעג און גלייך מיט אַלעמען פאַרגראָבן די קעפּ אין זאַמד.

אויף זייער מזל, האָט זיך ניט ווייט פון זיי, געפונען אַ רייע ניט קיין הויכע בערגלעך און אַ גרודע גרויסע שטיינער, שטייענדיק ווי צוגעשפּאַרטע

איינער צום אַנדערן. אונדזערע פריינט זיינען צוגעקראָכן צו זיי און עטוואָס אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם.

— ביסטו אָלרייט, איב?

— אַזוי דאַכט זיך. און דו?

טאָם האָט, פאַרשנד, אַ טרייסל געטאָן מיט זיין גאַנצן קערפּער:

— דאַכט זיך, אַז די גאָט־פאַרדאַמטע „קרויטן" האָבן מיך דעם מאָל פאַרזען.

אַ גרופּע פון אַרום צען־צוועלף סאָלדאַטן האָבן זיך אויך, אויף די בייכער, צוגעגליטשט צו זיי פונעם ברעג.

— ווי איך זע, חברה, האָט איר זיך דאָ אויסגעזוכט אַ גאַנץ וואַרעמען ווינקל! — האָט איינער פון די צוגעקומענע, מיט אַ האַלב־ווײנענדיקן און האַלב־שמייכלענדיקן פּנים, געפּרואווט אַ שפּאַס צו טאָן.

— דו קענסט, ברודער, זיך אויך דינגען דאָ אַ צימער! — האָט אים איב געענטפערט, — מירן דיר ניט רעכענען קיין צופיל דירה־געלט.

— אַ דאַנק! — האָט אַ צווייטער בייז אָפּגעענטפערט, אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיך אַרומגעקוקט און כמעט ווי אויסגעשריגן: — אונדזערע מאַטראָסן אויף די שיפן זיינען שטינקער, ניט קיין שיסער! אַנדערש וואָלטן זיי, פון אָנ־פאַנג אָן, געוועזן גלייך אויסגערייניקט די לויזיקע קרויטן פון זייערע נעסטן אָט דאָ, איבער אונדז!

— זיי ניט אַזאַ גרויסער שיסער! — האָט אים אַ צווייטער געענט־פערט, — גיי רייניק אויס ווערים־נעסטן, ווען זיי גראָבן זיך איין טיף אין דער ערד...

— ריכטיק! — האָט אַ דריטער באַשטעטיקט דעם צווייטנס רייד, — ווען ניט זייערע האַרמאַטן, ברודערקע, וואָלסטו אַליין שוין אויך געלעגן ביים ברעג מיט אַן אָפענעם מויל.

אַ באָמבע האָט מיט אַ בייזן געוואָי זיך אַ יאָג געטאָן איבער זייערע קעפּ, אָפּגעטעסעט אַן אויבערשטן שטיק פון איינעם פון זייערע שטיינער און אויפגעריסן מיט אַן האָגל פון מעטאַל און שטיין.

אַלע האָבן איינגעגראָבן די קעפּ אין זאַמד און איינער, אַ לייכט פאַר־וואונדעטער אין קאָפּ, אָבער אַ טויט דערשראָקענער, האָט זיך פלינק אויפ־געזעצט, זיך אָנגעכאַפּט פאַר שטערן, און דערזעענדיק בלוט אויף זיינע הענט, גענומען היסטעריש שרייען:

— ראַטעוועט! איך בין פאַרוואונדעט!... אַ קויל אין קאָפּ!... רופט אַ סאַניטאַר... אַ דאָקטער! — ער האָט זיך אַ הויב געטאָן, אַ פאַרטיקער צו לויפן זוכן הילף.

— דו גאָט פאַרדאַמטער נאַר! — האָט אים זיינער אַ שכן צוריקגע־

האַלטן, — ווען דו קריגסט אַ קויל אין קאָפּ, וואָלסטו שוין אײנגאַנצן פאַר־שפּאָרט צו שרייען! — ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע אַ באַנדאַזש, אַ וויש געטאָן איבערן פאַרוואונדעטנס שטערן: — לייג זיך אַוועק און שווייג. די קויל האָט דיר בלויז אָפּגעקראַצט אַ שטיק הויט...

— עס קאָן ניט זיין! — האָט דער פאַרוואונדעטער ניט געוואָלט גלויבן, — עס טוט שטאַרק ווי...

אַן האַרמאַטן־קויל האָט ווידער אַ וואָיע געטאָן איבער זייערע קעפּ.

צוויי הענט האָבן אַ נעם געטאָן דעם פאַרוואונדעטן פוןביידע זייטן און אים פעסט צוגעדריקט צו דעם זאַמד.

— לייג זיך אַוועק! — האָט איינער אַ זאָג געטאָן.

— און מאַך ניט קיין אומזיסטן טומל! — האָט דער צווייטער צוגעגעבן.

עטלעכע מינוטן זיינען אַלע געלעגן שטיל, זיך צוהערנדיק און צו־קוקנדיק זיך צום אַרום. מיטאַמאָל האָט זיך פון רעכטס צו זיי דערטראָגן אַ פעסטע, כמעט רואיקע שטימע:

—אַ שלעכטן אָרט האָט איר, ברידערלעך, זיך דאָ אויסגעקליבן. די „דזשעריס" האָבן זיך אָפּגעטראָגן פון די בערגלעך רעכטס און זיך באַ־פעסטיקט ליבקס פון אייך... נאָך אַ פּאָר מינוטן און זיי וועלן אייך דאָ מכבד זיין מיט אַ רעגן פון מאַשין־ביקסן קוילן... נעמט מיין עצה, חברה, און קריכט מיר נאָך און מיר'ן זיי, די הינטישע זין, דערלאַנגען פון הינטן... קיין איינעם פון זיי ניט איבערלאָזן...

אַלע האָבן אויסגעדרייט די קעפּ און דערזען, אַז עס רעדט צו זיי אַן אָפיצער אין ראַנג פון אַ מאַיאָר. ער איז אויך געלעגן אויפן בויך און גע־פּרואווט אפילו אַ שמייכל צו טאָן.

ווי ווערים,, איינציקווייז און צו צווייִ, האָבן די סאָלדאַטן גענומען פויזן רעכטס, נאָכן אומבאַקאַנטן אָפיצער. אייב און טאם האָבן זיך געפונען צווישן זיי.

מיט אַ צען מינוטן שפּעטער, זיינען שוין אַרום פופציק סאָלדאַטן גע־לעגן צוזאַמענגעדריקט אין אַ קליינעם טאָל, פונקט אונטער די בערגלעך, וואו עס האָבן זיך געפונען די עטלעכע דייטשע מאַשין־ביקסן נעסטן. דערנאָך איז מען געקראָכן צווישן הויכע גראָזן, זיך געגנבעט צווישן אָנגעוואָרפענע שטיינער און אַלעמענס אויגן האָבן בייז געברענט אויף די געלע, פון שרעק־און האַס־אויסגעקרימטע פּנימער.

און ווען דער צייכן איז געגעבן געוואָרן, האָבן זיך אַלע ווי איינער, אויטאָמאַטיש אַ שטעל געטאָן אויף די פיס און מיטן אימפּעט פון הונגעריקע חיות, אַנפאַלנדיק די לופט מיט ווילדע „הוררייי"־געשרייען, זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די דייטשע גרובנס.

און די אייגענע געשרייען זיינען מיטאַמאָל, ווי דערשראָקן פאַרשטומט געוואָרן, ווען צענדליקער באַיאָנעטן האָבן זיך איינגעשטאָכן אין פלאַטערנ־דיקע, מענטשלעכע קערפּערס און אומעטום, וואו דער פלאַץ איז צו ענג געווען צו נוצן דעם באַיאָנעט האָט מען געאַרבעט מיט שאַרפע טרענטש־מעסערס.

מיט אַ צען מינוטן שפּעטער, האָבן שוין צוויי אַמעריקאַנער פאָנען גע־פלאַטערט איבער אַלע בערגלעך, וועלכע זיינען גלייך ווי פאַרפלייצט געוואָרן פון פריש־געלאַנדעטע סאָלדאַטן. — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

גענוי, וואָס פאַר אַ אָנטייל זיי האָבן גענומען אין דער קורצער שלאַכט, געדענקט ניט אייב, ווי אויך ניט טאַם. דאַכט זיך, אַז זיי זיינען, צוגלייך מיט אַלעמען, געלאָפן, געשריגן, געוואָרפן האַנט־גראַנאַטן, דורכגעשטאָכן עמיצנס קערפּערס מיט זייערע באַיאָנעטן, מיט עמיצן זיך געראַנגלט, זיך קייקלענ־דיק אויף דער ערד.

ווען אייב איז געקומען צו זיך, האָט ער דערפילט, אַז עמיצער פאַרעט זיך אַרום זיין רעכטן אַקסל און דער גאַנצער קערפּער טוט אים וויי. ער האָט געעפנט די אויגן און אויפן פאָן פונעם בלויען הימל דערזען איבער זיך צוגעבויגן צוויי סאָלדאַטן. אין איינעם האָט ער, לויטן רויטן צלם, זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס איז אַ מעדיק און אין צווייטן גלייך דערקענט טאַמן. טאָמס אויגן זיינען געווען פול מיט אומרו.

אייב האָט זיך געפּרואווט אויפזעצן:

— וואָס, איך בין פאַרוואונדעט?

— ניט קיין געפערלעכע וואונד, — האָט דער מעדיק אַ גלייכגילטיקן מאַך געטאָן מיט דער האַנט, — האָסט בלויז פאַרלוירן אַביסל צופיל בלוט.

— דאַנקען גאָט, אַבי ביסט געקומען צו זיך, — האָט טאַם פריידיק אָפּ־געזיפצט און אָנגעוויזן אויף זיין פאַרבאַנדאַזשירטן פוס: — זעסט, אייב, כ'בין אויך פאַרוואונדעט!

אויף דער ערד, נעבן זיי, זיינען געלעגן נאָך פיר פאַרוואונדעטע.

— הערט, חברה, — האָט זיך איינער פון די מעדיקס געווענדט צו אַלעמען, — קיינער פון אייך איז ניט געפערלעך פאַרוואונדעט. איר האָט אָפּגעטאָן אַן אויסגעצייכנט שטיקל אַרבעט. אַדאַנק אייער פאַרניכטונג פון אָט־די דריי מאַשין־ביקסן גריבער, איז איצט געלונגען צו פאַרטרייבן די „קרויטן“ אויף עטלעכע מייל טיפער אין לאַנד און די לאַנדונג קאָן אָנגיין אומגעשטערט... איר ליגט זיך דאָ רואיק... מיר מוזן נאָך פאַרזאָרגן אַ צאָל פאַרוואונדעטע אין צווייטן זייט פעלד. אין אַ האַלבע שעה אַרום וועלן

מיר קומען נאָך אייך מיט אַן אַמבולאַנס און אייך פאַרנעמען אין אונדזער פעלד־שפּיטאָל...

די סאַניטאַרן זיינען אַוועק און די פאַרוואונדעטע האָבן געפּרוּוט זיך איינאָרדענען, יעדער לויטן כאַראַקטער פון זיין וואונד. צוויי האָבן אפילו אַרויסגענומען פון זייערע שפּיץ־פּושקעס שטיקלעך שאָקאָלאַד און גענומען, אָן חשק, קייען.

— ווי שפּעט איז עס? — האָט איינער פון די עסערס געוואָלט וויסן.

אייב האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין זייגער און זיך כמעט, ווי דערשראָקן. די ווייזערס האָבן געוויזן פּונקט ניין. עס איז געווען כמעט אומגלויבלעך. אים האָט זיך געדאַכט, אַז זינט ער איז, צוזאַמען מיט טאַמען, אַרויסגע־שפּרונגען פון שיפל אין וואַסער אַריין — זיינען פאַרביי גאַנצע אייביקייטן און דאָ... ווייזט דער זייגער ערשט ניין.

— ס'איז פּונקט ניין, — האָט אייב געענטפערט דעם פאַרוואונדעטן און אויסדרייענדיק דעם קאָפּ אויף רעכטס, אַרויפצו, האָט ער פּלוצלונג באַ־מערקט עמיצנס צוויי פיס אויף אַ גרופּע שטיינער. צוויי פיס, בלויז ביז די קני, בײדע אין סאָלדאַטסקי שטיוול. ער האָט שוין געוואָלט אָפּקערן דעם קאָפּ, ווי עמיצער האָט אין אים ווי באַמערקט: זע נאַר, אייב: איז עס ניט מאָדנע, וואָס איין פּוס שטייט, בשעת דער צווייטער ליגט..., און וואו איז דער בויך?... דער גאַנצער מענטש?...

ער האָט זיך אויפמערקזאַם איינגעקוקט אין די צוויי פיס און איז גע־קומען צום שלוס, אַז קיין קערפּער איז ניט פאַראַן איבער זיי; אַז דאָס זיינען, ווייזט אויס, צוויי אָפּגעריסענע פיס, פאַרפלויגענע, ווער ווייסט, פון וואַנען.

ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און געפילט ווי אַלץ נעמט זיך דרייען אַרום אים.

טאַמס קול האָט אים געבראַכט צו זיך:

— נו, ווי פילסטו, אייב?

אייב האָט געעפנט די אויגן, קעגן זיין ווילן, ווידער געוואָרפן אַ בליק אויף די צוויי פיס רעכטס, איבער אים און טיף אָפּגעזיפצט:

— ניט זייער שלעכט... כ'וואָלט שוין געוואָלט די מעדיקס זאָלן קו־מען מיטן אַמבולאַנס, וואָס שנעלער.

— איך אויך, — האָט טאָם צוגעשטימט און צוגעגעבן: — דאָס ערשטע וואָס איך וועל טאָן, אָנקומענדיק אין שפּיטאָל, איז אָנשרייבן אַ בריוו צו מערין.

— אַ גוטער געדאַנק, — האָט אייב אַ שוואַכן שמייכל געטאָן, — איך וועל עס אויך פּרובירן טאָן.

— ווּעסטו איר שרייבן דעם אמת, וואו דו געפינסט זיך איצט? — האָט טאם געוואָלט וויסן.

— מעגלעך, — איז איב ניט זיכער געווען, — נאָך אַלעמען זיינען מיר אין האָספּיטל אויסער געפאַר...

— מיר זיינען עפּעס אַזוי שנעל אַרויסגעפאַלן פון דער מלחמה, אַז עס גלויבט זיך ניט, — האָט טאם זיך ווי געוואונדערט.

— ס'איז נאָך צו פרי זיך צו פרייען, — האָט אים איב פאַרזיכערט.

— לייכט פאַרוואונדעטע שיקט מען צוריק אין זייערע אָפּטיילונגען, גלייך ווי זיי ווערן נאָר געזונט.

— כ'דענק, אַז דו ביסט גערעכט... — האָט טאם געענטפערט מיט אַ זיפץ.

איינער פון די צוויי פאַרוואונדעטע נעבן זיי, וועלכע האָבן זיך באַמיט צו קייען זייערע שטיקלעך שאָקאָלאַד, האָט מיטאַמאָל אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף זיין ברוסט, זיך עטלעכע מאָל אַ וואקל געטאָן מיטן גאַנצן קערפּער און לאַנגזאַם זיך אָוועקגעלייגט אויף זיין רעכטער זייט, ניט אָוועקנעמענדיק די האַנט מיטן שטיקל שאָקאָלאַד פונעם מויל.

— וואָס, ברודער, עס שלעפערט דיך? — האָט אים דער צווייטער אַ פרעג געטאָן.

אַ שטילער, לאַנגער כאָרכל איז געווען דער ענטפער.

אַלעמענס קעפּ האָבן זיך אַ דריי געטאָן צום ליגנדיקן און אַלע האָבן דערזען, אַז ער איז די גאַנצע צייט געזעסן אין אַ טייך פון בלוט.

איב האָט זיך צוגערוקט צו אים, אַ טאַפּ געטאָן זיין פּנים, געהאַלטן אַ ווילע די האַנט איבער יענעמס מויל און קורץ געמאָלדן:

— ער איז קאַלט... ער אָטעמט ניט... ער איז, ווייזט אויס, טויט...

— אַפּנים די הינטישע זין, די מעדיקס, האָבן פאַרזען, אַז אַחוץ אַ קויל אין דער האַנט האָט ער, מן־הסתּם, אויך געקראָגן אַ קויל אין בויך, אָדער ערגעץ אַנדערש־וואו, — האָט טאם מיט שרעק זיך אָפּגערופן.

קיינער האָט אים ניט געענטפערט.

עטלעכע מינוטן איז שטיל געווען. יעדער איז געלעגן אַ פאַרזונקענער אין זיינע געדאַנקען. די לופט אַרום זיי איז פול געווען מיטן רויש פון די אַנלויפנדיקע כוואַליעס, מיט די טויזנטער שטימעס און טריט פון די אָנקומענדיקע סאָלדאַטן און מיט די איצט שוין ווייטע אויפרייסן.

אַ שאַרפער פייף האָט מיטאַמאָל אַ שניידן געטאָן די לופט, אַ בלוט־רויטער פלאַם, איינגעהילט אין אַ געדיכטן, שוואַרצן רויך, האָט אַ פלאַקער געטאָן איבער זייערע קעפּ און אַ הילכיקער אויפרייס האָט זיי אַלעמען — צו־ערשט אַ הויב געטאָן אין דער לופט, געדיכט באַשאָטן זייערע קערפּערס מיט

אַ רעגן פון שטיקלעך צעגליטן בליי — דערנאָך זיי צוריק אַ שליידער געטאָן צו דער ערד.

איוב האָט דערפילט אַ שאַרפן שמייס, ווי פון אַ בייטש, איבער זיינע פיס און אַ ברי איבערן ברוסט־קאַסטן און אונטערשטן טייל פון זיין פנים. ער האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן, אַ רוף טאָן טאַמען צו הילף, אָבער ס'האָט אים פאַרכאַפּט דעם אָטעם. און פאַלנדיק האָט ער נאָך, בליץ־שנעל, געהאַט געצויג צייט צו באַמערקן, אַז אויך טאַם האָט, צוזאַמען מיט די איבעריקע פיר פאַרוואונדעטע, זיך אַ הויב געטאָן אין דער לופט און יעדער איינער איז צוריקגעפאַלן אין אַן אַנדער פּאָזיציע. טאַמס קערפּער האָט זיך אויס־געצויגן אין זיין גאַנצער לענג און די רעכטע האַנט זיינע איז געבליבן שטעקן אַן אויסגעצויגענע אַרויפצו, פּונקט ווי זי וואָלט ביי וועמען געבעטן הילף.

דערנאָך האָט איוב געהאַט דאָס געפיל, פּונקט ווי ער וואָלט לאַנגזאַם און לייכט זיך גענומען אָפּרוקן פונעם אָרט, וואו ער האָט זיך ביז איצט געפונען און אַנגעהויבן זיך ווי צעגיין אין דער לופט. דער לעצטער קלאַנג, וועלכן ער האָט נאָך אויפגעכאַפּט, איז געווען פון אַ רייע ווייטע, זייער ווייטע, אויפרייסן.

דער שמייס פונעם אויפרייס איז מיט זיין גאַנצער קראַפט געפאַלן אויף טאַמס ברוסט־קאַסטן און בויך און פאַלנדיק, האָט אין זיין זכרון אויפגעבליצט אַ סצענע, ווי דער פאָטער האָט אים איין מאָל געגעבן עטלעכע שטאַרקע שמיץ מיט אַ בייטש, דערפאַר וואָס ער איז איינגעשלאָפן אין פעלד און ניט פאַרהיט אַ יונג קעלבל פון די וועלפישע ציין... דערנאָך האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער לויפט ערגעץ־וואו, לויפט און פאַלט און ווערט אין עפּעס איינגעזונקען...

ווען אַן אַמבולאַנס איז אַביסל שפּעטער אָנגעקומען, האָט דער זייגער אויף איובס האַנט געוויזן פּונקט צען. ביידע מעדיקס, צוזאַמען מיטן טרייבער פונעם אַמבולאַנס, זיינען געבליבן שטיין דערשראָקענע פאַר די זעקס טויטע און טיף אָפּגעזיפצט.

— אָרעמע טייוואָלים! — האָט איינער פון די מעדיקס אַ זאָג געטאָן, — אַ גרויסע מאָרטאַר־קויל, אָדער אפשר אַן 88ער האָט געטראָפן פּונקט אין דער מיט פון זייער גרופּע.

— זעט אויס אַזוי, — האָט דער צווייטער באַשטעטיקט, — גיי זיי אַ קלוגער און ווייס וואו אַ זיכער פּלאַץ געפינט זיך. — ער האָט אַ הילפסלאָזן מאַך געטאָן מיט ביידע הענט און זיך אָפּגעקערט.

— רירט זיך, חברה! — האָט דער טרייבער פון אַמבולאַנס זיי צוגעאיילט, — די גאַנץ פאַרדאַמטע „קרויטן" קענען נאָך באַלד אַריינשיקן אַהער אַ צווייטע, ענלעכע מתנה.

— באַרואיק זיך. צוויי קוילן פאַלן כמעט ווי קיינמאָל ניט פונקט אויפן זעלבן אָרט, — האָט איינער פון די מעדיקס געפּרואווט אים באַרואיקן.

— קומט, אָדער איך פאַר אַליין אַוועק, — האָט דער טרייבער זיי געאיילט, — איך וועל שוין לאָזן וויסן דער קברים־אָפּטיילונג, וועלן זיי שוין צושיקן אַ וואָגן נאָך זיי, — ער האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף ליבקס, — אָט דאָרטן וועט זיין דער ערשטער אַמעריקאַנער בית־עולם. אַרום אַ הונדערט קברים זיינען שוין אויסגעגראָבן און מער ווי אַ העלפט זיינען שוין פאַרנומען... נו, רירט זיך... קריכט אַריין אין אַמבולאַנס וואָס שנעלער!...

און מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער, האָבן שוין טאָם מיט אייבן דערפילט ווי מען הויבט זיי אויף, ווי מען טראָגט זיי אַראָפּ פונעם בערגל, ווי מען לייגט זיי אַרויף אויף אַ צאָל אַנדערע קערפּערס און מען פירט זיי ערגעץ־וואו אַוועק. שפּעטער, ווען דער אַמבולאַנס האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט מען זיי אַוועקגעלייגט אויף פייכטן, אַנגענעמען שמעקנדיקן גראָז. עמיצנס הענט האָבן אַרויסגענומען פון זייערע קעשענעס אַלץ וואָס עס האָט זיך דאָרטן געפונען, אַריינגערעכנט די לעצטע בריוו, מיט די בילדלעך פון זייערע געליבטע.

ביים אָפּקייטלען די „דאָג־טעגס" פון זייערע הענט און העלדזער, האָבן זיי געהערט ווי די באַגרעבער האָבן אין דער הויך איבערגעלייענט זייערע נעמען און יעדער פון זיי האָט געפילט אַ געוויסע מין באַפרידיקונג, וואָס ס'וועט פון אים נאָך עפּעס פאַרבלייבן פאַר די אייגענע אויף דער וועלט. זאָל זיין אפילו בלויז אַ מעשן בלעכל מיט זיין נאָמען.

דערנאָך האָבן זיי געהערט ווי די באַגרעבער טרייבן אונטער איינעם דעם צווייטן, ווייל דער באַרג מיט די ניי־געבראַכטע קערפּערס ווערט אַלץ העכער.

און אָט האָבן זיי דערפילט ווי מען הויבט זיי אויף, ווי מען לייגט זיי אַריין אין הילצערנע טרונעס און מען נאָגלט צו די דעקלעך. ביידע האָבן דערשמעקט דעם ריח פון פריש־געשניטענע ברעטער. און אָט לאָזט מען זיי שוין אַראָפּ אין די קברים. זיי הערן קלאָר דאָס שאָרכן פון די שטריק פון ביידע זייטן פון זייערע טרונעס. און באַלד נעמט פאַלן ערד, געמישט מיט שטיינער און וואָס אַמאָל ווערן די קלאַנגען אַלץ געדיכטער, אַלץ ווייטער.

די לעצטע קלאַנגען, וועלכע האָבן זיך צו זיי דערטראָגן, זיינען געווען פון די לאָפּעטעס, מיט וועלכע מען האָט, ווייזט אויס, אַריינגעיאָגט די מצבות אין די פריש־אָנגעשאָטענע בערגלעך ערד, אויף וועלכע מען האָט אויך אויפגעהאַנגען זייערע העלמעטן און צוגעקלאַפּט די בלעכלעך מיט זייערע

נעמען. דערנאָך איז אַלץ שטיל געוואָרן, שטיל, ווי עס קאָן זיין טאַקע נאָר אין קבר.

נאָך אַ היפּשער פּאַוזע, האָט טאַם דער ערשטער, דורך די דערווייל נאָך גאַנצע צעלן־שטראַלן פון זיין מאַרך, אַ פרעג געטאָן:

— אייב, וואו ביסטו, אייב?!

— האַלאָ, טאַם! — האָט אייב אָפּגעענטפערט, — איך געפין זיך טאַקע אָט דאָ, נעבן דיר!

— זייער גוט! — האָט זיך טאַם דערפרייט, — כ'בין די גאַנצע צייט, וואָס זיי האָבן אונדז געפירט געווען אומרואיק, זיי זאָלן דיך ניט פאַרשלעפּן ערגעץ־וואו ווייט פון מיר.

— איך האָב אויך וועגן דעם ניט אויפגעהערט צו טראַכטן, — האָט אים אייב געענטפערט.

— עפּעס קלינגט איצט דיין קול ניט אַזוי ווי שטענדיק, — האָט זיך טאַם געוואונדערט.

— דיינער קלינגט אויך אַנדערש, — האָט אים אייב באַרואיקט, — וואָס איז דער חידוש? מיר זיינען דאָך איצט שוין ניט קיין לעבעדיקע מענטשן, נאָר מתים...

— דאָך קענען מיר זיך דורכרעדן צווישן זיך, ווי אין די פריערדיקע צייטן, — האָט זיך טאַם ניט אונטערגעגעבן.

— יאָ. און וועגן אָט־דעם סוד וויסן נאָך אפילו די דאָקטוירים אויך ניט! — האָט אייב אים, כמעט ווי אַ צופרידענער, געענטפערט.

זיי האָבן געשוויגן אַ ווילע, דערנאָך האָט טאַם ווידער גענומען רעדן מיט אַן אומצופרידענעם טאָן:

— מתים, זאָגסטו, זיינען מיר?... מתים?!... דאָס מיינט, אַז פון היינט אָן איז אַלץ, לחלוטין אַלץ, פאַר אונדז אויס?!

— יאָ, האָט אייב באַשטעטיקט מיט אַ זיפץ, — פון היינט אָן איז אַלץ, לחלוטין אַלץ, פאַר אונדז אויס... אויס היים, עלטערן, פריינט... אויס געליבטע... אַלץ אויס!...

— און זיי... דאָרטן, אין דער היים, וואָס?... — האָט טאַם, מיט ביטערקייט אין קול, זיך אַלץ נאָכגעפרעגט.

— זיי, אין דער היים? — האָט אייב, ווי שווער נאָכגעטראַכט, — וואָס קאָנען זיי טאָן?... זיי וועלן אונדז זיכער דערקלערן אַלס גרויסע העלדן, וועלכע זיינען געפאַלן פאַרן פאָטערלאַנד... זיי וועלן זיך גוט אויסוויינען, אַריינגעבן נאָטיצן אין די צייטונגען מיט אונדזערע נעמען אין שוואַרצע קעסטלעך און... וועלן אונדז פאַרגעסן...

— דאָס אַלץ?! — האָט טאַם בייז געפרעגט, — אָבער זיי לעבן דאָך

און... מיר זיינען מתים...

— אזוי איז עס, ברודער, און עס קאן אנדערש ניט זיין, — האט אייב טיף אפגעזיפצט, — שלאף איין אביסל און בארואיק זיך... א גוטע נאכט.

— א גוטע נאכט, — האט טאם געענטפערט, נאך א היפשער ווילע און אייבן האט זיך געדאכט, אז ער האט געהערט טרערן אין חברס קול. — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ביסלעכווייז — האבן די צוויי פריינט זיך צוגעוואוינט צו זייער לאגע פון צו זיין „אויס" און דאס לעבן אין די צוויי שכנישע קברים האט זיך איינגעשטעלט.

יעדן פרימארגן: „א גוט מארגן, טאם!" אדער: „ווי פילסטו, הייגט, אייב?" דערנאך א פאר פראגעס וועגן זייערע חלומות.

— איך בין היינט געווען אין דער היים, — האט איין מאל אייב דער־ציילט, — כ׳בין, וויזט אויס, אלט געווען א יאר צען, עלף... און די מאמע האט מיר, צו מיין געבורטסטאג, געקויפט א „בייק"... א, ווי גליק־לעך איך בין געווען!... ווי א ווינט האב איך זיך א גאנצן טאג ארומגעיאגט אין אונדזער פארק... און... מרים איז אויך געשטאנען נעבן א בוים און געקוקט אויף מיר מיט רויטע, פארוויינטע אויגן... — ער האט טיף אפגעזיפצט, — ווי חלומות מישן עס אלץ צוזאמען!

— און איך בין היינט ביינאכט געווען אויף אונדזער פארם, — האט טאם געגומען דערציילן, — איך בין געגאנגען מיט מיין מערין איבער אונדזער האבער־פעלד... א גאנצע לבנה האט אראפגעקוקט אויף אונדז, געהיט אונדזערע טריט און געשמייכלט. מיר האבן געהאלטן פעסט ארומגענומען איינער דעם צווייטן. דערנאך האבן מיר זיך צוגעזעצט אונטער א געדיכטן, אלטן עפל־בוים... אין יענער נאכט האט זי זיך מיר איבערגעגעבן צום ערשטן מאל... דערנאך האט זי געוויינט און שפעטער האבן מיר שוין ביידע געלאכט: וואס איז, איינגנטלעך, דער אונטערשייד? אלע וויסן דאך סיי ווי, אז מיר זיינען חתן־כלה... אז מיר׳ן איינגיכן חתונה האבן... ביז דעם ערשטן קריי פון האן זיינען מיר אונטערן בוים געלעגן...

און די טעג, וואכן און חדשים האבן ווייטער געפלאכטן זייער ענדלאזן צייט־געוועב און אין דער געהיימניספולער שטילקייט פונעם פארלאזענעם אמעריקאנער מיליטערישן בית־עולם האבן בלויז די יונגע ביימלעך ניט אויפגעהערט צו שושקען זיך איינער מיטן צווייטן און זיך בייגן צו די הויכע גראזן, וועלכע האבן זארגפעלטיק פארצויגן זייער געדיכטן, גרין־סאמעטענעם טעפיך סיי איבער די סטעזשקעס, אזוי אויך איבער די קברים.

עס פלעגט אויך פון צייט־צו־צייט פאסירן, אז איבער די פארוואקסענע סטעזשקעס האבן זיך קוים געהערט פארכטיקע טריט, דערנאך א שטילער,

ביטערער געוויין פון אַ טאַטן אָדער אַ מאַמען, וועלכע זיינען געקומען פון אַמעריקע קיין פראַנקרייך זיך אויסצואוויינען אויפן קבר פון זייער, מעגלעך, איינציקן זון.

און איין מאָל האָט זיך איב דערמאַנט און אַ פרעג געטאָן:

— ווי ס'ווייזט אויס, האָט די מלחמה זיך שוין געענדיקט? אַנדערש וואָלט ניט געווען אַרום אַזוי שטיל?

— כ'בין זיכער אין דעם, — האָט טאַם געענטפערט, — כ'האָב נאָך מיט אַ צייט צוריק געהערט, ווי אַ סאַרדזשענט, וועלכער ליגט ניט ווייט פון מיר, האָט פאַרזיכערט זיינעם אַ קאַרפּאָראַל, אַ לאַנדסמאַן, אַז מיר האָבן צעקלאַפּט די „קרויטן" און אויפגעהאַנגען זייער היטלערן.

— גוטע נייעס! — האָט זיך איב דערפרייט, — כ'שטעל זיך פאָר ווי מען האָט זיך עס געפרייט אין דער היים.

— יאָ, האָט טאַם אָפּגעזיפצט, — מען האָט זיך זיכער געפרייט אויך ביי אונדז אויפן פאַרם, — און ער האָט עטוואָס שטילער צוגעגעבן: — כ'וואָלט אַ בעלן געווען צו וויסן, צי דער טאַטע לעבט נאָך און צי דער ברודער האָט זיך געעפנט אַ שענק מיט אַ טאַנץ־זאַל אין אונדזער דערבייאיקן שטעטל?

איין מאָל, אין אַ פרימאָרגן, האָט איב אַ זאָג געטאָן צו טאַמען:

— האָסטו באַמערקט, טאַם, אַז דאָס דינע ווענטל ערד, וואָס האָט אָפּגעטיילט אונדזערע קברים, איז איינגעפאַלן און אַז דיין טרונע איז כמעט ווי האַלב צעפוילט געוואָרן?

— יאָ, ברודער, באַמערקט! — האָט טאַם באַשטעטיקט, — און כ'קען דיר זאָגן, אַז אויך דיין טרונע איז זיך שוין היפשלעך צעפאַלן און די ביינער פון מיין רעכטן פוס האָבן זיך אַריינגעגליטשט צו דיר...

— זאָלן זיי ליגן! — האָט איב אַ גלייכגילטיקן זאָג געטאָן, — כ'וועל ניט אַנטלויפן מיט זיי.

— זאָלן זיי, — האָט טאַם צוגעשטימט, — ס'קען זיך אויך מאַכן, אַז אין אַ פּאָר יאָר אַרום זאָל איך זיך אינגאַנצן אַרויפגליטשן אויף דיר. איך ליג, אַפּנים, אַביסל העכער.

— ס'וועט אויך קיין גרויסער אומגליק ניט זיין, — האָט איב ווידער גלייכגילטיק באַמערקט, — ס'וועט בלויז היימלעכער ווערן.

— כ'דענק, אַז דו ביסט גערעכט! — האָט טאַם ווידער צוגעשטימט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און די צייט איז ווייטער געלאָפן איר אומענדלעכן וועג. אָבער איין מאָל, אין אָנהויב מאַי, 1948, אין אַ לויטערן פרימאָרגן, איז אַ מיליטערי־שער לאַסט־וואָגן אַריינגעפאָרן אין ערשטן אַמעריקאַנער בית־עולם און זיך אָפּגעשטעלט ביים אָנפאַנג פון דער צווייטער רייע קברים, וואו איב מיט

טאמען זיינען געלעגן.

— איך קאָן שווערן, אַז דאָס איז איצט אַ לאַסט־וואָגן אַריינגעפאָרן אויפן בית־עולם, — האָט טאָם, דער ערשטער, זיך אָפּגערופן, דערקענענדיק דעם שווערן רויש פון די גומענע רעדער — און... דאַכט זיך, אַז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט גלייך נעבן אונדז...

איינער האָט זיך איינגעהערט:

דו ביסט גערעכט... און דאַכט זיך, אַז צוויי מענטשן, אפשר סאָלדאַטן, זיינען אַראָפּ און... איך פיל, פונקט ווי זיי וואָלטן אַרויפגעטראָטן אויף אונדזערע קברים...

— איך פיל אויך דאָס זעלבע, — האָט טאָם באַשטעטיקט, — וואָס פאַרא נידערטרעכטיקייט! ביידע האָבן זיי זיך אַוועקגעשטעלט אויף מיין קבר... מיין פּנים ווערט איינגאַנצן פאַרשאָטן פון שטיקלעך ערד...

— איך הער, אַז זיי רעדן צווישן זיך, — האָט איינער אַ זאָג געטאָן, — טאָם, דו האָסט אַ בעסערן געהיר פון מיינעם... הער זיך איין וועגן וואָס רעדן זיי דאָרטן?

— גוט... זאָל זיין שטיל...

אויפן בית־עולם, אונטער די וואַרעמע שטראַלן פון דער פרילינג־זון, זיינען צוויי אַמעריקאַנער סאָלדאַטן, מיט רויטע צלמים אויף זייערע היטלען און אַרבל, אַרויס פון אַ מיליטערישן לאַסט־וואָגן, זיך אַרומגעקוקט. איינער, אַ קאָרפּאָראַל, מיט צוויי ווייסע בענדלעך אויף זיין אַרבל, האָט אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ פּאַפּיר, פאַרגלייכט די אויפגעשריבענע נעמען מיט די נעמען אויף טאָמס צלם און איינס מגן־דוד און צופרידן אַ זאָג געטאָן:

— אָט דאָס זיינען זיי טאַקע: טאָם קוירקענד — פון קענטאַקי און איינ גאָלדבערג — פון ניו־יאָרק.

— דאָס מיינט מען אונדז! — האָט טאָם אַ צופרידענעם זאָג געטאָן.

— ריכטיק! — האָט איינ צוגעשטימט, — אָבער צוליב וואָס זיינען זיי געקומען אַהער?... וואָס, אייגנטלעך, ווילן זיי?

די סאָלדאַטן האָבן דערווייל אַרויסגענומען פון זייער וואָגן צוויי ברייטע לאָפּעטעס און גענומען עפענען ביידע קברים. זיי האָבן געדרויכערט און געמיטלעך געשמועסט צווישן זיך:

— לויט מיין מיינונג, — האָט זיך אָפּגערופן איינער מיט אַ טענאָרל אין זיין קול, — איז עס די גרעסטע נאַרישקייט פון די עלטערן צו פאָדערן פון אונדזער רעגירונג, אַז זייערע טויטע זין זאָלן געבראַכט ווערן אַהיים: אַז מען איז טויט, איז שוין קיין אונטערשייד וואו מען ליגט.

— און איך דענק אַנדערש, — האָט דער צווייטער סאָלדאַט, זעט אויס,

דער קאַרפּאַראַל, געענטפערט מיט אַ באַסאַווער, עטוואָס הייזעריקער שטימע, — פאַר די טויטע איז טאַקע אַלץ איינס וואו זיי ליגן, אָבער ניט פאַר די לעבעדיקע. פאַר די טאַטעס און מאַמעס און פריינט איז אַ גרויסע טרייסט, אַז די קערפערס פון זייערע געפאַלענע העלדן זאָלן ליגן אין זייער אייגענער ערד, ניט ווייט פון זייערע היימען.

— וואָס פאַרא קערפערס?! — האָט דער ערשטער אַ שטילן לאַך געטאָן, — בלויז בינטלעך געלע ביינער. וועסט עס באַלד אַליין זען... וואַרט צו אַ מינוט: יעדעס מאָל, ווען ס׳קומט מיר אויס צו עפענען אַ קבר, מוז איך צוערשט נעמען אַ גוטן טרונק שנאַפּס... כ׳קען ניט פאַרטראָגן דעם ריח...

— דו הערסט, טאַם?! — האָט איב, מיט פרייד געמישט מיט שרעק, אַ זאָג געטאָן, — זיי גראָבן איצט אויס אונדזערע ביינער און... וועלן זיי שיקן אַהיים...

— איך הער... — האָט טאַם געענטפערט און עס קלאַפּט מיר פאַר פרייד אַ ביין אין אַ ביין...

עס האָט זיך צו זיי דערטראָגן דער קלאַנג פון אַ געעפנטן פלעשל, אַ גאָרגל פון זיך גיסנדיקן שנאַפּס אין צווי העלדזער, דערנאָך אַ פאַרגעניגנס־קרעכץ און באַלד האָבן צווי לאָפּעטעס זיך ווידער גענומען איינגראָבן אין דער ערד.

מיט אַ צען מינוטן שפּעטער זיינען שוין בײדע קברים געווען אָפן און סיי איב, אַזוי אויך טאַם — האָבן דערפילט דעם ברי פון די זון־שטראַלן און די שטיקעניש פון דער פרישער לופט.

— גיב נאָר אַ קוק, — האָט דער ערשטער אַנגעוויזן, — ביידע סקעלעטן ליגן, כמעט, ווי איינער אויפן צווייטן... און די טרונעס זייבען שוין אויך איינגעגאַנגען צעפוילט...

— איך זע, — האָט דער צווייטער צוגעגעבן, — מען וועט דאַרפן זיין אַ ביסל פאָרזיכטיק ביים צעטיילן זיי... די הויפּט־זאַך איז אַרויסצוקריגן די שאַרבנס און ברוסט־קאַסטנס גאַנצערהייט.

צוויי לאָפּעטעס האָבן זיך אײנצייטיק איינגעגראָבן אין דער ערד און ס׳האָבן זיך גלייך דערהערט טרוקענע קלאַנגען פון ביינער, אַריינגעוואָרפענע אין צוויי הילצערנע טרונעס.

— און ווי וועלן מיר זיך נוהג זיין מיט די איבעריקע, צוזאַמענגעמישטע ביינער? — האָט דער ערשטער געוואָלט וויסן.

— מיר׳ן זיי צעטיילן, מער אָדער ווייניקער, אויף גלייך און אַריינוואַרפן אין די קאַסטנס, — האָט דער צווייטער באַשלאָסן.

— גוט, לאָמיר עס שנעלער פאַרענדיקן. דער מאָדנער ריח מאַכט מיך

קראַנק! — האָט דער ערשטער גענומען צוויילן.

— נעם נאָך אַ טרונק, — האָט דער צווייטער אים אַן עצה געגעבן און איינקוקנדיק זיך אין די פאַרגעלטע ביינער, וועלכע זיינען שוין געלעגן איןביידע טרונעס, האָט ער זיך דערמאָנט: דו ווייסט, ווען מיר, אַ גרופּע פון אַרום צוואַנציק האָבן נאָך, פאַר דער מלחמה, זיך פּאַרטיק געמאַכט אַלס מעדיקס, האָט אונדזער דאָקטער, קאַפּיטאַן פעלדמאַן, געוואָלט ניט אַנדערש, אַז מיר זאָלן געדענקען די נעמען פון די וויכטיקסטע פון די צוויי הונדערט ביינער פון וועלכע דער מענטשלעכער סקעלעט באַשטייט... איך האָב גע־דענקט אַ היפּשע צאָל פון זיי, — ער האָט זיך איינגעקוקט אַ ווײַלע אין די ביינער: — דו זעסט? אָט דער פוס־ביין איז דער גרעסטער אין קערפּער און מען רופט אים דער „פימור"־ביין און אָט דער צווייטער הייסט... — ער האָט זיך באַמיט צו דערמאָנען דעם צווייטנס נאָמען און ניט געקענט, — אַ, צום טיוול... פאַרגעסן...

דער ערשטער האָט געוואָלט עפּעס ענטפערן, אָבער אַ קוק טוענדיק אויפן האַנט־זייגערל, האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— גאָט פאַרדאַמטער! ס'איז שוין נאָך צוועלף און מיר מוזן נאָך היינט באַזוכן צוויי אַנדערע בית־עולמס און אויסגראָבן פינף אַנדערע!

ער האָט אויף שנעל צוגעדעקט די טרונעס מיט זייערע דעקלעך, אַריינ־געיאָגט אין זיי עטלעכע טשוועקלעך און באַלד זיינען שוין ביידע טרונעס געשטאַנען אין לאַסט־וואָגן.

פאַרשיטן די גריבער האָט אויך ניט גענומען לאַנג, אָבער ווען דער צווייטער סאָלדאַט, דער קאַרפּאָראַל, איז צוגעגאַנגען צום הינטערשטן טייל פון וואָגן און געוואָלט פאַרהאַקן די צוויי טירלעך, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז זיי האָבן ניט פאַרצייכנט אויף די טרונעס וועמענס ביינער זיי האָבן עס אין וועלכער טרונע אַריינגעלייגט.

ער האָט זיך אויסגעדרייט צום חבר:

— קענסטו מיר אפשר זאָגן וועמענס ביינער עס ליגן אין וועלכן קאַסטן?

יענער איז אויך צוגעגאַנגען צום וואָגן, באַטראַכט די טרונעס, צוריק געקוקט צו די פאַרשאָטענע קברים, געפּרוווט אויפשטעלן אין זכרון וואו עס איז געשטאַנען דער צלם און וואו דער מגן־דוד, געפּרוווט אפילו דורכ־מאַכן, הויבנדיק זיינע ביידע הענט, דעם פּראָצעס פון טראָגן די טרונעס צום לאַסט־וואָגן און צום סוף אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען:

— ווער, צום שוואַרצן יאָר, קען עס געדענקען?! דאַכט זיך, אַז אייב איז געווען פון דער רעכטער זייט און... טאָם פון דער לינקער... יאָ, אַזוי דאַכט זיך... אָבער... אָבער זיכער בין איך ניט.

ביידע האָבן געקוקט אַ ווײַלע איינער אויפן צווייטן, דערנאָך האָט דער

קאַרפּאַראַל אַרויסגענומען פון זיין קעשענע די צוויי בלעכלעך מיט די נע־מען, וועלכע ער האָט פריער געהאַט אַראָפּגענומען פון די צוויי מצבות און אַנטשלאָסן זיי צוגעקלאַפּט צו די צוויי טרונעס.

— ריכטיק! — האָט דער ערשטער, איינשטימיק, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און עטוואָס שטילער באַמערקט: — וואָס, צום טייוול, איז דער אונ־טערשייד?... ס׳איז סיי ווי אַלץ איינס...

די פאַרבינדונג צווישן בײדע פריינט, וועלכע האָט זיך אין צייט פונעם עפּענען פון זייערע קברים איבערגעריסן האָט זיך איצט, ווען זייערע טרו־נעס זיינען געשטאַנען זייט ביי זייט, ווידער איינגעשטעלט. און טרייסלענדיק זיך פונעם שנעלן פאָרן, האָבן זיי ווידער פאַרפירט צווישן זיך אַ געשפּרעך:

— זעסט, טאַם, מיר זיינען ניט געווען גערעכט, — האָט אייב מיט אַ זיפץ אָנגעהויבן צו רעדן דער ערשטער, — די אייגענע האָבן אונדז פאָרט ניט פאַרגעסן.

— עס זעט אויס אַזוי, — האָט טאַם באַשטעטיקט, — אַנדערש וואָלטן זיי דאָך ניט געפאָדערט פון דער רעגירונג אונדז אַהיים צו ברענגען.

— ריכטיק... איך דענק, אַז אין דער היים וועט זיין פיל איינגענעמענער צו רוען ווי דאָ... אין פראַנקרייך.

— איך דענק אויך אַזוי... זאָג מיר, אייב, ווי אַזוי האָסטו געפילט, ליגנדיק אונטער די זון־שטראַלן? — האָט טאַם געוואָלט וויסן.

— איינגאַנצן ווי אַ נאַקעטער, — האָט אייב געענטפערט, — כ׳פלעג אַזוי פילן אַמאָל, ליגנדיק אין באָד־קאָסטיום אויפן זאַמד, ביים ים, ביי אונדז אין „קוני־איילענד״.

דאָ האָט זיך פלוצלונג פון קעגנזייטיקן, רעכטן ווינקל פון אייבס טרונע, דערטראָגן אַן אומצופרידן קול:

— הער, אייב... איך בין ניט אויף מיין ריכטיקן אָרט... אפשר קענסטו נאָך עפּעס טאָן וועגן דעם?

— ווער רעדט עס?! — האָט זיך אייב געחידושט.

— דאָס רעד איך, „פּימור״, דער גרעסטער ביין פון פוס. און איך רעד ניט נאָר אין מיין אייגענעם נאָמען, נאָר אויך אין די נעמען פון אַלע ביינער פון מיין גאַנצן פוס!

— און וואָס ווילסטו, „פּימור״?

— איך באַלאַנג צו טאַם קוירקענדס קערפּער. איך בין אויסגעוואָקסן מיט אים צוזאַמען, דעם גאַנצן לעבן זיינעם אים אַרומגעטראָגן... אים אויך אַהער, אויפן שלאַכטפעלד, געבראַכט און איך בין ביז אַצינד מיט אים צוזאַמען אויך דאָ, אין איין קבר געלעגן... איך וויל אויך איצט, צוזאַמען מיט אים,

קומען אין אונדזער שטעטל קאַלוואַרי, קענטאַקי... אויפן אייגענעם בית־עולם רוען.

— הער, טאָם! — האָט אייב, דערשראָקן, אַויסגערופן, — דיין „פּימור"־ביין, מיט אַלע ביינער פון דיין רעכטן פוס זיינען אין מיין קאַסטן און... זיי ווילן צוריק צו דיר!

— כ׳ווייס שוין וועגן דעם, — האָט טאָם, מיט אַן איינגעהאַלטענעם כעס, געענטפערט, — דיין „פּימור", צוזאַמען מיט אַלע ביינער פון דיין לינקן פוס האָבן מיר שוין אויך געלאָזט וויסן, אַז זיי ווילן צוריק צו דיר... ווילן ניט באַערדיקט ווערן אין פרעמדן שטאַט קענטאַקי, נאָר אין זייער אייגענעם ניו־יאָרק.

— ווי מאָדנע דאָס איז! — האָט אייב אָפּגעזיפצט, — האָב איך, הייסט עס, איצט צוויי רעכטע פיס און דו, טאָם — צוויי לינקע... אַ גליק וואָס מיר דאַרפן קיין שיך זיך מער ניט קויפן... קענסטו אפשר עפּעס אַן עצה געבן, וואָס צו טאָן?

— ניין. אַזוי וועט עס שוין מוזן בלייבן אויף שטענדיק, — האָט טאָם אָפּגעענטפערט און נאָך אַ קליינער פּאַוזע, צוגעגעבן: — דאָס איז אָבער אַ קלייניקייט אַנטקעגן דעם גרויסן אומגליק, וועלכער האָט דאָ נאָר וואָס אונדז ביידן געטראָפן.

— דו שרעקסט מיך, טאָם... וואָס איז געשען?!

— אַך, גאָט מיינער! — האָט טאָם מיטאַמאָל, אין פאַרצווייפלונג, אויס־געשריגן, — ווען איך וואָלט נאָר געקענט איצט בלויז אויף פינף מינוט, אָדער אפילו בלויז אויף דריי מינוט, ווערן דער פריערדיקער טאָם, מיט מיין פרי־ערדיקן כוח...

— וואָס־זשע וואָלסטו דאַן געטאָן? — האָט אייב נאָך אַלץ ניט פאַר־שטאַנענ[ן] וועגן וואָס עס האַנדלט זיך דאָ.

— איך וואָלט מיט איין קלאַפּ פון מיין פוס אַרויסגעהאַקט דאָס דעקל פון אָט־דעם, גאָט־פאַרדאַמטן, קאַסטן און כ׳וואָלט, פון אונטן אַרומעט, אָנגע־כאַפּט און דערשטיקט אָט די צוויי ראַצן, וואָס זיצן אָט דאָ, ניט ווייט, נעבן רעדל פונעם לאַסט־וואָגן.

— אין גאָטעס ווילן, טאָם, — האָט אייב שוין גענומען ציטערן פון שרעק, — זאָג מיר, וואָס האָט פּאַסירט?

— אָט די צוויי אידיאָטן האָבן פאַרביטן די נעמען אויף אונדזערע קאַסטנס! — האָט טאָם קורץ אָפּגעהאַקט.

— דו ווילסט זאָגן, — האָט אייב, שוין מיט אַ ציטערנדיק קול, וויי[ט]ער געפרעגט, — אַז מיך וועט מען אַפּשיקן קיין קענטאַקי און דיך קיין ניו־יאָרק?

— אַזוי זעט עס אויס! — האָט טאָם געענטפערט מיט אַ געפאַלענעם קול.

און איבּ האָט, קוים הערנדיק, איבּערגעחזרט נאָך אים :

— יאָ, אַזוי זעט עס אויס... און... טאָן עפּעס קעגן דעם... העלפן זיך — קאָן קיינער ניט... קיינער ניט... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַזוי איז עס געשען. מיט אַ חודש שפּעטער איז אַ שיף, אַן איבּערגעלאָדענע מיט טרונעס, אָנגעקומען אין ניו־יאָרקער האַפן, מיט אַ שוואַרצע טרויער־פאָן איבּערן קאַפּיטאַנס קאַבּינע. און משפּחות און טויזנטער פרעמדע פון די געפאַלענע האָבּן באַלאַגערט די אַרומיקע גאַס און וויינענדיק צוגעקוקט, ווי די טרונעס, איינגעהילטע אין אַמעריקאַנער פאָנען, ווערן אַראָפּגעטראָגן פון שיף און ווערן שפּעטער אָפּגעשיקט אין קברות אַפּיסעס, מיט וועלכע די פאַמיליעס פון די געפאַלענע האָבּן נאָך פריער געמאַכט אַלע נויטיקע פאָרבאַרייטונגען.

אָנגעקומען איז די שיף אין אַ מאָנטיק, און כדי צו האָבּן גענוג צייט צוצוגרייטן די פּאַסיקע לויות, ווי אויך געבּן אַלע פרעמדע אַ מעגלעכקייט צו קומען, האָבּן כמעט, ווי אַלע משפּחות אָפּגעלייגט די לויות אויפן ערשטן זונטיק.

און ווען דער באַן, וועלכער האָט געבּראַכט די טרונע מיטן נאָמען „טאָם קוירקענד", איז אָנגעקומען אויף דער באַן־סטאַנציע פונעם שטעטל קאַלוואַרי, דאָנערשטיק אָוונט, האָט אויך טאָמס משפּחה, איינשטימיק, צוליב די זעלבּע סיבות וואָס די ניו־יאָרקער משפּחות, אויך באַשלאָסן אָפּצולייגן די לויה אויף זונטיק.

און דער טאָג אין יענעם זונטיק איז אויסגעפאַלן אַ ליכטיקער, אַ זוניקער און אין צוויי באַזונדערע, ווייט־אָפּגעטיילטע טיילן פון לאַנד, זיינען, אויסער די משפּחות, אויך הונדערטער פרעמדע און באַקאַנטע געקומען באַגלייטן די צוויי געפאַלענע העלדן : איבּ גאָלדבערגן אין אַ קריסטלעכער קירך אין שטעטל קאַלוואַרי, אין קענטאָקי, און טאָם קוירקענדן — אין אַ יידישן קברות־זאַל, אין די בראָנקס, ניו־יאָרק.

און פאַרלאָרענע זיינען די ביינער פון ביידע מתים געלעגן אין זייערע טרונעס, איינגעהילטע אין אַמעריקאַנער פאָנען און איינגעטונקענע אין בלומען און ווען ניט די „פּימור" ביינער פון זייערע חברים וואָלטן זיי אינגאַנצן, אָדער טיילווייז, ניט פאַרשטאַנען וואָס אַרום זיי קומט פאָר.

איבּן איז געווען אַ סך גרינגער ווי טאָמען. אמת, ער האָט ניט געקענט קיין איינציקן פון די הונדערטער מענטשן, וועלכע זיינען פאַרבייגעגאַנגען זיין טרונע און וועלכע האָבּן שפּעטער, אין זייערע רעדעס, דערמאָנט אַ סך וועגן זיין פיינקייט און פיאיקייט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן פון קינדהייט אָן... ער האָט זיך אויך ניט געקענט דערמאָנען וועגן די העלדישקייטן, וואָס, ווי

ער האָט געהערט, אַז טאַם איז באַגאַנגען אויפֿן שלאַכטפֿעלד, אָבער ער האָט פֿאַרשטאַנען וועגן וואָס מען האָט גערעדט און זיך באמת געפֿרייט, ווען דער גלח האָט, אויף זיכער, צוגעזאָגט טאַמען אַ ווייכן שטול אין גן־עדן...

און ווען צוועלף געוועזענע סאָלדאַטן, אין זייערע מיליטערישע אוני־פֿאָרמען, האָבן אים אָפּגעגעבן מיליטערישן כבוד און איינער פֿון זיי, אַן אָפֿי־צער, אין ראַנג פֿון אַ קאַפּיטאַן, האָט איבערגעלייענט דעם לויב־בריוו, וואָס טאַמס עלטערן האָבן דערהאַלטן פֿונעם קאָמאַנדיר פֿון זיין אָפּטיילונג, האָט זיך איבס האַרץ אָנגעפֿילט מיט פֿרייד, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט בשום אופֿן ניט געקענט זיך דערמאָנען, אַז טאַם זאָל געווען, ווען עס איז ניט איז, באַגיין אַזעלכע אַקטן פֿון העלדישקייט.

נאָך דעם פֿאָרלייענען פֿונעם בריוו, איז אַ מאַן צוגעקומען, ליך טיף צוגעבויגן צו זיין טרונע און וויינענדיק, אים שטיל איינגערוימט אַ סוד:

— טייערער, איינציקער ברודער מיינער, טאַם... זיי אויך וויסן, אַז דער טאַטע לעבט און איז געזונט ווי צען אָקסן און, ווי ס׳ווייזט אויס, וועל איך שוין קיין שענק, מיט קיין מאָדערנעם טאַנץ־זאַל אַזוי גיך ניט קענען עפֿענען... אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד, ברודער, וואָס דו ביסט אַהיים ניט גע־קומען... וואָלסט מיר שטאַרק געקענט אַרויסהעלפֿן...

און דער „פּימור״־בייך האָט אים די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין אונ־טערזאָגן:

— דאָס איז טאַמס ברודער רעימאָנד... און דאָס ווייַנט אַזוי טאַמס פֿאָטער... בוירט איז זיין נאָמען... און דאָס איז דער מוטערס אויסגע־שריי... זי חלשט... מען פֿירט זי אַרויס...

און ווען נאָך רעימאָנדן, איז צום אָרון צוגעקומען אַ יונגע פֿרוי און זיך ביטער צעוויינט, האָט שוין איב, אָן דער הילף פֿונעם „פּימור״, פֿאַרשטאַ־נען, אַז דאָס דאַרף זיין מערי, טאַמס כּלה, אָדער ריכטיקער — זיין פֿרוי. און ער האָט זיך דערמאָנט וועגן טאַמס באַשרייבונג פֿון דער לבנה־נאַכט אין האָבער־פֿעלד, ווען זי האָט זיך אים איבערגעגעבן, אונטערן אַלטן עפּל־בוים... און ער האָט זיך אויך דערמאָנט וועגן זיין אייגענער מרים... און אַ בענקשאַפֿט האָט אים אַרומגעכאַפּט און ער וואָלט זיך געוועזן צעוויינט, ווען ער וואָלט נאָר געקענט... און מערי האָט, שלוכצנדיק, אים דערציילט, אַז זי האָט אַ לאַנגע צייט געוואַרט אויף אים, זייער שטאַרק געבענקט און שיער ניט געשטאָרבן פֿון ווייטיק, ווען ס׳איז אָנגעקומען די נאַכריכט, אַז ער איז געפֿאַלן אין שלאַכט... איצט איז זי שוין פֿאַרהייראַט... טאַקע פֿאַר זיינעם אַן אַלטן חבר, פֿאַר דזשאָו בוירנסן... זי וועט שוין אינגיכן האָבן דאָס צווייטע קינד, אָבער אים, טאַמען, וועט זי קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן... קיינמאָל ניט...

דערנאָך האָט מען דעם אָרון, אונטער די טרויעריקע טענער פֿון אַ מי־

ליטערישן אָרקעסטער, געפּירט איבער דער הויפּט־גאַס צום בית־עולם און לויט דעם טומל און דער צאָל טריט זיינען, ווייזט אויס, נאָכן אָרון נאָכגע־גאַנגען טויזנטער מענטשן.

אויפן בית־עולם זיינען אַרויסגעטראָטן אַ צאָל נייע רעדנער, מיט פרישע בלומען קראַנצן, מיט נייע לויב־געזאַנגען.

און צום סוף, ווען מען האָט שוין געגומען פאַרשיטן דעם קבר, און אין דער לופט האָבן זיך צעטראָגן די טרויעריקע, ליטערע, טרומייטן־קלאַנגען, וועלכע האָבן ציטערנדיק אויסגעשפּילט דעם מיליטערישן געזעגענונגס־„טעפּ״ — האָט זיך אייבן ווידער פאַרוואַלט ווייגען.

און צוהערנדיק זיך צום טומפּן געקלאַפּ און געדויש פון די פלאַכטעס ערד און שטיינער, וואָס האָבן גענומען פאַלן אויף זיין אָרון, האָט ער גע־נומען טראַכטן וועגן טאַמס, קיינמאָל ניט־געזעענע, עלטערן, און וועגן זיינע אייגענע טאַטע־מאַמע; וועגן זיין מרימען און טאַמס מערין און זיין הארץ איז פול געוואָרן מיט דאַנקבאַרקייט צו אַט־די אַלע פרעמדע, אייגן־געוואָרענע מענטשן, וועלכע האָבן אים אַט דאָ נאָר־וואָס אַזוי שטאַרק געלויבט, אים אָפּגעגעבן אַזוי פיל כבוד.

און ווען דער עולם איז זיך שוין צעגאַנגען און אַלץ אַרום איז איינ־געזונקען געוואָרן אין דער געוויינלעכער בית־עולם שטילקייט, האָט טאַמס „פּימור״־בייך, וועלכער איז, מיטן הויבן און אַרונטערלאָזן פון אָרון, צו־געדרוקט געוואָרן צו אייבס סאַמע ברוט־קאַסטן, מיט אַ טיפן זיפץ, שטיל אַ זאָג געטאָן:

— אַ שאָד, אייב, אַ גרויסער שאָד, וואָס טאַם איז דאָ ניטאָ...

און אייב האָט, שוין איינדרימלענדיק, שטיל געענטפערט:

— יאָ, אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד, אָבער אַזוי איז עס געשען און העלפן האָט מען זיך ניט געקענט... אָבער איך פיל איצט, אַז ס׳איז ניט אַזוי וויכ־טיק, ווי ס׳האָט זיך אונדז פריער געדאַכט. גוטע מענטשן זיינען פאַראַן או־מעטום און איך צווייפל ניט, אַז מען האָט מיין טייערסטן פריינט, טאָמען, פונקט אַזוי גוט באַהאַנדלט אין מיין ווייטער שטאָט ניו־יאָרק, ווי איר האָט מיך באַהאַנדלט דאָ, ביי אייך, אין טייערן שטעטל קאַלוואַרי, אין קענטאָקי... דערצו פיל איך אַצינד, אַז וואו מען זאָל ניט ליגן — איז אַלץ איינס... ווייל די גוטע, קלוגע מוטער־ערד האָט איינגעשטעלט דעם גאַנג פון אונדזער לעבן מיט דער טיפסטער חכמה און מאַכט קיין אונטערשיד ניט צווישן אַלע אירע באַשעפענישן און באַהאַנדלט אַלץ און אַלעמען מיט דער זעלבער מאָס אויפ־מערקזאַמקייט און ליבשאַפט... אַזוי איז עס ביז איצט געווען און אַזוי דאַרף עס און וועט אויך אויף ווייטער זיין... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף טאַמס לוויה, אין ניו־יאָרק, איז אויך פאָרגעקומען דעם זעלבן זונטיק

און כמעט ווי אין דער זעלבער צייט ווי אייבס אין קאַלוואַרי. איין העלפט פון זיין אָרון איז געווען באַדעקט מיט אַ שוואַרצן טוך, פון וועלכן ס'האָט אַראָפּגעשיינט אַ זילבערנער מגן־דוד, די צווייטע העלפט איז געווען איינגעהילט אין אַן אַמעריקאַנער פאָן. אַ גרויסער עולם האָט איבערגעפילט דעם קברות־זאַל און די בלייכע, מיט טיפן ווייטיק פאַרצויגענע פנימער, האָבן אויסגעזען נאָך פיינלעכער אונטערן מורה־שחורהדיקן עפעקט פון די פאַרבאַרגענע, שוואַך־באַלויכטענע, געלבלעכע לעמפלעך.

טאם האָט, פאַרשטענדלעך, ניט געקענט קיין יידיש און אין דער צייט פון יידישע רעדעס געמוזט איינגעצן אָנקומען צו דער הילף פון אייבס „פּימור"־ביין. און ס'האָט אים שטאַרק געפרייט, ווען לויט דעם „פּימורס" באַשרייבונג האָבן אַכט יידישע סאָלדאַטן, אין זייערע מיליטערישע אוניפאָרמען, אונטער דער פירערשאַפט פון אַן ערשטן לייטענאַנט, האָבן אים אָפּגעגעבן דעם זעלבן מיליטערישן כבוד, וואָס אייב האָט געקראָגן אין קענטאָקי. אמת, עס האָט אים שטאַרק געוואונדערט צו הערן די רייד פון אַ פּאָר ענגלישע רעדנער, וועלכע האָבן אונטערגעשטראָכן אייבס גוואַלדיקע העלדישקייט, וועגן וועלכער ער, טאָם, האָט בשום אופן זיך ניט געקענט דערמאָנען, אָבער ער האָט גלייך בײַ זיך באַשלאָסן, אַז אַלץ איז כמעט ווי ריכטיק; ווייל ס'איז גאַנץ מעגלעך, אַז ווען מען וואָלט זיי בײַדן ניט געווען געהרגעט אַזוי שנעל, וואָלט ער, אייב, טאַקע אין אַן אמתן געווען באַגאַנגען אַט־די זעלבע און אפשר נאָך גרעסערע העלדישקייטן.

דער זעלבער גוטער בריוו פונעם קאָמאַנדיר, געלייענט פונעם אָפּיצער, האָט טאמען אויך פאַרשאַפט אַ סך פאַרגעניגן, אָבער דעם חזנס פלאַטערנדיקער, גיכער אויסגעשריגענער ווי אויסגעזונגענער „אל מלא רחמים", האָט אויף טאמען אָנגעיאָגט אַ שרעק: ער האָט נאָך אַזוינס אין זיין לעבן ניט געהערט.

און אייבס „פּימור"־ביין האָט אים געדולדיק געגעבן צו פאַרשטיין:

— דאָס איז לשון קודש, טאָם... די הייליקע שפּראַך, אויף וועלכער יידן בעטן גאָט... און הער זיך צו: אָט איצט רעדט און וויינט אייבס טאַטע... ער רעדט אויף יידיש... יידיש איז גרינג צו פאַרשטיין... און אָט דאָס וויינט די מאַמע...

און טאם האָט זיך איינגעהערט אין די פרעמדע קלאַנגען און געענטפערט שטיל:

— אַ שאָד: ווען איך זאָל געווען פריער וויסן, אַז עס וועט זיך אַזוי אויסלאָזן, וואָלט איך געווען, נאָך אין דער היים, זיך צוגעלערנט אַביסל יידיש... געווען בײַ אונדז אין שטעטל אַ צאָל יידישע קרעמער און אפילו אַ יידישער דאָקטער... זיי וואָלטן מיר זיכער געווען צוגעלערנט אַביסל... אַ שאָד...

און ווען אַ יונגע פרוי האָט זיך ביטער צעוויינט איבער זיין אָרון, האָט ער שוין, אָן דער הילף פון אייבס ביין, זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס מוז זיין מרים. און זי האָט אים דערציילט, ווי שטאַרק זי האָט געבענקט נאָך אים, טעג און נעכט געוואַרט און געטרוימט וועגן זייער צוקונפטיקן גליק.

און ווען דער טרומייט האָט אָנגעפילט די לופט מיט זיינע מעלאָדישע, פולע מיט טרויער, קלאַנגען, אויסשפּילנדיק דעם מיליטערישן געזעגענונגס־„טעפּ", האָט טאם געפילט, אַז ער ווערט ממש צעריסן פונעם וואונזיניק שטאַרקן פאַרלאַנג צושרייען און וויינען גלייך מיט אַלעמען און דאַנקען אַט־די אַלע גוטע מענטשן פאַרן כבוד און גרויסער ליבשאַפט, וואָס זיי האָבן אים און אייבן פאַרשאַפט.

די ניו־יאָרקער בית־עולמס געפינען זיך זייער ווייט פון שטאָט, האָט מען, פאַרשטענדלעך, ניט געקענט פירן טאמס טויטן וואָגן, פּונקט ווי אייבס, טראָט ביי טראָט, איבער די גאַסן, אין באַגלייטונג פון פריינט און משפחה. אין ניו־יאָרק האָבן אַרום צען, צוועלף גרויסע, שוואַרץ־פינקלענדיקע אויטאָמאָבילן, איבערגעפּאַקטע מיט משפחה און פריינט, זיך אַ יאָג געטאָן איבער די הונדערטער רוישיקע גאַסן, זיך אַלע ווילע געמוזט אָפּשטעלן פאַר די רויטע גאַסן־פאַרקער סיגנאַלן און זיך באַלד טראָגן ווייטער.

און טרייסלענדיק זיך אין זיין טרונע, האָט זיך טאם דערמאָנט, ווי ער האָט עס ניט איין מאָל פּלאַנירט מיט אייבן, אַז פאָרנדיק אַהיים נאָך דער מלחמה, וועט ער, טאם, פאַרברענגען אַמווייניקסטן אַ דריי־פיר וואָכן אין אייביס הויז און יענער וועט אים אַרומפירן און אים ווייזן אַלע ניו־יאָרקער חידושים, וועגן וועלכע ער האָט זיך אַזוי פיל אָנגעהערט אויף זיין קענטאָקער פאַרם.

— ניט באַשערט געווען, — האָט טאם טרויעריק געטראַכט, — אַ סימן — אַט בין איך אין ניו־יאָרק, ליג אָבער פאַרשפּאַרט אין אַ טרונע און קען קיין זאַך ניט זען... נייך, אפילו ניט דעם שפּיץ פון דער צוגעזאָגטער „עמ־פּייער סטעיט"־געביידע... אפילו ניט קיין שטיינדל אין גאַס...

אויפן בית־עולם האָט מען ווידער געהאַלטן, אמת, שוין פיל קירצערע רעדעס און טאם האָט צווישן אַ צאָל וויינענדיקע פרויען שטימעס, דער־קענט אויך מרימס קול. און דאָס האָט אים דערמאָנט וועגן זיין מעריין. און אַ געדאַנק האָט אויפגעבליצט, אַז אויך מערי האָט, מן־הסתם, דאָרטן, אין זיין היימישן שטעטל קאַלוואַרי, פּונקט ווי מרים דאָ, אין ניו־יאָרק, שוין אויך חתונה געהאַט, האָט שוין אפשר אויך אַ קינד אָדער צוויי און וויינט, מעגלעך, אַט איצט דאָרטן, איבער אייבס אָרון...

און ווען מען האָט זיין טרונע שוין געהאַט אַראָפּגעלאָזט אין קבר און שטיקער ערד און שטיינער האָבן מיט טומפּע קלאַנגען, ווי איילנדיק זיך, גע־נומען פאַלן אויפן דעק פון זיין טרונע און דער פרויען־געוויין אַרום איז

געוואָרן היסטערישער, האָט ער זיך פלוצלונג דערמאָנט וועגן זיין אייגע־נער מוטער, וועגן זיין שטילער, שטענדיק געהאָרכזאַמער מאַמען... באַר־באַראַ האָט זי, דאַכט זיך, געהייסן... ער האָט אָנגעשטרענגט דעם זכרון — יאָ, באַרבאַראַ איז, אויף זיכער, געווען איר נאָמען... ער האָט זיך דער־מאָנט, ווי שווער זי האָט איר גאַנצן לעבן געאַרבעט און האָט קיינמאָל פון קיינעם קיין איינציקן גוטן וואָרט ניט געהערט, שוין אָפגערעדט פון אַ לאַסקע, אָדער אַ קוש... און אָט איצט איז זי מיטאַמאָל געוואָרן פאַר אים די טייערסטע אין דער וועלט און אין זיין אָנגעשטרענגטן געהיר האָט פלוצ־לונג אָפגעקלונגען איר שטימע: — טאָמי, זונעלע מיין טייערער! זיי כאָטש דו אַביסל גוט צו דיין מאַמען... צוויי מאָל אין גאַנצן לעבן האָט ער אָט־די פאָר ווערטער געהערט פון איר און ביידע מאָל איז קיינער, אַחוץ זיי אַליין, אין הויז ניט געווען און ביידע מאָל האָבן טרערן געקלונגען אין איר יעדן וואָרט...

און עס האָט אים איצט אַזוי שמערצלעך באַנג געטאָן פאַר אָט יענער איינזאַמער, פאַרמוטשעטער באַרבאַראַ... זיין אייגענער מוטער... און ער וואָלט, דאַכט זיך, אַלץ אין לעבן אַוועקגעגעבן אַבי איר צו זאָגן אַ גוט וואָרט, צו געבן אַ גלעט, אָבער... ער איז שוין מער קיין שותף צום לעבן ניט געווען און קיין זאַך מער ניט פאַרמאָגט...

און ווען אויפן בית־עולם איז שוין איינגאַנצן שטיל געוואָרן, האָט זיך אין דער שטילקייט דערהערט, צוערשט, אַ טיפער זיפץ, דערנאָך אַ שטיל קול פון אייבס „פימור"־ביין:

— אַ שאָד, טאָמי, אַ גרויסער שאָד, וואָס אייב איז דאָ ניט געווען, וואָס ער האָט די אַלע שיינע רייד און געווייִנען ניט געהערט, וואָס ער ליגט באַ־ערדיקט, אָפגעריסן פון אַלע זיינע פריינט און פון זיין משפּחה אין אַזאַ וייטן, פאַר אים אַזאַ פרעמדן שטאַט ווי קענטאָקי!

און טאָם האָט, שוין איינדרימלענדיק, אים שטיל געענטפערט:

— אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד, אָבער עס מאַכט ניט אויס. גוטע מענטשן זיינען אומעטום פאַראַן און איך בין זיכער, אַז מען האָט אייבן דאָרטן, אין מיין היימישן, טייערן שטעטל קאַלוואַרי, אין וויטן שטאַט קענטאָקי, באַ־האַנדלט פּונקט אַזוי גוט, ווי מען האָט מיך באַהאַנדלט אין דעם גרויסן, זיכער, זייער שיינעם ניו־יאָרק... און איך האָב איצט דעם געפיל, אַז וואו מען זאָל ניט ליגן — איז אַלץ איינס. די גוטע, קלוגע מוטער ערד האָט איינגעשטעלט דעם גאַנג פון אונדזער לעבן מיט דער טיפסטער חכמה און מאַכט קיין אונטערשייד צווישן אַלע אירע באַשעפענישן און באַהאַנדלט אַלץ און אַלעמען מיט דער זעלבער מאָס אויפמערקזאַמקייט און ליבשאַפט... גלויב מיר — אַזוי איז עס און קען און דאַרף אַנדערש ניט זיין...

מײַ, 1957.

# דאָס שוואַנען ליד

(געווידמעט אונדזערע כאָרן)

אין גרויסן, העל־באַלויכטענעם זאַל פונעם יידישן פאָלקס־כאָר האָט זיך היפּשלעך געטומלט. די ווייזערס פונעם וואַנט־זייגער האָבן געוויזן פונקט 7. די פּראָבע איז גערופן געוואָרן אויף 8:30, אָבער די גרעסטע מערהייט זינגער, מענער און פרויען, איז שוין געווען אין לאָקאַל. די זינגער האָבן געוואוסט: בלויז צען וואָכן זיינען פאַרבליבן ביז צום יערלעכן קאָנצערט.

מען איז געשטאַנען גרופּעסווייז נעבן די גרויסע פענצטער, וועלכע האָבן אַרויסגעקוקט אויף דער טומלדיקער צווייטער עוועניו, געטרונקען טיי ביים היימישן בופעטל און הייס דיסקוטירט פאַרשיידענע פּאָליטישע, פּערזענלעכע אָדער כאָר־עניניםֿ. פאַר די מערסטע מיטגלידער איז דער לאָקאַל געווען אַ צווייטע היים, די זינגער — די נאָענטסטע פריינט, און די כאָר־פּראָבלעמען — פּונקט אַזוי טייער און אָפט נאָך וויכטיקער, ווי זייערע אייגענע. יעדער איינער האָט זיך געדאגהט וועגן דער שיינקייט און באַקוועמלעכקייט פונעם לאָקאַל, וועגן דעם דערפאָלג פון דער אָרגאַניזאַציע, וועגן גייסטיקן געזונט פונעם פאָלק, וועמענס מוזיקאַלישע נויטן דער כאָר האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו דינען.

און ניט נאָר דאָס: אין כאָר, אין געזאַנג, האָט זיך די גרעסטע מערהייט גייסטיק אויסגעלעבט, אַרויסגעזונגען צום פאָלק, צום לאַנד, צו דער גאַנצער וועלט, זייערע צאַרטסטע טרוימען, זייערע פריידן, האָפענונגען און ליידן. פונעם סאַמע גרינדונג פון כאָר איז איינגעפירט געוואָרן, אַז ניט נאָר יעדע אָראַטאָריע, נאָר אפילו דאָס קלענסטע ליד, וואָס דער דיריגענט פלעגט ברענגען, האָט פריער געמוזט פון אים אַליין, ניט נאָר אויסגעשפּילט און אויסגעטייטשט ווערן, נאָר אויך דורכגיין אַ גרינטלעכע דיסקוסיע וועגן סאָציאַלן אינהאַלט פון דער געבראַכטער זאַך. און דערפאַר איז טאַקע יעדע אָנגענומענע קאָמפּאָזיציע און ליד געווען זייער אייגנס, האָט אויסגעדריקט זייער גלויבן, זייערע האָפענונגען, און סיי דער ניגון גופא, אַזוי אויך די ווערטער זיינען געפאַלן אויף זייערע נשמות, אַזעלכע מידע פון שווערן לעבן, פון טאָג־טעגלעכן שאַפּ, ווי אַן אָפּפרישנדיקער רעגן אויף טרוקענע פעלדער.

זינגענדיק, פלעגט פאַר אַ סך פון זיי ווידער אויפלויכטן זייער קינדהייט, יוגנט, ערשטע ליבע, אַמאָל אויך צעשטערטע טרוימען, שווערע לעבנס־טראַגעדיעס. אָבער דורך דעם אַלעמען האָט זיך, ווי אַ זילבערנע שנור, געצויגן

איין מעכטיקער רוף צו זיך אַליין, צו אַלעמען, איבערצובויען, פאַרשענערן דאָס לעבן אַזוי, אַז אָרעמקייט און עלנט זאָלן פאַרשווינדן, אַז ברידערלעכ־קייט, גליק און שיינקייט זאָלן באַהערשן די וועלט.

דער דיריגענט פון כאָר, חבר מייער שענגלאָף, איז היינט אויך געקומען פריער ווי געווײינלעך. ער האָט זיך געוואָלט דורכרעדן וועגן אַ נײַ ליד, וועלכעס ער האָט בדעה געהאַט פאָרצושלאָגן פאַרן קאָנצערט. איז ער איצט געזעסן ביי דער פּיאַנאָ מיט בעני סטיין, דעם פאַרוואַלטער פון כאָר, און פאַלין בוירמען, דער סעקרעטאַרין, און זיי האָבן עפּעס שטיל גערעדט צווישן זיך. מען האָט געוואַרט אויף דער פאָרזיצערין, סאָפי קאופמאַן, וועלכע האָט היינט, קעגן איר געוואוינהייט, אַביסל פאַרשפּעטיקט.

ביידע מענער, היפשלעך אַריבער די פערציקער, זיינען אין זייער אויס־זען געווען פונקט ווי צוויי פּאָליוסן: דער דיריגענט — פון מיטעלן וואוקס, מיט אַ לאַנגעכיקן, זייער סימפּאַטישן בלייכן פּנים, מיט אַ קאָפּ געדיכטע, שוואַרצע, שוין מיט אַ שנייאיקן צומיש האָר, מיט שוואַרצע אויגן, אונטער געדיכטע ברעמען און אַ שמייכל אַ ליבלעכן, אָבער אַן איינגעהאַלטענעם. זיינע קליידער זיינען שטענדיק געווען ציכטיק, אויסגעפּרעסט, דער קראַוואַט עלעגאַנט, און דאָס העמד האָט געפינקלט פון ווייסקייט. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער מוזיקער, שטאַרק ליב געהאַט זיינע פּשוטע אַרבעטער־זינ־גער און, ווי אַ געטרייע מוטער, געכאַוועט און אַנטוויקלט זייערע אָפּט־אויס־געצייכנטע, נאָר פאַרוואָרלאָזטע שטימעס, און אויך זייער ליבשאַפט צום יידישן ניגון, צום יידישן פאָלקס־ליד.

בעני איז געווען אַ הויכער, אַ ברייט־פּלייציקער, מיט כמעט ווי אַ נאַ־קעטן קאָפּ, אַ בלאָנדן גוטמוטיקן פּנים און אַ קלוגן פייערל אין זיינע ברוינע אויגן. ער האָט ניט נאָר ניט געהאַט קיין שטימע צום זינגען, נאָר האָט אפילו ניט געקענט נעמען קיין איינציקן ריכטיקן טאָן. ער איז געווען פון די ערשטע כאָר־מיטגלידער, און ביים פאַרשרייבן זיך האָט ער גלייך געמאָלדן:

— חברים, זייט וויסן, אַז ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס כ׳האָב, ווי מיין לעבן, ליב געזאַנג, זינג איך אַליין נאָך ערגער פון אַ פיש, אָבער אויף אַר־בעטן, כ׳מיין, אויף אָרגאַניזירן אַ זאַך, בין איך אַ מזיק. כ׳וועל אייך העלפן פירן די אָרגאַניזאַציע. איך האָב אַ ווייב מיט איין קינד און כ׳זאָג אייך צו, צו אַרבעטן פאַרן כאָר ניט ערגער ווי פאַר מיין פאַמיליע.

און ער האָט געהאַלטן וואָרט: איבערגענומען די באַלעבאַטישקייט אין זיינע הענט און אָוועקגעשטעלט די אָרגאַניזאַציע אויף אַ פעסטן באָדן. ער פלעגט אַראַנזשירן אַלע אונטערנעמונגען. יעדע זאַך אין לאָקאַל האָט גע־מוזט ביי אים פינקלען. יעדע זאַך — חוץ אים אַליין. קיינער האָט אויף אים ניט געקענט אַרויפצווינגען צו זיין אַביסל מער פאַרזיכטיק מיטן אָנ־

טאָן זיך. בלויז צו די קאָנצערטן פלעגט ער זיך אויספּוצן אין שענסטן און בעסטן, וואָס ער האָט פאַרמאָגט.

פאַלין און סאָפי, צוויי פון די טעטיקסטע מיטגלידער פון דער עקזע־קוטיווע, האָבן זיך אויך היפּשלעך אונטערשיידט איינע פון דער צווייטער. די ערשטע — פון מיטעלן וואוקס, מיט אַ ווייסן, מאַטאָוון פנים, בלויע אויגן און אַ פּרעכטיקן קאָפּ בלאָנדע האָר. זי האָט זיך מיט אַלעמען געהאַלטן אַביסל צוריקגעצויגן, אָבער געקומען איז עס ניט פון קיין גאווה, נאָר פון אַ מין שעמעוודיקייט און זי איז געווען דער פולסטער קעגנזאַץ צו דער שלאַנ־קער, שוואַרץ־חנ׳עוודיקער סאָפין, וועלכע פלעגט מיט אירע פעך־שוואַרצע לאָקן־גלעקלעך, מיטן קלאַנג פון אירע רייד און געלעכטער, מיטן ברען פון אירע אויגן, גלייך אָנפילן דעם לאָקאַל, ווי באַלד זי פלעגט אַריינקומען. זיי זיינען געווען די בעסטע פריינדינעס, און דעם טאָג, וואָס מען האָט ניט גע־זונגען, פלעגן זיי זיך טרעפן ביי איינער אָדער דער צווייטער אין הויז, אָדער אין רעסטאָראַן.

עס האָט שוין באַדאַרפט זיין אַרום אַכט אַזייגער, ווען די טיר פון זאַל האָט זיך האַסטיק אַ עפן געטאָן, און אין האַלב־פינצטערן שפּאַלט פונעם שוואַך־באַלויכטענעם פאָרצימער האָט זיך באַוויזן סאָפי. באַוויזן האָט זיך דעם מאָל צוערשט איר פּלייצע אין איר שטענדיקן, טונקל־געלן מאַנטל און איר רויטע העטקע איז געווען היפּשלעך פאַררוקט איבער דער פּאָטילניצע.

זי האָט, ווי איילנדיק זיך, אַריבערגעשטעלט דעם לינקן פוס איבערן שוועל, און אַזוי שטיין געבליבן, האַלב אין זאַל און האַלב אין טונקעלן קאָ־רידאָר. מען האָט געקענט זען, אַז זי רעדט צו עמיצן, וואָס שטייט פון דער צווייטער זייט טיר, רעדט הייס, באַוועגנדיק מיטן גאַנצן קערפּער. און באַלד האָט זי טאַקע, ביי דער האַנט, כמעט ווי מיט גוואַלד, אַריינגעשלעפּט אין זאַל אַ מיטליאַריקע פרוי, פון מיטעלן וואוקס, מיט אַ טונקעלן, היפּשלעך־צע־קנייטשטן פנים.

די פרוי האָט זיך דערשראָקן אַרומגעקוקט. לויט דער פּאָזיציע פון איר קערפּער און די בליקן, וואָס זי האָט געוואָרפן צו דער טיר, האָט מען געקענט זען, אַז זי איז צו יעדער רגע גרייט אַרויסצולויפן פון זאַל. אָבער סאָפי האָט זי שוין געהאַלטן פעסט אַרומגענומען און עפּעס הייס מיט איר איינגעטענהט.

אַ טייל פון עולם, ווי אויך די זיצנדיקע לעבן דער פּיאַנאָ, האָבן אויס־געדרייט די קעפּ און זיך גענומען איינהערן.

— עס זעט אויס, אַז אונדזער סאָפי האָט געבראַכט אַ נייעם קרבן, — האָט דער דיריגענט אַ שמייכל געטאָן.

— ס׳ווייזט אויס אַזוי, — האָט בעני צוגעשטימט, — אָבער ווי מיר

דאַכט זיך, כ׳מיין אַט אַזוי קוקנדיק אויף איר פונדערוויטנס, וועלן מיר זיין די קרבנות, ניט זי. כ׳האָב מורא, אַז זי האָט מיין שטימע.

— נישקשה, סאַפּי שלעפט ניט קיין מענטשן אין כאַר גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין, — האָט זיך פאַלין באַליידיקט פאַר דער חברטע, — אויב זי האָט זי נאָר געבראַכט אַהער און טענהט נאָך דערצו אַזוי איין מיט איר, מיינט עס, אַז אין דער פּרווי איז עפּעס פאַראַן, — און זי האָט זיך געלאָזט גיין צו סאַפּין.

— כ׳וועל שוין אויך מיטגיין, — האָט זיך בעני אַ הויב געטאָן פון בענקל, — אפשר וועט מען נאָך די פּרווי דאַרפן בינדן, וועל איך בעסער זיין אויפן אָרט, — און ער איז פאַרלאָפן פאַלינען דעם וועג.

פאַלין האָט ניט געענטפערט, באַהאַלטן דעם שמייכל און אַ טראַכט געטאָן: „אַ טייערער בחור״.

ביז זיי זיינען צוגעקומען צו דער טיר, האָט סאַפּי שוין געהאַט אַוועקגעזעצט דעם גאַסט אויף אַ דערבייאיקן שטול און מיט אַ צופרידענעם שמייכל איר עפּעס דערציילט, אָנווייזנדיק אויפן גאַנצן אָרום.

בעני האָט אַ צי געטאָן סאַפּין צו דער טיר און זי שטיל אַ פרעג געטאָן:

— ווי איך זע, סאַפּילע, אַרבעטסטו היינט צו אַביסל „אָווערטאַים״. אָבער... אַנטשולדיק: עפּעס זעט זי מיר, די קאַנדידאַטקע דיינע, לחלוטין, ניט אויס ווי קיין צוקונפטיקע זינגערין...

— ש־ש־ש! — האָט אים סאַפּי גלייך אָפּגעשטעלט, — וועסט באַלד אַליין חרטה האָבן אויף דיינע רייד! שטעל זיך ביי דער טיר און זע זי זאָל ניט אַנטלויפן! טו וואָס מען הייסט דיר! — און פאַלינען האָט זי אַרומגענומען און זי צוגעפירט צו דער פּרווי: — באַקענט זיך: דאָס איז פאַלין בורמאַן, אונדזער סעקרעטאַרין, און דאָס איז רבקה בעלסקי. מיר אַרבעטן אין דעם זעלבן שאַפּ. כ׳וויל זי אַריינבעמען אין אונדזער כאָר. — און ניט ענטפערנדיק אויף פאַלינס פרעגנדיק בליק, איז זי גלייך צוגעגאַנגען צום דיריגענט:

— חבר שענגלאָף, איר זעט אַט יענע פּרווי וואָס כ׳האָב מיט זיך געבראַכט?

— זיכער זע איך זי, — האָט ער אַ שמייכל געטאָן, — און כ׳טראַכט, צו וואָס איר האָט באַדאַרפט אָנווענדן אַזוי פיל ענערגיע זי אַריינצושלעפן אַהער?

— איך בין זיכער, אַז איר וועט נאָך היינט בייטן אייער מיינונג.

— וואָס מיינט איר?

— אַט דאָס וואָס איר הערט. שוין צוויי חדשים ווי זי ציט מיך אָפּ, וויל אַלץ ניט קומען מיט מיר אַהער.

— כ׳וואָלט זיך פיל מער געפרייט, ווען זי איז אַמווייניקסטן מיט אַ צוואַנציק יאָר יינגער, — האָט דער דיריגענט געפּרוווט אַ שפּאַס טאָן.

— נישקשה, כ׳פאַרזיכער אייך, אַז זי קען פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון אַ האַלבן טוץ צוואַנציק־יאַריקע.

חבר שענגלאַף האָט זיך צעלאַכט:

— עס ווערט שוין ערנסט. וואָס פאַרא שטימע האָט זי?

— דאָס וועט איר אַליין דאַרפן אויסגעפינען, אויב איך וועט נאָר גע־לינגען זי באַאיינפלוסן צו זינגען. דאַכט זיך, אַ מעצאָ־סאָפּראַנאָ אָדער אַ קאָנטראַלטאָ. כ׳וויס אַליין נישט. געוויינלעך זינגט זי בלויז ווען די מאַשינען רוישן, אָבער היינט האָב איך זי געהערט זינגען אין וואַש־צימער, ווען זי איז געווען זיכער, אַז קיינער איז נאָך אין שאַפּ ניטאָ. און וואָס זאָל איך אייך זאָגן? כ׳בין געשטאַנען אַ דערשטוינטע און אַליין ניט...

— גוט! — האָט דער דיריגענט איר איבערגעשלאָגן די רייד, — רופט זי צו אַהער! און איך בין שוין כמעט ווי גרייט זיך צו אַנטשולדיקן פאַר אייך.

ווען מען האָט רבקה בעלסקי צוגעפירט צו שענגלאַפן, זי באַקענט און ער האָט זי געבעטן שטיל צו זינגען פאַר אים אַ לידל, האָבן ביי איר, איינפּאַך, געגומען ציטערן הענט און פיס. מיט בלייכע ליפּן און קינדערשן שרעק אין די אויגן האָט זי זיך גענומען בעטן:

— פּליעז, לאָזט מיך צורו! כ׳בין ניט קיין זינגערין. סאָפי האָט דאָך מיך פאַרזיכערט, אַז כ׳וועל דאָ בלויז זיצן און זיך צוהערן צו אייערע לי־דער. פּליז! און אַז מען זינגט אַמאָל פאַר זיך אַליין אַ לידל, איז מען שוין אַ זינגערין פאַר אַ כאָר? לאָזט מיך גיין. מיין טאַכטער און אײדים, מיט וועלכע כ׳וואוין, וועלן שוין איבערטראַכטן וואָס כ׳בין אַזוי שפּעט נאָך אין דער היים ניטאָ.

זי האָט מיט אַ פאַרלוירענעם שמייכל געקוקט אויף די זינגער, וועלכע האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אַרום זיי, און מיט אירע בליקן זיך ווי געבעטן ביי זיי רחמים.

— באַרואיקט זיך, חברטע בעלסקי, — האָט שענגלאַף אַרויסגעלייגט זיין האַנט אויף איר אַקסל, — איך פאַרשטיי אַלץ וואָס איר, וואָס יעדער שעמעוודיקער מענטש פילט, ווען עס קומט אים אויס צום ערשטן מאָל צו זינגען פאַר אַן עולם. איר זעט? כמעט יעדער פון אָט־די אַלע זינגער און זינגערינס אַרום אונדז האָט עס דורכגעמאַכט. גלויבט מיר, איר וועט שפּע־טער לאַכן, דערמאָנענדיק זיך אין אָט־דעם איצטיקן מאָמענט.

— אָבער, אַז איך קען ניט... כ׳בין ניט קיין זינגערין...

— רבקה, כ׳בעט אייך, פאַרשעמט מיך ניט, — האָט זיך סאָפי אַריינ־געמישט, — זינגט דאָס לידל, וואָס איר האָט היינט אינדערפרי געזונגען אין וואַש־צימער, ווען איך בין אַריינגעקומען. איר געדענקט? מיט אייער זינגען האָט איר מיך שיער ניט גערירט ביז טרערן. ניטאָ זיך וואָס צו

שעמען. אַט די אַלע, וואָס שטייען אַרום, זיינען אייגענע מענטשן, אַלץ אַר־בעטער פון שעפּער.

— אָבער, סאָפי טייערע, — האָט זיך די פּרוי בעלסקי געבעטן, — אַז איך קען פאַרט ניט זינגען! דער גאַנצער האַלדז איז מיר איצט ווי צו־זאַמענגעצויגן.

— ווייסט איר גאָר וואָס, — איז דער דיריגענט געפאַלן אויף אַן המצאה, — מען דאַרף אינגאַנצן ניט זינגען. — ער האָט אַ וואונק געטאָן צו די אַרו־מיקע זיי זאָלן זיך פאַנאַנדערגייען, — כ׳וויל בלויז הערן, אויספּרובירן אייערע אַ פּאָר טענער. דאָס אַלץ. קעגן דעם קענט איר זיכער גאַרניט האָבן. ניט אמת? — ער האָט וואַרטנדיק געקוקט אויף דער פּרוי און געטראַכט: — זי האָט זייער שיינע גרין־בלויע אויגן, און אַ פיין־געשניצטע נאָז. דאָס מויל איז בלויז אַביסל צו ברייט. באַדאַרפט אַמאָל זיין אַ גאַנץ שיין מיידל. אָבער, ס׳ווייזט אויס, געהאַט אַ שווער לעבן. — ער האָט זיך אויסגעדרייט צו דער פּיאַנאָ און אַ דריק געטאָן אַביינדל: — נעמט אַט־דעם טאָן. דאָס איז אַ „סי״, גייט מיר נאָך, — ער האָט אַ זינג געטאָן מיט אַ פיינער שטימע:

— האַ־האַ־האַ...

רבקה איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענע, געוואָרפן ניט־זיכערע בליקן אויף שענגלאָפן און אַרום זיך, מיט איין האַנט געווישט מיט אַ טיכעלע דעם שווייס פון פּנים און מיט דער אַנדערער געהאַלטן פעסט צוגעדריקט איר האַנט־בייטל צו דער ברוסט.

דער דיריגענט האָט געקוקט אויף איר מיט אַ רואיקן שמייכל און זיך באַמיט איר אַרויסצוהעלפן, מיטזינגענדיק:

— „סי... סי... סי״... נעמט דעם טאָן! זינגט, האָט ניט מורא... „סי... סי״. — און כדי איר גרינגער צו מאַכן, האָט ער באַהנט יעדן טאָן מיט אַ גוט צוגעפּאַסטן אַקאָרד.

און רבקה האָט זיך באַרואיקט אַביסל, זיך גאָר נידעריק צוגעבויגן צו דער פּיאַנאָ, זיך איינגעהערט און גלייך גענומען דעם טאָן: „סי... סי... סי״.

— גוט, זייער גוט! — האָט שענגלאָף אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, — און איצט גייט אַביסעלע העכער: „די... די... די״.

און רבקה האָט מיטגעזונגען אַלץ מיטן זעלבן ניט־זיכערן שמייכל אויף די ליפּן.

— גוט. און איצט קומט: „אי... אי״... אַזוי. ריכטיק. און איצט גייט „עף... עף״... אויך גוט. און איצט פּרובירט נאָך אַ נעם טאָן אַט־דעם „דזשי״. איר דענקט איר וועט קענען?

זי האָט געוואָרפן אויף אים אַ שנעלן בליק: „כ׳וועל פּרובירן״. און ניט וואַרטנדיק אויף דער פּיאַנאָ, האָט זי כמעט ווי אויסגעקלונגען אַ ריינעם, ווי פון מעטאַל אויסגעגאָסענעם, „דזשי״, און ער האָט אים גלייך אונטער־

געכאַפּט מיט פּאַסיקע אַקאָרדן און זי שוין ווייטער געפירט: העכער און נידעריקער. און זי איז אים נאָכגעגאַנגען מיט אַן אויסערגעוויינלעכער פּינקטלעכקייט.

ווי אַ געדיכטע פליסיקייט פון אַ פולער כלי, אַ פליסיקייט דורכגעזאַפּט מיט זונען־שיין, מיט אַן אינווייניקסטער וואַרעמקייט, האָבן זיך געגאָסן די קלאַנגען פון איר האַלדז. אמת, דאָ און דאָרט, בפרט אין די הויכע טענער, האָט זיך געפילט ווי אַ לייכטע טעמפּקייט, אָדער אַ ווייטער גרילץ ווי פון אַ שניט, אָבער שענגלאָף האָט שוין מער ניט געשמייכלט. זיין פּנים איז געווען ערנסט, ער האָט זיך באַמיט אויסצומיידן סאָפּיס טריאומפירנדיקן בליק.

ענדלעך האָט ער זיך אויסגעדרייט צו סאָפּין און זיך צעלאַכט:

— סאָפּי, איר האָט געוואונען, און אַ גרויסן דאַנק אייך! — און רבקהן האָט ער געגעבן די האַנט: — חברטע בעלסקי, איר האָט זייער אַ פיינע מעצאָ־סאָפּראַנאָ, אמת, זייער אַ פאַרנאַכלעסיקטע און איר וועט זיכער פאַרשאַפן אַ סך פאַרגעניגן און כבוד סיי זיך אַליין, אַזוי אויך אונדזער כאָר.

און פאַלין האָט גלייך צוגעגעבן אַנווייזנדיק אויף אַלע זינגער, וועלכע זיינען ווידער צוגעקומען און געקוקט אויף רבקהן מיט צופרידענע, שמייכלענדיקע פּנימער:

— און איך פאַרזיכער אייך, חברטע בעלסקי, אַז איר וועט זיך פילן ווי אַן אייגענע צווישן אונדז. מיר זיינען אַלע אַרבעטער פון שעפער, וועלכע זינגען דאָ אויס אַלע אונדזערע פריידן און ליידן און העלפן, מונטערן מיט אונדזער ליד דעם קאַמף פאַר אַ שענערער און בעסערער וועלט.

— גוט געזאָגט!... זיכער וועט איר זיך דאָ פילן גוט!... איר זייט ווילקאָמען, חברטע בעלסקי! — האָבן זי די זינגער פריידיק באַגריסט פון אַלע זייטן. אייניקע האָבן איר געדריקט די האַנט. און זי אַליין, רבקה בעלסקי, איז געשטאַנען אַ צעטומלטע און געקוקט אויף אַלעמען מיט אַ פאַרלוירענעם שמייכל.

— וועל, וואַסקע חכם מיינער! וואָס וועסטו איצטער זאָגן? — האָט זיך סאָפּי אויסגעדרייט צו בענין.

סטיין האָט מיט אַ קאָמישן אויסדרוק אויפן פּנים אויסגעשטרעקט צו איר ביידע הענט, ווי וועלנדיק זי אַרומנעמען:

— סאָפּילע, נשמה האַרציקע, צען לעבנס אין דיר פאַר אַזאַ טייערע מתנה פאַר אונדזער כאָר! כ׳נעם צוריק מיינע ווערטער. וואָס נאָך ווילסטו זאָל איך טאָן? זיך אפשר הענגען? גוט, אָבער קריג צוערשט אַן אַנדערן אויף מיין אָרט.

אַלע אַרום האָבן זיך צעלאַכט.

פאַלין האָט געשליכטעט דעם ענין:

— גוט, בעני, מיר דערלויבן דיר צו בלייבן לעבן, נאָר אַ צווייטן מאָל זיי אַביסל פאָרזיכטיקער מיט דיינע מבינות. פאַרשטאַנען?

— „יעס, מעם!" — האָט בעני, לאַכנדיק, סאַלוטירט.

רבקה האָט ניט קלאָר פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך דאָ, אָבער געפילט האָט זי די וואַרעמקייט, די חברישקייט אין יעדן איינעמס בליקן און שמייכלען. זי האָט שוין לאַנג־לאַנג אַזעלכעס ניט איבערגעלעבט. עפּעס האָט זיך אין איר ווי צעשמאָלצן און געזוכט אַ וועג זיך אַרויסצורייסן.

און שענגלאָף האָט שטיל גערעדט צו איר:

— כ'וועל אייך ניט פרעגן ווי אַלט איר זענט, אָבער כ'שטעל זיך פאָר, וואָס פאַראַ פראַכטפולע שטימע איר האָט באַדאַרפט האָבן אַזוי מיט אַ יאָר פופצן־צוואַנציק צוריק. אַזאַ קול איז געווען אַ פאַרברעכן צו פאַרנאַכלעסיקן, זיך ניט צו לערנען זינגען.

די אַרומיקע האָבן אויפגעכאַפּט דעם ערנסטן טאָן פון זיינע ווערטער און צוגעשאָקלט מיט די קעפּ.

רבקה האָט פאַרגעסן וועגן שעמען זיך, פאַרגעסן, אַז זי געפינט זיך צווישן מענטשן, וועלכע זיינען איר ערשט מיט אַ האַלבער שעה פריער געווען ווילד פרעמדע. דער צוואַרעמטער שטראָם אין איר, די פאַראַגטע איינזאַמקייט האָט זיך אַ ריס געטאָן פון איר אין אַזעלכע פשוטע אָפנהאַרציקע ווערטער:

— מיינע יאָרן? ניטאָ זיי וואָס צו באַהאַלטן. קומענדיקע וואָך ווער איך זיבן־און־פערציק יאָר. מיין מאַן, עליו השלום, איז שוין אַכט יאָר טויט און, — זי האָט אַ ביטערן שמייכל געטאָן, — קיין חתן שטייט דאָ, זיכער, ניט אָנגעגרייט פאַר מיר. צו וואָס־זשע באַהאַלטן די יאָרן?

— ווער ווייסט? — האָט בעני אַריינגעוואָרפן אַ חכמה, אָבער קיינער האָט זיך ניט צעלאַכט.

און זי האָט ווייטער גערעדט:

— זיך לערנען זינגען? ווען איז עס אפילו אין קאָפּ איינגעפאַלן? צוערשט, אין דער אַלטער היים, ביי אַ קראַנקן טאַטן אַ מלמד, און אַ פאַר־ביטערטער בייזער מאַמען אינעם קליינעם שטעטל הינטער קיעוו. די מאַמע פלעגט ניט וועלן ליידן, ווען איך פלעג זיך אַמאָל „צעקוויטשען", ווי זי פלעגט אָנרופן מיין געזאַנג, „פונקט ווי די שיקסעס אין פעלד". און דאָ, אין אַמעריקע, צוערשט שאַפּ, שפּעטער אַ ליבער מאַן, אָבער אַ שוואַכער, אַ קראַנקער. דערנאָך אַן אַלמנה מיט צוויי קליינע קינדער און ווידער שאַפּ. און די יאָרן לויפן. ווען ניט די ראַדיאָ וואָלט איך אין מיין גאַנצן לעבן קיין איין גרויסן קאָנצערט אָדער זינגער ניט געהערט. אַמאָל, אַמאָל פלעגט נאָך קומען אַ געדאַנק, אַז ווען כ'וואָלט געהאַט אַביסל מער מזל, וואָלט איך

זיך אויך געלערנט זינגען, און ווער ווייסט? אפשר?! אָבער, — זי האָט זיך צעלאַכט אי פריידיק אי ביטער, — איצט בין איך שוין, דאַנקען גאָט, אַ באָבע פון צוויי אייניקלעך, זאָלן לעבן. פאַרפאַלן!

חבר שענגלאַף האָט איר אַ קלאַפּ געטאָן איבערן אַקסל:

— נישקשה, חברטע בעלסקי, ניט געזאָרגט, מיר'ן אייך דאָ צולערנען אַביסל און דאָס פאָלק וועט נאָך הנאה האָבן פון אייער שטימע. מיר האָבן דאָ, ביי אונדז אין כאָר, אַ צאָל גאָר פיינע שטימעס, וועלכע וואָלטן, ביי די פּאַסיקע געלעגנהייטן, זיך אויך געקענט אַנטוויקלען אין עפּעס, אָבער אַזוי איז שוין דעם פאָלקס, דעם אַרבעטערס דאָליע. — ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן האַנט־זייגער: — חברים, שוין שפּעט. פאַרנעמט אייערע ערטער. שוין לאַנג צייט געווען זיך נעמען צו דער אַרבעט. — ער האָט אָנגעוויזן רבקהן אויף אַ שטול לינקס: — זעצט זיך אַט דאָ, צווישן די סאָפּראַנאָס. הערט זיך איין און זינגט־מיט אויף וויפל איר וועט קענען.

אַלע האָבן פאַרנומען זייערע ערטער און די פּראָבע האָט זיך אָנגעהויבן.

זיצט רבקה און הערט זיך איין ווי מען חזרט איין לידער, ווי דער די־ריגענט לייענט צוערשט איבער עטלעכע שורות פון טעקסט, שפּילט־איבער די אַלגעמיינע מעלאָדיע, טיילט־אויס די ערשטע, צווייטע, דריטע און פערטע שטימען זייערע טיילן, און בינדט זיי שפּעטער צוזאַמען אין איין פּרעכטיקע, פיר־שטימיקע מעלאָדיע. און עס ציטערט איר דאָס האַרץ, פלאַטערט פון אַ מין נייער פרייד, פון אַ מין אומבאַוואוסטן, נאָך קיינמאָל ניט דורכגע־לעבטן, גליק. און דער כאָר זינגט שוין אַ ניי, בלויז אַ פּאָר מאָל געזונגען ליד, וועגן אַ סאָוועטיש־יידישן פויער — אַ ליד, וואָס זי האָט נאָך קיינמאָל ניט געהערט:

קעגן גאָלד פון זון גייט־אויף מיין גאָלד פון ווייצן,
קעגן גאָלד פון זון גייט־אויף מיין גאָלדן גליק.
נייע האָריזאָנטן רופן מיך און רייצן,
נייע לידער זינג איך — יידישער מוזשיק.

און רבקהן ווילט זיך לאַכן און וויינען, פליגלען וואַקסן ביי איר אַלייס און הויבן זי אין דער לופטן. און די צווייטע סטראָפע זינגט זי שוין מיט, פילט יעדע נאָטע פאַראויס און גייט ריכטיק נאָך די באַוועגונגען פון שענג־לאַפס רעכטער האַנט און די פּיאַנאָ־קלאַנגען, וואָס גיסן זיך פון זיין לינקער.

גייט די אַרבעט פריילעך פון גאַנץ פרי ביז אָוונט,
זון איז מיין הודאָק און פעלד איז מיין פאַבריק.
נעכטן — שכנים ווייטע, היינט — שוין אַזוי נאָענט:
אוקראַאינער פויער, יידישער מוזשיק.

רבקה בעלסקי איז שוין מער ניט אין זאַל. זי איז אין אַ קליין, האַלב־פינצטער שטיבל מיט אַן ערדענער פּאָדלאָגע. דורך צוויי קליינע פענצטער־לעך רייסן זיך אַריין שטראַלן פון אַ הייסער זומערדיקער זון. עס שמעקט מיט טוכלעקייט און מיטן ריח פון אַ קראַנקן. די מאַמע, אַ קליינטשינקע, אַן איינגעבויגענע, פּאָרעט זיך ביים אויוון. דער טאַטע שטאַרבט לאַנגזאַם אין בעט. די טיר איז אָפן. דער דרויסן רופט מיט הימלשער בלויקייט, מיט צייטיקע פרוכטן און בריענדיקער זון. אין אַ ניט־וויטן גאָרטן זינגט אַ פויערטע אַ ליד, זינגט הויך, האַרציק און טרויעריק אויסגעצויגן. זי, רבקהלע, זיצט ביים טיש און וויינט. זי איז קוים 13 יאָר אַלט און וויל ניט גיין צוריק צו דער נייטאָרין, וויל מער ניט זיצן גאַנצע טעג איינגעבויגן איבערן געניי, אָדער ניאַנטשען די צוויי קינדער. זי וואָלט בעסער געוואָלט אַנטלויפן צו אָט יענער פויערטע אין גאָרטן. זי קען זי גוט: ס׳איז אַניוטאַ, סטעפּאַן דעם רויטנס ווייב. איר ווילט זיך זינגען מיט דער פויערטע צו־זאַמען און איר העלפן קלייבן די רויטע קאַרשן פון דיביימער. בייזערט זיך שטיל, מיט אַ זשיפּענדיקן קול, אויף איר די מאַמע, וויזט מיטן שאַרפן, ציטערנדיקן פינגער אויפן קראַנקן טאַטן. און דער טאַטע, דער גרויסער למדן, ווען זי האָט אַזוי שטאַרק, רחמנותדיק ליב, וואָס פלעגט איר אין די לאַנגע ווינטער־נעכט דערציילן אַזעלכע וואונדערלעכע מעשיות וועגן די יידישע נביאים — דער טאַטע קוקט איצט אויף איר מיט זיין בעטנדיקן בליק, און זי קען עס שוין ניט אויסהאַלטן מער און לויפט מיט אַלע כוחות פון שטוב, טראָגט זיך, וויינענדיק, איבער די קרומע געסלעך צוריק צו דער נייטאָרין.

און נאָך אַ ליד האָט רבקהן אין יענעם אָוונט פאַרכאַפּט, ממש אויפגע־טרייסלט, סיי מיט דער פּראַכטפולער מעלאָדיע, סיי מיטן נביאישן אינהאַלט און טאָן:

הויב אויף דיינע אויגן, אָ, פאָלק, וואָס דו ביסט אַזוי עלנט און אָרעם,
הויב אויף דיינע אויגן צו מזרח, צו מערב, צו צפון און דרום,
און זע די געזאַמלטע אוצרות, און זע פון דיין אַרבעט די פירות,
און זע דאָס געבליבענע רייכטום פון פריער געוועזענע דורות.

***

אַרום עלף אַזייגער איז מען פאַרטיק געוואָרן מיט דער פּראָבע. אַ צאָל זינגער זיינען איינציקווייז און גרופּנווייז צוגעקומען צו רבקהן, געלויבט איר שטימע און זי פאַרזיכערט, אַז זי וועט זיך דאָ פילן גוט, וועט אינגיכן ווערן גאָר אַן אייגענע.

בעני סטיין איז פון איר ניט אָפּגעטראָטן:

— חברטע בעלסקי, זייט אַזוי גוט, קומט אַריין אין אונדזער אָפּיסל, וועל איך פאַר אייך אויסמאַכן אַ מיטגליד־קאַרטל און איר וועט טאַקע זיין אַזוי גוט און איינצאָלן פאַר אַ חודש „דיוס".

אין קליינעם צימערל זיינען אויך אַריינגעגאַנגען סאָפי און פּאָלין.

— איך האָף, רבקה, אַז ס׳טוט אייך ניט באַנג, וואָס איר זענט היינט געקומען מיט מיר אַהער! — האָט סאָפי, מיט עטוואָס אַן אָנציענדיקן שמייכל, געפרעגט.

רבקה האָט זיך צעלאַכט:

— זיכער ניט. ס׳איז דאָ, ביי אייך, זייער גוט. — און זי האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן: — זאָגט מיר, אַט דאָס לעצטע ליד, וואָס איר האָט געזונגען, איך מיין „הויב אויף דיינע אויגן, אָן פאָלק", איז עס ניט גענומען פון די נביאים?

סאָפי און פּאָלין האָבן זיך שנעל און צופרידן איבערגעקוקט. פּאָלין האָט געענטפערט:

— דער טאָן איז, אמת, אַ נביאישער, אָבער אָנגעשריבן דאָס ליד האָט דער דיכטער יוסף באָווּשאָוּוער, און די מוזיק האָט געשאַפן אונדזער אומפאַרגעסלעכער יעקב שייפער.

און סאָפי האָט צוגעגעבן:

— מאָרגן, אין שאַפּ, וועל איך אייך ברענגען באָווּשאָוּוערס לידער. ער איז דאָ ביי אונדז איינער פון די ערשטע אַרבעטער־דיכטער. ווען איז ער געשטאָרבן, בעני? דו געדענקסט ניט?

סטיין האָט פאַרזיכטיק אַרויסגעשטעלט דעם שטעמפּל פון כאָר אויף רבקהס קאַרטל, אַ טראַכט געטאָן:

— דאַכט זיך, אַז אין יאָר 1914, אָדער 1915. און איר זענט גערעכט, חברטע בעלסקי. באָווּשאָוּוער, ווי יעדער טאַלאַנטפולער, ערלעכער דיכטער, איז אויך אַ נביא, און אַזוי וואָלט ער טאַקע פאַרשריבן געוואָרן אין אונדזערע ספרים, ווען ער ווערט געבוירן מיט אַ פּאָר טויזנט יאָר צוריק אין ארץ־ישראל. פּונקט ווי יעדער נביא, האָט אויך באָווּשאָוּוער געפירט אַ קאַמף פאַר די אָרעמע קעגן די רייכע. איר זענט באַקענט מיט די נביאים?

— אַביסל, — האָט זיך רבקה ווי פאַרשעמט, — מיין טאַטע האָט זייער גוט געקענט לערנען און זיך מיט מיר אַ סך געטיילט.

— ס׳וועט אייך זיכער צונוץ קומען, — האָט בעני אַ שמייכל געטאָן, — און איצט נאָט אייך אייער קאַרטעלע, און פון היינט אָן זענט איר אַ פולשטענדיקער מיטגליד פון אונדזער כאָר.

— איר וועט זיך דאַרפן באַקענען מיט אונדזערע מאָדערנע יידישע

שרייבער, — האָט פּאַלין איר שטיל געזאָגט, — איך וועל אייך ברענגען אַ פּאָר גוטע ביכער, — און זי האָט מיט שטאָלץ צוגעגעבן: — ביי מיר זיינען פאַראַן כמעט אַלע נייע יידישע ביכער, וועלכע זיינען אַרויס אין די לעצטע צען יאָר.

רבקה האָט אָפּגעזיפצט:

— מען וואָלט טאַקע באַדאַרפט אַביסל מער לייענען, אָבער ווען? ניטאָ קיין צייט. מען קומט אַ מידע פון שאַפּ, העלפט מען נאָך אַביסל אַרויס דער טאַטער אין הויז, מען לייענט קוים דורך אַ צייטונג... דערנאָך, — זי האָט זיך שטיל, ווי פאַרשעמט צעלאַכט, — איז מען דאָך עפּעס אַ באָבע. ווי שפּילט מען זיך עס ניט אַביסל מיט די אייניקלעך? און באַלד נעמט מען שוין טראַכטן, אַז מען דאַרף גאַנץ פרי אויפשטיין, אַז בלויז דאָס בעט וועט געבן מער כוח צו שלעפּן מאָרגן דעם יאָך. — זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן וואַנט־זייגער און זיך געכומען איילן: — כ׳מוז לויפן, מען וועט שוין אין הויז ניט וויסן וואָס איבערצוטראַכטן. אַ גוטע נאַכט אייך אַלעמען און אַ דאַנק.

פאַרבייגייענדיק דעם זאַל, האָט זי זיך מיט אַלעמען געזעגנט און יע־דער איינער האָט איר דערמאָנט, אַז איבערמאָרגן, פּונקט אַכט, וועט ווידער פאָרקומען אַ פּראָבע.

זי האָט אַלעמען באַדאַנקט און איז אַרויס אין גאַס. אין קאָפּ האָט איר היפּשלעך געטומלט און ס׳האָט זיך געוואָלט זיין אַליין, דורכטראַכטן, דורכ־זיפּן דעם פריידיק־זינגענדיקן געווירבל, אין וועלכן זי האָט זיך עס היינט פאַרדרייט. פאַרבייגייענדיק דאָס ערשטע סאָדע־קרעמל, אויפן ראָג, האָט זי מיטאַמאָל דערפילט, אַז זי איז דורשטיק. זי איז אַריין איטוויניק און גע־בעטן אַ גלעזל טשערי־סאָדע.

אין העל־באַלויכטענעם קרעמל האָט זי באַמערקט צוויי זינגער, וועלכע זיינען געזעסן ביי אַ טישל לעבן פענצטער, געגעסן אייז־קרים און הויך גערעדט צווישן זיך. זי איז געשטאַנען מיט דער פּלייצע צו זיי, האָט לאַנג־זאַם געטרונקען איר סאָדע, און, ניט־ווילנדיק, אונטערגעהערט זייער גע־שפּרעך.

— הערסט אַ מעשה, — האָט דער יינגערער, אַ בחור מיט אַ געדיכטער פּאַטלע שוואַרצע האָר, אויפגערעגט גערעדט צו זיין שכן, אַן עלטערער מאַן מיט אַ היפּשן פּליך, — אויפן אַנבליק איז זי, דאַכט זיך, ניט אַזוי איי־איי, אָבער אין מויל אין אירן ליגן נאָך שטיקער פון אַ געוועזענעם אוצר... און איך מיין עס, — האָט ער שאַרף איבערגעחזרט, — שטיקער פון אַ געוועזע־נעם אוצר.

— היץ זיך ניט אַזוי, — האָט אים דער צווייטער באַרואיקט, — ערשטנס, איז ניט אין מויל, נאָר אין האַלדז ליגן ביי אַלע באַשעפענישן זייערע שטי־

מעס, און צווייטנס, איז עס טאַקע אַ שאָד: איך שטעל זיך פאָר, וואָס פון איר וואָלט געקענט אַרויסקומען, ווען עמיצער כאַפּט זיך אין צייט. איך מיין אַזוי מיט אַ יאָר צוואַנציק, פינף און צוואַנציק צוריק. אפשר אַ ראָזאַ ראַאיסאַ, אָדער טאַקע גאָר אַ מעריאַן ענדערסאָן!

— מיט מעריאַן ענדערסאָן ביסטו שוין אַוועק אַביסל צו־וויט, — האָט דער ערשטער געצווייפלט, — זי איז איינע אין דער וועלט. דערצו האָט מעריאַן אַ קאָנטראַלטאָ... אָבער אַ גוטע זינגערין וואָלט זי זיכער גע־קאָנט זיין.

— און איך זאָג דיר, אַז ס'וואָלט פון איר געקענט אַרויסקומען ווער ווייסט וואָס... — האָט דער עלטערער געענטפערט שוין מיט אַ לייכטן פאַרדרוס, — איך ווייס אין שטימעס אַביסל מער ווי דו, און פאַרגעס ניט, אַז אָט־דער בעלסקיס קול איז ניט קיין געהובליעוועטער. אַ גאַנצן לעבן האָט עס געהאַלטן אין איין פאַרוואַקסן, פאַרווילדעוועט ווערן... און דאָך, ווי שטאַרק און ווייך עס האָט היינט געקלונגען... יאָ, ברודערקע, אַזאַ ווי זי וואָלט געקענט אַוועק אַזש... ווער ווייסט ווי הויך! — ער האָט דערביי אַ הויב געטאָן מיט דער האַנט און פונעם לעפעלע האָט דער אייז־קרים אַ פאַל געטאָן אויף זיינע קני.

— מעגלעך, גאַנץ מעגלעך, — האָט דער יונגערער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, — אָבער איך דענק, אַז איצט וועט שוין איר שטימע, סיי ווי, ניט אויסהאַלטן צו לאַנג... דאָ, ביי אונדז אין כאָר, וועט זי שוין אויסזינגען איר לעצטע שוואַנען־ליד...

רבקה איז שנעל אַרויס פונעם קרעמל, פילנדיק ווי דאָס האַרץ אירס דריקט זיך צונויפן פון שרעק. די העלע ליכט פון דער צווייטער עוועניו און דער שכור'ער טומל אַרום די שענקען אויף דער פערצנטער גאַס — האָבן אויף איר אַנגעיאָגט אַ אימה...

איר האָט זיך געוואָלט וואָס שנעלער זיך אַריינכאַפּן אין „סאָבוועי", דער־פאָרן ביז איר 174טער גאַס, דערנאָך זיך אַוועקזעצן אויף אַ באַנק אין דעם „קראָטאָנאַ פּאַרק", אַנטקעגן איר הויז, און אין דער פינצטערניש זיך אַליין פאַנאַנדערקלייבן אין דער וויכטיקער געשעעניש, וואָס האָט היינט מיט איר פּאַסירט.

**
*

געזעסן אין באַן איז זי מיט פאַרמאַכטע אויגן, די בלויז פון צייט צו צייט עטוואָס געעפנט, היטנדיק די סטאַנציעס, זיך צוגעהערט צום רויש פון די רעדער, וועלכע האָבן, ווי יעדן טאָג, אויסגעקלאַפּט אירע געדאַנקען. איין געדאַנק האָבן זיי, די רעדער, אָבער היינט געהאַלטן אין איין איבער־

חזרן: וואָס האָט ער, דער יונגערמאַן, אין סאָדע־קרעמל געמיינט מיט די ווערטער, אַז ביי זיי, אין כּאַר וועט זי שוין אויסזינגען איר „שוואַנען־ליד״? וואָס מיינט עס? דאָס וואָרט „ליד״ פאַרשטייט זי, אָבער „שוואַנען״? איז עס גוט אָדער שלעכט? זי ווייסט ניט. מען וועט עס דאַרפן מאָרגן אויסגע־פינען ביי סאָפּין. עס האָט, מן־הסתם, עפּעס צו טאָן מיט מוזיק.

די באַן איז שטיין געבליבן ביי דער סטאַנציע, לעבן דער 174טער גאַס. רבקה איז אַרויס אויף דער פּלאַטפאָרמע און דורך די גוט־באַקאַנטע אייזערנע שטיגן אַראָפּ אין גאַס, וואו זי איז ווידער איינגעטונקען געוואָרן אין העלן ליכט פון די גאַסן־לאָמפּן, קראָמען און רעסטאָראַנען געמישט מיט רויש און געיעג פון אָמניבוסן און אויטאָמאָבילן. אָבער אָט די ליכטיקייט און גע־רויש זיינען געווען גאָר אַנדערש, ווי יענע, אויף דער פערצנטער גאַס. דאָרטן איז אַלץ געווען פרעמד, קאַלט, בלויז צעטומלענדיק, אָבער דאָ, אויף באָסטאָן ראָוד, לעבן וועלכן זי וואוינט שוין העכער זעכצן יאָר, וואו זי קויפט אַלע וואָך איין זאַכן פאַר איר קליינער באַלעבאַטישקייט — אַלץ אויף אָט־דער גאַס איז געווען פאַר איר טייער, כּמעט ווי איר אייגנס.

דורך אָט דער זעלבער גאַס זיינען ביידע אירע קינדער, דער זון און די טאָכטער, געפירן צו זייערע חופּות, און דעם מאַנס ארון, צום בית־עולם, האָט מען אויך פאַרבייגעטראָגן אָט די אַלע קראָמען. און יעדעס מאָל, אַראָפּ־קומענדיק פון די סאָבוועי שטיגן, האָט די גאַס באַגריסט זי ווי אַן אייגענע, איר ווי אַנטקעגן געטראָגן אַ גרוס פון איר אייגענעם ווינקל, פון איר שטי־לער היים.

היינט האָט די גאַס באַגעגנט זי מיט טויזנטער פאַרשנדיקע, צעטומלטע בליקן. די גאַס האָט ווי געפילט, אַז עפּעס ווילטיקעס איז געשען אין רבקהס לעבן, אָבער ניט געקענט טרעפן וואָס ס'האָט פּאַסירט, איר ווי נאָכגעקוקט מיט אירע פייערן און זיך געוואונדערט, וואָס זי איילט זיך אַזוי איבער־צוגיין דאָס שטיקל באָסטאָן ראָוד, אין דער שמאָלער, טונקעלער 173טער גאַס, צום קראָטאָנאַ פּאַרק, אַנטקעגן וועלכן עס געפינט זיך איר וואוינונג.

און דער פּאַרק האָט זי באַגעגנט אַן איבערגעפולטער מיט ביינאַכטיקע שאָטנס און מיטן באַרואיקנדיקן שעפּטשען פון ביימער און קוסטן. האַרט לעבן די שטאַכעטן, וואָס צאַמען אָפּ דעם פּאַרק פון גאַס, שטייען שורות בענק, איינגעטונקענע אין טונקלקייט. אַנטקעגן זיי ציען זיך רייען זעקס־שטאָקיקע הייזער מיט שלאָפנדיקע פענצטער. וואו־ניט־וואו צאַנקט אין אַ פענצטער אַ מיד, פאַרשפּעטיקט ליכטל.

רבקה האָט זיך אָוועקגעזעצט אויף דער באַנק אַנטקעגן דעם הויז, וואו זי האָט געוואוינט. אָט יענע צווײ פענצטער, אויפן דריטן שטאָק, זיינען פון איר צימערל. גלאָריע, איר פינף־יאָריק אייניקל, וואָס שלאָפט מיט איר אין

בעט, ליגט זיכער צעוואָרפן מיט די הענטלעך און פיסלעך. דער דריי־יאָריקער מעקסי שלאָפט אויף דער סאָפע אין גאַסט־צימער, און בעסי מיטן אידעם כראָפּען שוין זיכער אין שלאָף־צימער. זי רוקט זיך צו צום סאַמעך פון באַנק, שפּאַרט זיך אָן מיט דער האַנט אויף דער אייזערנער פּאַרענטשע און איר דאַכט זיך, אַז קיינער זעט זי ניט, קיינער קען איר דאָ ניט שטערן פריי צו טראַכטן, אַנאַליזירן אָט דאָס וויכטיקע, וואָס איז היינט אין איר לעבן געשען. זי האָט זיך דערמאָנט אָן מענדלען, דעם מאַן אירן. וואָס פאַר אַ האַרציקער, ליבער מענטש ער איז געווען. ווי ער וואָלט זיך עס געפרייט, ווען ער דערלעבט נאָר דעם היינטיקן אָוונט... וואַרט צו אַ רגע!
— האָט זי געפּרוווט איינהאַלטן דעם שטראָם פון אירע געדאַנקען, — וואָס פאַראַ שייכות האָט עס צום היינטיקן אָוונט? אָ, יאָ, ער פלעגט אויך ליב האָבן צו הערן זי זינגען... זיי האָבן זיך געטראָפן אין אַ שאַפּ פון פרויען־קליידער צוויי יאָר נאָך איר אָנקומען קיין אַמעריקע. זי איז קוים ניינצן יאָר אַלט געווען. אין שאַפּ איז זי געזעסן פּנים צו פּנים אַנטקעגן אים, דעם שיינעם, בלאָנדן מענדל בעלסקי. עס האָט ניט לאַנג גענומען: צורערשט מיטאָגס צוזאַמען, דערנאָך אויך וועטשערעס און מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער האָבן זיי חתונה געהאַט. געווען זייער גליקלעך. דערנאָך איז געקומען דאָס ערשטע קינד. און איינציייטיק מיט דעם האָט זיך אויך פאַרשטאַרקט דער הוסט זיינער, וועלכן זי האָט נאָך באַמערקט גאָר־גאָר פון אָנהויב אָן. צוויי יאָר נאָכן ערשטן קינד, ווען זי האָט שוין געשוואַנגערט מיטן צווייטן, האָט ער זיך אַוועקגעלייגט און זי האָט געמוזט ווידער אַוועק אין שאַפּ, געמוזט ווערן מיט איין מאָל אַ ברויט־געבערין, אַ מאַמע, אַ באַלעבאָסטע און אַ באַרמהאַרציקע שוועסטער. אַך, וואָס פאַר אַ שווערע יאָרן עס האָבן זיך אויף איר דאַן אַראָפּגעלאָזט! ס'איז געקומען דאָס צווייטע קינד, דודל, אַזאַ שוואַכינקער. דערנאָך איז ער אַליין, דער געליבטער מאַן אירער, געשטאָרבן. ווען ניט די קינדער, דער חוב צו זיי און די האָפענונג אויף זיי, וואָלט זי עס ניט איבערגעטראָגן.

זי האָט טיף אָפּגעזיפצט. און אָט איצט האָט זי שוין צוויי אייניקלעך פון בעסי'ן, דער טאָכטער אירער. און די שנור, דודס ווייבל, איז שוין אויך אויף דער צייט. ביז היינט איז בלויז מיט זיי, מיט די קינדער, פול געווען איר צייט, אַלע אירע געדאַנקען. אָבער היינט איז געשען עפּעס אַזעלכעס, וואָס זי ווייסט אַליין ניט וואָס עס באַדייט... זי עפנט דעם האַנט־בייטל, נעמט פאַרזיכטיק אַרויס דאָס מיטגליד־קאַרטל פונעם כאָר, פּרובירט עס איבערלייענען אין דער פינצטער און קען ניט. האַלט זי דאָס קאַרטל אויף דער דלאָניע און פילט, פונקט ווי זי וואָלט געהאַלטן אַ לעבעדיקע באַשעפעניש אויף דער האַנט, אַ לעבעדיק וועזן, וועמעס וואַרעמקייט עס טראָגט זיך צום

האַרצן און פון דאָרטן איבער אַלע גלידער. זי דערזעט פאַר זיך דעם די־ריגענט שענגלאָפּס פּנים, זיין פירנדיקע האַנט אין דער לופטן און פון ער־גען, ווייט הינטער איר, פון טיפקייט פון פּאַרק, דערטראָגט זיך דאָס גע־זאַנג:

קעגן גאָלד פון זון גייט אויף מיין גאָלד פון ווייצן,
קעגן גאָלד פון זון גייט אויף מיין גאָלדן גליק...

און באַלד, ווי אַ דונער אין זוניקן טאָג, רייסט זיך אַריין אין דער פרייד־פולער לירישער מעלאָדיע אַ צאָרנדיקער רוף, אַ מעכטיק קול, פול מיט פּראָטעסט:

הויב אויף דיינע אויגן אָ, פאָלק, וואָס דו ביסט אַזוי עלנט און אָרעם,
הויב אויף דיינע אויגן צו מזרח, צו מערב, צו צפון און דרום,
און זע די געזאַמלטע אוצרות און זע פון דיין אַרבעט די פּירות...

זי געדענקט ניט די ווערטער אויף אויסנווייניק, אָבער ביסלעכווייז פלאַ־מען זיי אויף אין איר זכרון, געוויקלטע אין מעכטיקע טענער, צינדן איר בלוט, שטייפן די פויסטן.

אַ ציטער לויפט־דורך איר לייב. און אין זכרון שווימט אַרויס אַ בילד, אַזאַ ווייטס, ווי אַן אַלטער, גאָר אַלטער חלום: עס איז ווינטער ביינאַכט אין איר שטעטל, לעבן ווייטן־ווייטן קיעוו. עס אַנטפלעקט זיך זייער אָרעם שטיבל מיטן ערדענעם דיל, מיטן גרויסן אויוון, מיטן קליינעם אַלקער. אין דרויסן וואָיעט אַ ווינט. די צוויי קליינע פענצטערלעך זיינען פאַרשאָטן מיט שניי. אויף דער פּליטע ברענט אַ קליין פייערל, לעבן וועלכן עס קאָכט זיך אַ טעפּל קאַרטאָפל מיט ציבעלעס. אין שטיבל איז קיל. אויפן טיש רויכערט אַ קליין לעמפל. די שטענדיק־אַנגעכמורעטע מאַמע זיצט לעבן טיש און שטריקט אַ זאָק; דער טאַטע, מיט אַ געלן, לאַנגן, ווי דורכזיכטיקן פּנים, ליגט אין בעט און הוסט ביסלעכווייז אַרויס פון זיך די לונגען. זי אַליין, אַ קינד פון אַ יאָר ניין־צען, זיצט לעבן פאָטער און נייט עפּעס. דער ריח פון די גע־קאָכטע קאַרטאָפל מיט ציבעלעס פילט אָן דאָס שטיבל. דער טאַטע דרייט אַלעמאָל אויס דעם קאָפּ און קוקט אויפן טעפּל מיט הונגעריקע אויגן. ענדלעך זעצט ער זיך אויף, גיט זי אַ גלעט איבערן קעפּל און זאָגט צו דער מוטער מיט אַ געמאַכט־מונטערן טאָן: „דענקסטו ניט, דבורהלע, אַז נעכטן איז אין דרויסן אַ סך קעלטער געווען?... עס וועט שוין ניט נעמען לאַנג און דער וואָס לעבט אייביק וועט אונדז ווידער צושיקן דעם ליבן זומער“.

די מאַמע, ווי געוויינלעך, שווייגט, האַלטנדיק די ליפּן פעסט צוזאַמענ־

געדריקט. זי רעדט ניט מיטן טאַטן. זיי האָבן זיך קיינמאָל ניט געקריגט, אָבער זי איז פאַרביטערט פון איר שווערן לעבן, פון די צווי שווערע קוישן מיט געבעקס, וואָס זי טראָגט אַלע פרימאָרגן אויפן מאַרק, פון אירע אָפּגעפרוירענע הענט און פיס, וועלכע האַלטן אין איין בייסן אין דער וואַרעמקייט, פון טאַטנס קראַנקהייט, פון איר ביטערן מזל. שוויגט זי, אָדער וויינט שטילערהייט, אָדער צעשעלט זיך גאָר אַמאָל מיט ביטערע קללות. האָט זי, די קליינע רבקהלע, זייער שטאַרק רחמנות אויפן טאַטן, וועלכער זיצט שוין איצט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. וויל זי אים אויפמונטערן, בעט זי אים: „טאַטע, דערצייל עפּעס אַ מעשה, אַ שיינע מעשה וועגן די נביאים". דערמיט וויל זי אויך הויבן זיין פּרעסטיזש ביי דער מאַמען. זי געדענקט, אַז אַמאָל, איידער דער טאַטע איז קראַנק געוואָרן און נאָך געקענט לערנען מיט פרעמדע קינדער, פלעגט אויך די מאַמע ליב האָבן זיינע מעשיות.

דער טאַטע הויבט אויף דעם קאָפּ, אַ דערפרייטער, גיט אַ גלעט דאָס שפּיציקע בערדל:

— יאָ, טאַטע, דערצייל נאָך עפּעס וועגן אליהו הנביא, אָדער עמוסן, אָדער אפשר גאָר וועגן ישעיהון!

זי איז גוט באַקאַנט מיט די נביאים, קען גוט כמעט אַלע מעשהלעך פונעם חומש.

ער וואַרפט אַ זייטיקן בליק אויף דער מאַמען, זיפצט אָפּ:

— וואָס קומט אַרויס, קינד מיינס, אַז די וועלט איז איצט פונקט אַזוי פאַרדאָרבן און זינדיק, ווי אין די צייטן פון די נביאים? וועגן ישעיהון, זאָגסטו? נו, וואָס איז געוואָרן פון זיינע טרוימען, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען מענטשן וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אין אַקער־אייזנס און זייערע שפּיזן אין גאָרטן־מעסערס? אַז אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט ניט אויפהויבן מער קיין שווערד און מען וועט זיך מער ניט לערנען ווי צו פירן מלחמה? דערווייל איז נאָך פון זיינע גוטע רייד גאָרניט אַרויסגעקומען... לחלוטין גאָרניט... שוין טויזנטער יאָרן פאַראיבער, און די מענטשהייט ווערט וואָס אַ יאָר אַלץ גייציקער און בלוטדורשטיקער. און אונדזערע יידן זיינען ניט בעסער פון די קריסטן. אָט, צום ביישפּיל, וואָס אַשטייגער וואָלט זיך אָנגעזען ביי אונדזער גביר ר׳ פנחס שוואַרצמאַן, ווען ער זאָל הייסן דעם משרת זיינעם אַריינטראָגן כאָטש איין מאָל אין וואָך אַ שטיקל פלייש און אַ פּאָר גראָשן צו אַזאַ ייד, אַן אביון, ווי איך? איך האָב דאָך געלערנט מיט אַלע זיינע זיבן בנים: עברי, חומש, רש״י, גמרא. קעפּלעך האָבן זיי אַלע געהאַט דעמבענע, בעסער ליב געהאַט צו שפּילן אין קאָרטן ווי צו לערנען. דאָס האַרץ האָבן זיי מיר אויפגעגעסן... און שפּעטער, ווען כ׳בין קראַנק געוואָרן, האָט מען מיך ווי אַ שפּענדל אַרויסגעוואָרפן. און די

איבעריקע באַלעבאַטים זיינען אויך ניט בעסער געווען... נו, זאָג אַליין, קינד, וואו איז יושר? וואָס וואָלט אויף דעם אַלץ ישעיהו געזאָגט, ווען ער קומט איצט אַראָפּ פונעם גן־עדן אויף דער ערד?

— כ׳וואָלט טאַקע אַ בעלן געווען צו הערן, וואָס ער וואָלט געזאָגט, — וואַרפט אַריין סאַרקאַסטיש די מאַמע, קוקנדיק צו מיר, — ווי עס וואָלט אים געפעלן אונדזער דחקות און אָפּגעריסנקייט, און זייער פּרעסן, זויפן און אויסגעפּוצטקייט?

— גלויב מיר, דבורהלע, ער וואָלט קיין מינוט ניט פאַרבליבן דאָ מער. ער וואָלט פאַרמאַכט די אויגן, פאַרשטאָפּט די אויערן און צוריק אַנטלאָפן אין גן־עדן.

די מאַמע דרייט שנעל אויס דעם קאָפּ צום טאַטן, קוקט אים בייז גלייך אין די אויגן אַריין און פרעגט מיט אַ שאַרף קול:

— איז דאָס אַלץ, וואָס דיין נביא וואָלט געקענט אויפטאָן? פאַרמאַכן די אויגן, פאַרשטאָפּן די אויערן און אַנטלויפן אין גן־עדן?

דער טאַטע דערשרעקט זיך. ער קערט אָפּ דעם קאָפּ אין אַ זייט און ענטפערט שטיל:

— מיכה דער נביא, דער פויערשער זון, האָט נבואות געזאָגט: „ציון וועט פאַראַקערט ווערן, פון ירושלים וועלן ווערן חורבות, דער באַרג פון הייליקן הויז וועט פאַרוואַקסן ווערן מיט וואַלד״, און זיינע נבואות זיינען מקוים געוואָרן, ווען די צייט איז געקומען. אויף יעדער זאַך האָט דער וואָס לעבט איביק באַשטימט זיין צייט... אויך די זינדער פון היינטיקער צייט וועלן קריגן זייער באַשטימטע שטראָף אין דער באַשטימטער צייט!

איצט קוקט שוין דער טאַטע גלייך אויף דער מאַמען און זי האַלט ניט אויס זיין בליק און לאָזט אַראָפּ די אויגן.

אַ גרויסער, שוואַרצער אויטאָמאָביל שניידט זיך אַריין אין דער טונקל־קייט פון גאַס, וועקט זי אויף מיט זיין ברום, באַלויכט שטיקער פאַרק מיט זיינע לאָמפּן און טראָגט זיך פאַרביי.

רבקה ציטערט אויף, פילט ווי זיך צו פאַרשטעלן, פונקט ווי זי וואָלט אַ נאַקעטע געווען, און פאַרמאַכט די אויגן. דער אויטאָמאָביל איז פאַר־שוואונדן, זי איז ווידער אין שאָטן, איינע אַליין, אָבער איצט טראַכט זי שוין וועגן איר אייגענעם שווערן לעבן, פאַרגלייכט עס מיט דער מוטערס, פרעגט זיך אַליין וואָס עס וועט זיין מיט איר, ווען זי וועט גאָר אַלט אָדער קראַנק ווערן, ניט קענען מער לויפן אַלע פרימאָרגן אין שאַפּ. די קינדער זיינען געטרייע, דער איידעם און די שנור גאָר פיינע, רופן זי „מאַ״, קויפן מתנות אויף „מוטערס טאָג״, אָבער זיי האָבן דאָך שוין אייגענע קינדער, אייגענע זאָרגן.

אין איינעם פון די פינצטערע פענצטער, איבערן וועג, האָט אַ וואַנט־זייגער מעלאָדיש אויסגעקלונגען איין מאָל. חנה דערשרעקט זיך: „שוין איינס אַזייגער... זעקס דרייסיק שטייט זי, געוויינלעך, אויף“... אָבער זי באַרואיקט זיך גלייך: נישקשה, היינט איז ביי איר אַ יום־טוב. ס׳מאַכט ניט, אויב זי וועט אפילו אינגאַנצן ניט שלאָפן... עס מאַכט ניט...

דאָך שטעלט זי זיך אויף, גלייכט זיך אויס און גייט לאַנגזאַם, פאַר־טראַכט צו זיך אין הויז.

***

אַ שבת אָוונט, מיט דריי חדשים שפּעטער. איינער פון די גרויסע שטאָ־טישע זאַלן איז איינגעטונקען אין ליכט, איבערגעפילט מיט מענטשן. אויף דער בינע, אונטערן אַראָפּגעלאָזטן פאָרהאַנג, קומט פאָר אַ צוזאַמענגעפּרעסטע שושקעריי. חבר שענגלאָף, אַ בלאַסער פון אויפרעגונג, מיט טראָפּנס שוויס אויפן שטערן, שטעלט אויס די זינגער אין רייען און גיט זיי די לעצטע אינסטרוקציעס:

— אין אַ גלייכער שורה, חברים, חברטעס... איך בעט אייך, שטופּט זיך ניט! מען זעט יעדן איינעם גוט אַרויס... מעקס, זע, פאַררייס זיך ניט צו־הויך! סאָפי, פאָלין, גיט אַכטונג אויף די צוויי נייע סאָפּראַנאָס. געדענקט: ניט שמייכלען און ניט באַגריסן זיך מיטן עולם. חברטע בעלסקי, זייט רואיק!

— ווי קען איך זיין רואיק, חבר שענגלאָף, ווען כ׳בין דעם ערשטן מאָל אין מיין לעבן אויף אַ בינע און ס׳ווילט זיך מיר ניט זינגען, נאָר וויינען?

— נאָכן קאָנצערט, חברטע בעלסקי, אין רעסטאָראַן וועט איר זיך קענען אויסוויינען, אפילו אויף מיין אייגענער ברוסט, וויפל אייער האַרץ וועט גלוסטן, אָבער איצט דאַרף מען זינגען.

— אַ דאַנק, חבר דיריגענט, — שמייכלט שוין רבקה, — כ׳בין זיכער, אונדזער קאָנצערט וועט זיין אַ גרויסער סוקסעס.

— אַ גרויסער דערפאָלג! — פאַרריכט איר סאָפי.

— אַ דאַנק, סאָפילע, ניט נאָר זינגען, נאָר מען וועט דאָ, ביי אייך, זיך דאַרפן אויסלערנען אויך רעדן ייִדיש.

חבר שענגלאָף לויפט־צו צום פליגל פון דער בינע, זאָגט עפּעס צו דער פּיאַניסטין, דערנאָך דרייט ער זיך אויס צו די זינגער:

— ש־ש־ש! געדענקט, היט מיינע הענט!... איילט זיך ניט! — און ער הערט זיך צו צום רעדנער, פון דער צווייטער זייט פאָרהאַנג, וועלכער שטעלט שוין פאָר דעם כאָר.

דער פאָרהאַנג הויבט זיך לאַנגזאַם אויף. ביי רבקהן שטעלט זיך אָפּ

דער אָטעם. „גאָט מיינער", טראַכט זי, „וויפל ליכט, וויפל הונדערטער אויגן"... זי האָט גאָר קיינמאָל ניט געטראַכט, אַז מענטשלעכע אויגן קענען אַזוי שיינען. זי זוכט אָפּ, אין דער פינפטער ריי, רעכטס, די טאָכטער מיטן איידעם, דעם זון מיט דער שנור און גיט אַ אינסטינקטיוון ריר מיט דער האַנט, זיי צו באַגריסן. זי דערמאָנט זיך אָבער באַלד אין דעם דיריגענטס וואָרנונג און כאַפּט די האַנט אויף צוריק. אָבער די קינדער האָבן זי שוין דערזען און פאָכען צו איר מיט די הענט, באַגריסן זי מיט פריילעכע שמייכלען. איר שרעק פאַרשווינדט. עס ווערט איר מיטאַמאָל אַזוי גוט, אַזוי לייכט, פונקט ווי ווען זי דריקט צו צו זיך די קעפּלעך פוןביידע אייניקלעך. דער עולם אַפּלאָדירט. חבר שענגלאָף קומט אַרויס פון דער רעכטער זייט קוליסן, פאַרנייגט זיך פאַרן עולם און פאַרנעמט זיין אָרט, אויף אַ קליינער פּלאַטפאָרמע, אינדערמיט פון דער בינע.

ער לויפט שנעל איבער מיט די אויגן איבער די פּנימער פון די זינגער, טאַפּט ווי אַן און באַרואיקט יעדנס דופק. דערנאָך גיט אַ וואונק צו די פּיאַניסטין. אין די עטלעכע רגעס, וואָס ער שטייט מיט די הענט אויפגעהויבן און הערט זיך איין אין דעם אַריינפיר צו י. באָרושאָווערס ליד: „הויב אויף דיינע אויגן", וואַרפט רבקה אַ זייטיקן בליק רעכטס. דאָרטן, צווישן די טענאָרן, שטייט נייטן מילמאַן, דער יונגערמאַן, וועלכער האָט מיט דריי חדשים צוריק, אין סאָדע־קרעמל, „פּאַראַוויסגעזאָגט", אַז ביי זיי, אין כאָר, וועט זי שוין אויסזינגען איר „שוואַנען־ליד". קוקט זי איצט אויף אים און טראַכט מיט פרייד און ווילדן נצחון: „ניין, ברודערקע מילמאַן, איך ווייס שוין וואָס אַ שוואַנען־ליד מיינט, אָבער דו מאַכסט אַ גרויסן טעות. קיין קאַנצערט־זינגערין וועל איך שוין טאַקע ניט זיין, פאַרפאַלן, אָבער מיינע לידער, פונקט ווי מיין לעבן, האַלטן נאָך ווייט פון אויסגיין. דאָ, אין כאָר, האָב איך אָנגעהויבן אַ ניי לעבן, אָנגעהויבן צו זינגען און כ'וועל נאָך זינגען, אַ סך זינגען, סיי פאַר זיך, סיי פאַר אַנדערע". זי וואַרפט אויך אַ בליק אויף די חברטעס פון ביידע זייטן, וועלכע זעען איצט אויס אַזוי יונג און שיין און שלאַנק אין זייערע לאַנגע, שוואַרצע זיידענע קליידער מיט די ווייסע בלוזעס. אויף יעדערערס ברוסט — אַ רויטע רויז, יעדערס אויגן — צוויי שטערן, און די האַלב־אָפענע מיילער זעען אויס ווי בלומיקע עפענונגען פון אַ מעכטיקן קלאַנגען־פאָנטאַן, וועלכער וואַרט בלויז אויף איין ריר פונעם דיריגענטס הענט, כדי אַ שפּריץ צו טאָן מיט וואונדערלעכע קלאַנגען.

און נאָך דאַכט זיך רבקהן, אַז די טענער פון דעם פאַרשפּיל זיינען פיל־פאַרביקע פייגעלעך, וועלכע פליען אַרויס פון דער פּיאַנאָ, שטעלן זיך אַוועק צוערשט אויף שענגלאָפס אַקסלען, פאַרצויגענע אין אַ שוואַרצן פראַק, שפּרינגען באַלד אַריבער אויף זיינע הענט, שטעלן זיך אַוועק אויף די שפּיצן פון

זיינע פינגער, הוידען זיך אויף זיי, צענעמען מיטאַמאָל די פאַרביקע פליגעלעך און טראָגן זיך, סוויסטשענדיק, אַוועק אין איצט שוין פינצטערן זאַל.

ביי דער לינקער זייט בינע, צווישן די דעקאָראַציעס פון צוויי בוימער, באַמערקט זי סטיינען. ער גיט צו איר אַ שמייכל און אַ דערמונטערנדיקן מאַך מיט דער האַנט. דאָס זעלבע טוען מיט די בליקן פאַלין און סאָפי. זי ענטפערט זיי מיט אַ שאָקל פון קאָפּ און מיט אַ זיכערן שמייכל.

מיטאַמאָל האָבן דעם דיריגענטס הענט אויפגעציטערט, זיך אַ ריס געטאָן אין דער הייך, און פאָלגנדיק געעפנט אַ יאָמערדיקן פרויען־געשריי, אַ פעסטן מוטער־באַפעל, געמישט מיט געוויין, צו איר אָרעמען, פאַרשקלאַפטן קינדער־פאָלק, אַ רוף פון דבורה הנביאה צו נקמה, צום אויפשטאַנד קעגן די פלשתים, די בלוטיקע שונאים פון פאָלק ישראל.

„הויב אויף!" — האָבן די סאָפּראַנאָס אַ מעכטיקן שאַל געטאָן, און די טענאָרן מיט די באַסן האָבן גלייך אויפגעכאַפּט דעם רוף און אים אַ טראָג געטאָן ווייטער:

„הויב אויף דיינע אויגן, אָ, פאָלק, וואָס דו ביזט אַזוי עלנט און אָרעם!"

„הויב אויף!" — האָבן די אַלטאָס אויסגעשאָלט, און די טענאָרן מיט די באַסן האָבן אַנטשלאָסן זיך אַריינגעריסן און פעסט גענומען ווייטער שפּינען דעם באַפעל:

„הויב אויף דיינע אויגן צו מזרח, צו מערב, צו צפון, צו דרום
און זע די געזאַמלטע אוצרות און זע פון דיין אַרבעט די פּירות..."

אָבער עס שווייגט דאָס פאָלק דאָס פאַרשקלאַפטע, עס הערט ניט דעם רוף, עס ליגט מיט די פּנימער טיף צו דער ערד געבויגן. די שונאים, די הערשער, טרעטן מיט האַס און פאַראַכטונג אויף די צעקרימטע רוקנס.

פלאַטערט דאָס האַרץ ביי רבקהן, זי הערט זיך איין, זי דערקענט אין מעכטיקן רוף איר אייגענע, זאַפטיק־שטאַרקע שטימע, און אַ ציטער פון פרייד און גענוס וויברירט דורך איר יעדן אבר. זי צינדט זיך אינגאַנצן אָן, זי איז שוין מער ניט אויף דער בינע, זי איז אין אַלטן שטעטל, אין דעם קליינעם שטיבל מיטן ערדענעם דיל. אינדרויסן ברענט אַ פראָסט, אין קוימען וואָיעט דער ווינט. אויפן פּריפּעטשאָק רויכערט אַ פייערל און עפּעס קאָכט זיך אין אַ טעפּל. די מאַמע שטריקט איר אייביקן זאָק. ניט פאַר זיך מאַכט זי די וואַרעמע וואָלענע זאָקן, נאָר פאַר ר' פנחס שוואַרצמאַנען, דעם גביר פון שטעטל... דער טאַטע זיצט אין בעט און קוקט אַריין אין אַ ספר. זיין פּנים איז געלבלעך־גרוי, די באַקן טיף איינגעפאַלן, פונעם שטערן צו די שלייפן לויפן בלויע אָדערן. די מאַמע, ווי געוויינלעך, שווייגט פאַרביטערט און זי, די קליינע רבקה, ווערט דערשטיקט פון שרעק און איינזאַמ־

קייט, פון דער מוטערס בייזע בליקן און פונעם פאָטערס געפּאַלנקייט. זי רוקט זיך צו צום פאָטערס זייט און בעט שטיל: דערציילט, טאַטע, דערצייל אַ מעשה פון אונדזערע נביאים. דערצייל, איך בעט דיך.

און דעם טאַנטס אויגן לייכטן־אויף, ער גיט אַ קוש דעם ספר, לייגט אים פּאַרזיכטיק אַוועק, נעמט אַראָפּ די ברילן, זיפצט שווער אָפּ און הויבט אָן: הײַנט, טאָכטער, וועל איך דיר דערציילן וועגן איינעם פון אונדזערע גרעסטע נביאים, וועגן גרעסטן טרוימער, וואָס די וועלט האָט ווען־עס־איז פאַרמאָגט. אין דער צייט, וואָס כמעט אַלע אַנדערע נביאים האָבן געשטאַמט פונעם פּאָלק, איז ישעיהו אַרויסגעקומען פון דער העכסטער ירושלימער אַריסטאָקראַטיע און ער האָט אַלץ פאַרלאָזט צוליב דעם אמת, צוליב דעם דינסט צום פּאָלק. דאָס האָט ער געזאָגט: „ווי אויסגעלאָסן ס'איז געוואָרן די געטרייע שטאָט ירושלים. אַמאָל האָבן אין איר געהערשט גערעכטיקייט און ערלעכקייט, און איצט — מערדער! דיינע פירשטן זיינען פאַרדאַרבענע מענטשן, חברן זיך מיט גנבים, האָבן ליב צו נעמען מתנות, יאָגן זיך נאָך געלט".

ווי אין אַ נעפּל טונקט זיך פאַר רבקהן דאָס ווייסע שטיבל אין האַלב־פינצטערן זאַל און ישעיהוס ווערטער טרעטן ווי אָפּ פאַר אַ מעכטיקן אויס־געשריי פון די טענאָרן, וועלכער ווערט גלייך איבערגעחזרט פון די באַסן:

הויב אויף דיינע אויגן און זע אויפן ים די געלאָדענע שיפן,
און זע אין די טונקעלע וועלדער דעם רויך פון לאָקאָמאָטיוון,
און זע ווי זיי קומען געשווינד פון געגנטן ווייטע,
און פירן אין אַנדערע לענדער פּראָדוקטן און סחורות צו בייטן".

און שטיל איז דאָס פּאָלק. עס הערט ניט דעם רוף פון זיין נביא. מיט טיף־געבויגענע קעפּ, מיט הערצער פול מיט ביטערקייט און האָס שלעפּט עס דעם שווערן יאָך, די שווערע קייטן פון פאַרשקלאַפונג, און ישעיהוס בייזע ווערטער שניידן ווידער די לופט: „און דער טאָג פון גאָטס שטראָף וועט קומען אומדערבאַרעמדיק אויף דער ערד... און די שטערן פון הימל וועלן ניט שיינען זייער ליכט; די זון וועט זיין פינצטער אין איר אויפגאַנג, און די לבנה וועט ניט שימערן איר שיין".

און דערשראָקענע פון דער מוראדיקער קללה האָבן די סאָפּראַנעס זיך אַ וויקל געטאָן אַרום די טענאָרן אין אַ צאַרטן געבעט:

„הויב אויף!" — און די אַלטאָס מיט די באַסן האָבן גלייך אונטער־געכאַפּט דעם געבעט און, צוזאַמען מיט די טענאָרן, אַ צי געטאָן ווייטער:

„הויב אויף דיינע אויגן און זע די געמויערטע, גרויסע פאַבריקן", און

אַלע פיר שטימען האָבן זיך מיטאַמאָל פאַראייניקט אין איין טרויעריקן גמרא־ניגון:

„וואו אַרבעטער זעגן, און הובלען, און וועבן, און נייען, און שטריקן,
און שמידן, און פיילן, און טאָקן, און שניצן, און גלעטן, און פוצן".

און רבקהן דאַכט זיך, אַז זי זעט פונדערווייטנס אַ גרויסע שטאָט, אַ געדיכט־פאַרפלאַנצטע מיט ריזיקע, פיל־שטאָקיקע פאַבריקן. און די גאַסן אין יענער שטאָט זיינען שמאָלע און אויף די קאַלטע אַספאַלטן שטייען אויף די קני טויזנטער און טויזנטער אַרבעטער מיט זייערע קעפּ טיף צו דער ערד געבויגן. און איבער דער שטאָט שוועבט אַ ריזיקער מאָנסטער מיט אַ בייטש אין איין האַנט און מיט אַ שטריק, צוגעבונדן צו די אַרבעטער־העלדזער. אָבער פון דער הויך און פון דער ווייט דערטראָגט זיך אַ זינגענדיק־מעכטיקער רוף — און שרעקט אים, דעם שרעקלעכן מאָנסטער:
„הויב אויף! הויב אויף!"

און אין רוף דערקענט זי איר אייגענע שטימע און צווישן די קניענדיקע מענטשן, אין דער שמאָלער גאַס, דערזעט זי איר אייגענעם שאָטן. איצט בעט זי שוין און קעמפט פאַר איר אייגענעם לעבן. נאָר אָט הויבן זיך די אַרבעטער אויף, גלייכן אויס די רוקנס, נעמען רייסן די שטריק פון זייערע העלדזער. און דער מעכטיקער, זינגענדיקער באַפעל טראָגט זיך אַן אַלץ נאָענטער, רייסט אויף די לופט. און די סאָפּראַנאָס מיט די טענאָרן שטרענגען אָן אַלע זייערע כוחות:
„הויב אויף!"
און די אַלטאָס מיט די באַסן שטויסן זיי אונטער:
„הויב אויף דיינע אויגן, אָ, פאָלק, גיי אַרויס פון די פינצטערע קברים!"

און דאָס פאָלק האָט זיי שוין דערהערט, פאַרשטאַנען זייער רוף, דערקענט זיינע פריינט. עס רייסט שוין פון זיך די קייטן, עס זוכט אַ וועג פון די פינצטערע קברים, פון די שמאָלינקע געסלעך. און אין אַ ווילדן עקסטאַז, צעגיסט זיך דער כאָר אין אַ פיר־שטימיקן שטראָם, וואָס רופט און פירט און רעגט און זאָגט־צו:

„הויב אויף דיינע אויגן צו מזרח און מערב, צו צפון און דרום,
און נעם די געירשנטע אוצרות און נעם פון דיין אַרבעט די פירות!
און שאַפנדיק לעב, און געניסנדיק שאַף פאַר די פרייערע דורות,
און נעם! און נעם! און נעם!"

טרערן האָבן זיך געגאָסן איבער רבקהס באַקן, און אין מוח האָט געהאַלטן אין איין אָפּקלינגען: „און נעם! און נעם! און נעם!"

אין זאַל איז ליכטיק געוואָרן. דער עולם איז אויפגעשפרונגען פון די ערטער און געהאַלטן אין איין אַפּלאָדירן. חבר שענגלאָף איז עטלעכע מאָל אַרויסגעקומען, זיך געהאַלטן אין איין פאַרנייגן פאַרן עולם, אָנווייזנדיק יע־דעס מאָל אויף די זינגער. איין מעכטיקע, הייס־וויברירנדיקע שנור האָט איצט געהאַלטן צוזאַמענגעבונדן דעם כאָר מיטן עולם. די לופט איז פול געווען מיט אַפּלאָדיסמענטן.

און מיט דער זעלבער באַגייסטערונג, מיט וועלכער דער כאָר האָט גע־זונגען דאָס ערשטע ליד, האָט ער דורכגעפירט די גאַנצע פּראָגראַם. און דער עולם איז ניט מיד געוואָרן צו אַפּלאָדירן און אַרויסצורופן דעם דיריגענט. אייניקע לידער האָט מען געמוזט איבערזינגען אַ צווייטן מאָל. ס'איז געווען אַן אָוונט פון גרויסער דערהויבונג, ווען די קראַפט פון געזאַנג, פון ליד, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָן, אין וואָפן, וואָס מונטערן און שטאַרקן און פירן און ווייזן אַ וועג צו אַ נייער, אַ שענערער וועלט.

ווען דער פאָרהאַנג איז צום לעצטן מאָל געפאַלן, האָט צוערשט סאָפי, דערנאָך פאַלין זיך אַרומגעכאַפּט מיט רבקהן און זיך צעקושט.

— נו, רבקהלע, ווי פילסטו? — האָט פאַלין איר, צום ערשטן מאָל, גע־נומען זאָגן „דו".

עס טוט דיר אפשר באַנג, וואָס דו האָסט זיך געלאָזט אַריינשלעפּן צו אונדז מיט דריי חדשים צוריק? — האָט זיך סאָפי סאַרקאַסטיש נאָכגעפרעגט.

רבקה האָט זיי געוואָלט ענטפערן, נאָר דאָ איז אָנגעלאָפן בעני און זי אַריינגעכאַפּט אין זיינע אָרעמס:

— בראַוואָ, רבקה! איר זענט ניט אָפּגעשטאַנען פון אונדזערע בעסטע! פאַרגעסט ניט, אַז איר זענט אונדזער מיזינקע.

— וואָס פאַר אַ מיזינקע?! — האָט רבקה געלאַכט, — שוין אַ באָבע פון צוויי אייניקלעך.

— זיי רואיק, — האָט איר סאָפי שטיל אַ זאָג געטאָן אין אויער, — דו ביזט ניט די איינציקע.

— פאַראַן ביי אונדז אויך אַ היפּשע צאָל זיידעס! — האָט אַ זינגער אַריינגעוואָרפן.

און חבר שענגלאָף, אַ פאַרשוויצטער, שוין אָן דעם פראַק, איז צוגע־קומען און זיך אַ קלאַפּ געטאָן אין ברוסט־קאַסטן:

— חברטע בעלסקי, אויב איר ווילט זיך איצט אַביסל אויסוויינען, איז מיין ברוסט גרייט פאַר אייך.

אַלע האָבן געלאַכט, זיך איבערגעקוקט מיט גליקלעכע בליקן און גראַ־טולירט איינער דעם צווייטן.

*
**

זיצנדיק אין סאַבוועי, צווישן דער טאָכטער און זון, וועלכע האָבן צו־זאַמען מיטן אײדעם און דער שנור, גאָר אַנגעקוואָלן פון זייער יונג־געוואָ־רענער „מאַ“, האָט זי שטיל, מיט אַ נחתדיקן קול, גערעדט צו זיי:

— איר פאַרשטייט, קינדער, זינט כ׳בין אַריין אין כאַר, בפרט היינט, פיל איך וואָס געזאַנג אָדער מוזיק קען מיינען פאַר מענטשן, פאַר אַרבעטער, פאַר טויזנטער אַזעלכע ווי איך. וואָס איז אייגנטלעך דאָס לעבן? אַ כלי, אַ פּוסטע כלי, וועלכע מען דאַרף ערשט אָנפילן. און עס ווענדט זיך מיט וואָס מען פילט זי אָן. — זי האָט שווער אָפּגעזיפצט. — גוט איז, ווען מען קען זי, די כלי פון לעבן, אָנפילן מיט אַלע גוטע זאַכן, ווי ליבע, קינדער, פּרנסה. אָבער ניט אַלע זיינען זוכה צו דעם. כ׳האָב איך, קינדער, שוין דערציילט, וואָס פאַר אַ שווערע קינדהייט איך האָב געהאַט אין רוסלאַנד, און וואָס פאַר אַ ביטערע צייטן כ׳האָב דורכגעמאַכט אויך דאָ, אין אַמעריקע. אָבער דאַנקען גאָט, כ׳האָב איך דערצויגן צו לייטן גלייך, דערלעבט אַ היפּש ביסל נחת. אָבער אין האַרצן האָט אָפּט גענאָגט, עפּעס האָט געפעלט. אפילו ניט קיין פערזענלעכער פריינט, איז כאָטש עפּעס אַ סביבה, וואו זיך אויסצולעבן, וואו מען זאָל קענען אויסדריקן, אָן רייד, אַלץ, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין האַרצן... אפשר טאַקע אויך אַנטוויקלען אייניקע פעיאיקייטן, וואָס ליגן אין מענטשן טיף באַהאַלטן... אַט נעמט מיך אַליין. מען זאָגט, איך האָב נאָך איצט אַ גוטע שטימע. אַמאָל, געדענק איך, האָט זי געקלונגען ווי אַ גלאָק. מען האָט זי געקענט הערן פאַר אַ מייל זומער אין פעלד. דעם גאַנצן לעבן ליב געהאַט געזאַנג — און וואָס? גאָרניט. און אַזעלכע ווי איך זיינען, מן־הסתם, פאַראַן אין די טויזנטער, — זי האָט געשוויגן אַ ווייל, און שטיל, ווי פאַר זיך, פאַרענדיקט: כ׳פיל, ווי אַ ניי בלאַט וואָלט זיך היינט אין מיין לעבן געעפנט.

— „איט איז אָלראַיט, מאַ!“ — האָט איר די טאָכטער אַ גלעט געטאָן איבער דער באַק, — „אַי עם סאָ גלעד פאָר יו“. און דער זון האָט צוגעגעבן:

— ניט געזאָרגט, מאַ... אַלץ וועט זיין אָלראַיט!

רבקה האָט מיט דאַנקבאַרקייט אַ דריק געטאָן זייערע הענט, צוגעמאַכט די אויגן און זיך איבערגעגעבן צו דעם, אַזוי גוט־באַקאַנטן, ריטמישן קלאַפּן פון די רעדער. מיטאַמאָל האָט זיך אַ שפּאַטישער שמייכל באַוויזן אויף אירע ליפּן: זי האָט זיך ווידער דערמאָנט אָן מילמאַנס רייד וועגן איר „שוואַנען־ליד“, און אַ פריידיקער געדאַנק האָט זיך גענומען פּלעכטן אין איר מוח: „ניין, ברודערקע, דיין מעשה מיט די שוואַנען איז, מעגלעך, טאַקע אַן אמתדיקע, אָבער פאַר מיר פּאַסט זי זיך נאָך דערווייל ניט. ניין, האָסט געמאַכט אַ טעות. פאַר מיר דאַרף מען אויפזוכן עפּעס אַ נאָמען פון אַ פויגל, וועלכער איז אַ טייל פון זיין לעבן געווען פאַרשפּאַרט און וועלכער

האָט זיך אויף דער עלטער ערשט באַפרייט און אָנגעהויבן זינגען... יאָ, אויף דער עלטער. און ער, דער כמעט אַלטער פויגל, פילט נאָך אַ סך כוחות אין זיך, אַ סך חשק צו זינגען און זינגען... ווי אַזוי־זשע קען אַשטייגער אַזאַ פויגל הייסן? וועגן דעם וועל איך טאַקע מאָרגן אײַנדערפרי אַ פרעג טאָן סאָפין אין שאַפּ. זי און די אַנדערע אין כאָר ווייסן אַ סך מער פון מיר. מען וועט זיך אויך מוזן צולערנען אַביסל. ס'איז אַ חרפּה ניט צו קענען...

און מיט אַ גליקלעכן שמייכל אויף די ליפּן, האָט זי זיך ווידער איבער־געגעבן צו די ריטמישע קלאַנגען פון די זיך קייקלענדיקע רעדער...

# צוויי בעטלער

צוויי בעטלער, צוויי אַלטע פריינט, פּרנסה־שותּפים, פּיט און דען — האָבן זיך מיט זייערע משפּחות ניט שלעכט איינגעאָרדנט אין צוויי קעלער־וואוינונגען אין דעם זעלבן, אָרעמען געסל אויף דער צווייטער זייט פונעם וואַשינגטאָן סקוועער, פון וועלכן עס שטראָמט אַרויס די רחבותדיקע ניו־יאָרקער פינפטע עוועניו. זייערע וואוינונגען האָבן זיך געפונען איבער דער גאַס, די פענצטער איינע קעגן די צווייטע און ביידע האָבן אַריינגעקראָגן צוגלייך, זומער און ווינטער, די זעלבע מאָס שטויב אָדער שנייאיקע בלאָטע, קינדערשן טומל און דעם רודער פון די פאַרבייפאָרנדיקע אויטאָמאָבילן און לאַסט־וועגענער.

פּיטס און דענס אויסזען זיינען געווען אַזוי שרייענדיק פאַרשיידן, אַז אָט־די פאַרשיידנקייט אַליין האָט זיך שטאַרק געוואָרפן די פאַרבייגייער אין די אויגן און זיי אָפט ווי געצוואונגען אַריינצורוקן זייערע הענט אין די קעשענעס אָדער בייטלען, אַרויסצונעמען אַ מטבע און זי אַריינוואַרפן אין מעטאַלענעם שיסעלע, וועלכעס דען האָט שטענדיק געהאַלטן אין זיין לינקער האַנט.

פון קיין עלטער איז דאָ ניט פאַראַן וואָס צו רעדן. קיינער פון זיי, פּיט אָדער דען, האָט סיי ווי ניט געוואוסט אויף זיכער, ווי אַלט ער איז; קיינער האָט קיינמאָל, אין לויף פון זייער גאַנצן לעבן, ניט געפּראַוועט פאַר זיי קיין געבורטס־טעג יום־טובים.

פּיט איז געווען פון נידעריקן וואוקס, אַ פּעטלעכער, אַ שווערער, מיט אַ געדיכטן קאָפּ ברוינע האָר און מיט אַ קיילעכדיקן פּנים און אַ פלאַכער נאָז. דען איז געווען אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ קליינעם, געלן פּנים, אַ נאַקעטן קאָפּ און אַ שאַרפער נאָז.

פּיטס הויפּט־געוויכטן אין דער בעטלער־פּרנסה זיינען געווען: זיינע צוויי, פולשטענדיק בלינדע אויגן, אַ צווייפלהאַפטער באַס, און די אַלטע גיטאַרע, אויף וועלכער ער פלעגט זיך גאַנץ געשיקט אַליין אַקאָמפּאַנירן. דענס קאַפּיטאַל אין געשעפט איז באַשטאַנען: פון זיין רעכטן בלינדן אויג, פון אַ גריילצנדיקן, ציגענעם טענאָרל און פון דער קונסט איבערצוקערן די דעקלעך פון זיינע ביידע אויגן מיט די געל־רויטע שליים־הייטלעך אַרויף, אָפט אַניאַגנדיק מיט דעם אַ געפיל פון שרעק און רחמנות אויף די פאַרבייגייער.

ביידע זיינען זיי געווען פאַרהייראַט. פּיטס פרוי האָט געהייסן אַניטאַ און איז פּיזיש געווען דער היפּך פון אים: הויך, דאַר, מיט גוטמוטיקע,

גרויע אויגן און אַ קאָפּ בלאָנדע, געדיכטע האָר. זיי האָבן געהאַט צוויי קינ־דער: אַ יינגל פון ניין יאָר און אַ מיידל פון זיבן. דענס פרוי האָט געהייסן מאַרגאַ און געווען איז זי אַ קורצע, אַ פּעסלדיקע, האָט פאַרמאָגט געדיכטע, שוואַרצע האָר, שוואַרצע אויגן און אַ ברייטלעכע נאָז.

ניט קוקנדיק אויף דער שכנותשאַפט פון דער עלעגאַנטער פינפטער עוועניו מיט אירע רייכע האָטעלן און מויערן — האָבן אונדזערע צוויי בעט־לער געצויגן זייער חיונה אויסשליסלעך פון דער פערצנטער גאַס, פון דער אַכטער ביז דער ערשטער עוועניו, וואו עס האָבן זיך געפונען געדיכטע רייען גרויסע און קליינע קראָמען, וואו די גאַסן האָבן, פון גאַנץ פרי ביז פאַרנאַכט, געשוויבלט מיט אָן אַ צאָל קויפער און פאַרבייגייער.

יעדן פרימאָרגן, אַרום צען אַזייגער, פלעגן ביידע ווייבער אַרויספירן זייערע ברויט־געבער פון די הייזער און זיך טרעפן אויפן ראָג פון דער זיבעטער עוועניו און דער פערצנטער גאַס. זיי פלעגן זיי אויך מיטגעבן פּעקלעך מיט „סענדוויטשעס" און אַביסל פרוכט פאַר זייער מיטאָג און פאַר־נאַכט, אַרום זעקס אַזייגער, זיי טרעפן אויפן זעלבן אָרט און זיי ברענגען אַהיים.

און די קרעמער האָבן שוין געקענט „זייערע" בעטלער, זיך צוגעוואוינט צו זען זיי שטענדיק צוזאַמען און אין איין פרימאָרגן זיך שטאַרק געוואונ־דערט, ווען מען האָט דערזען ביידע בעטלער גיין באַזונדער, יעדן אויף אַ קעגנזייטיקן טראָטואַר פון גאַס. פּיט האָט פלייסיק זיך אַקאָמפּאַנירט אויף זיין גיטאַרע און דען האָט פונעם צווייטן טראָטואַר, מיט זיין ציגענעם שטי־מעלע און מיטן קלאַפּן פון זיין שטעקן, זיך באַמיט אים צו פאַרטויבן.

— זיך, מן־הסתם, צעקריגט, — האָבן איניקע געשמייכלט.

— נישקשה, זיי וועלן זיך אינגיכן איבערבעטן! — זיינען אַנדערע גע־ווען זיכער — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„זיי וועלן זיך אינגיכן איבערבעטן", אַזוי האָט אויך פון אָנפאַנג מאַרגאַ געטראַכט, אָבער דער עניך ברוגז האָט זיך פאַרצויגן שוין אויף דער דריטער וואָך און דען פלעגט אַלע אָוונט אַהיים קומען אַ בייזער, מיט אַ כמעט ליי־דיקער פּושקע.

מאַן און ווייב האָבן זיך אָפט געקריגט, מאַרגא איז גאַנצע טעג אַרומ־געגאַנגען אַ בייזע, ניט רעדנדיק צו קיינעם, אפילו ניט צום איינציקן טעכ־טערל, וועמען זי האָט זייער שטאַרק ליב געהאַט. בפרט האָבן זי געערגערט פּיטס דריי פענצטער איבערן גאַס, וועלכע פלעגן זיך איצט, ווי איר אויף צו להכעיס, יעדן אָוונט אָנצינדן מיט העלער ליכט.

— עפּעס איז ביי זיי לעצטנס יעדן אָוונט צו ליכטיק... עפּעס צו פריי־

לעך... די געשעפטן גייען, ווייזט אויס, ביי זיי זייער גוט... — פלעגט זי אפט דערמאָנען דעם מאַן, וועלכער פלעגט יעדן אָונט, ווי אַ צוגעשמידטער, זיצן ביי דער ראַדיאָ און זיך איינהערן אין דעטעקטיוו־מעשיות.

— זאָלן זיי דאָרטן אַלע גיין צום טייוול! — פלעגט ער אַ ברייזער איר ענטפערן, — זאָלן זיי אַלע פגרן!... איך דאַרף אים ניט, דעם שמוציקן בלינדן!... מיר׳ן אויסקומען אָן אים!

— זיכער! — האָט זי צוגעשטימט, — זיכער וועלן מיר ניט שטאַרבן פון הונגער, אָבער גיב נאָר אָקאָרשט אַ קוק ווי עס פלאַמען ביי זיי אַלע לאָמפּן... ער האָט, מן־הסתם, היינט געגוג געלט אויסגעבעטלט און... דו ביסט אַהיים געקומען מיט אַ ליידיקער פּושקע... איך האָב זי, אַניטען, היינט פאַרנאַכט אַליין געזען שטיין אין „עי־ענד־פּי“ קראָם און קלייבן אַ „סטעיק“... כ׳האָב עס אַליין געזען... אַ סטעיק פון די גאָר גרויסע...

— זאָלן זיי דערוואָרגן ווערן מיט זייערע „סטעיקס“! — האָט דען זיך געהיצט, — כ׳האָב היינט אַזוי וויניק געמאַכט, ווייל כ׳האָב ניט געקענט איבערקערן די דעקלעך פון די אויגן. אַ הינטישער זון, אַ פּאָליציי־מאַן, האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געהאַלטן אין איין דרייען אויף מיין זייט גאַס... כ׳וועל מאָרגן אַרויס צו דער אַרבעט אַכט אַזייגער אינדערפרי און גלייך פאַרנעמען די בעסערע זייט גאַס... אויב ער, אָדער אַניטאַ וועלן מיך ניט לאָזן, וועל איך זיי די קעפּ מיט מיין שטעקן צעשפּאַלטן...

— דאָס וועט ניט העלפן, — איז זי זיכער געווען, — מען וועט אייך אַרעסטירן און ביידן פאַרבאָטן אַרומצוגיין אויף דער 14טער גאַס...

— וואָס־זשע דען ווילסטו?! — האָט ער אַ ברייזער געוואָרפן מיט די לאַנגע הענט און זיין קליינער, נאַקעטער קאָפּ האָט זיך, דראָענדיק, געהויבן און אַראָפּגעלאָזט איבער איר, — כ׳ווייס, ווילסט, מן־הסתם, איך זאָל גלייך לויפן און אים אַ קוש טאָן אין הינטער־חלק?!

— דו ביסט דער שולדיקער! — האָט זי אים שטיל און בייז אָפּגעענטפערט, — איר האָטביידע די גאַנצע צייט געמאַכט איבער געגוג... זיך געטיילט גלייך אויף גלייך... דו האָסט ניט באַדאַרפט אָנפאַנגען גנבענען...

ער האָט איר געוואָלט עפּעס ענטפערן, אָבער זיך צוריקגעהאַלטן, ווי־דער אָנגעשטעלט די ראַדיאָ אויף די הויכע טענער און זיך גענומען איינהערן אין דער איבערגעריסענער מאָרד־געשיכטע.

אַ ווײַלע האָט זי געקוקט אויף אים אָנגעשטרענגט, זיך אַלץ געישובט צי זאָל זי אים זאָגן, אַז, אַחוץ דער דאגה וועגן פּרנסה, מאַטערט זי נאָך מער די לעצטע עטלעכע וואָכן דער באַוואוסטזיין, אַז זי שוואַנגערט, אַז אויב ס׳וועט עפּעס גלייך ניט געטאָן ווערן צו פאַרניכטן דאָס ניט־געוואונטשטע באַשעפעניש, וועט מיט פינף חדשים שפּעטער צוקומען נאָך אַ קינד, נאָך

אַ שרייער, נאָך אַ פּרעסערל... — מיט אַ הוסט האָט זי דורכגערייניקט דעם האַלדז און מיט אַ געמאַכטער רואיקייט אים דערקלערט:

— וועל, ביטאַ זיך וואָס צו באַהאַלטן... מעגסט עס שוין וויסן... איך שוואַנגער.

דער טומל פון דער ראַדיאָ האָט פאַרטויבט אירע ווערטער, ער האָט אָבער אויפגעכאַפּט איר לעצט וואָרט און פלינק זיך אויסגעדרייט צו איר:

— וואָס?! וואָס האָסטו געזאָגט?! דו שוואַנגערסט?!

זי האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ:

— האָסט געהערט, ביסט ניט טויב...

אַ ווײַלע האָט ער זיך, מיט זיין אײַנציקן אויג, פון אויבן אַראָפּ, אײַנגעקוקט אין איר און מיט אַ קרומען שמייכל אַ פרעג געטאָן:

— פאַרוואָס גייסטו ניט צו דיין דאָקטאָר? ער וועט דיר העלפן... ס'איז שוין ניט צום ערשטן מאָל.

— כ'בין שוין געווען... הונדערט דאָלאַר וויל ער, דער הינטישער זון...

— הונדערט דאָלאַר? — דען האָט זיך אײַנגעהערט אין די צוויי ווערטער און איבערגעחזרט: — הונדערט דאָלאַר?!

— יאָ, הונדערט דאָלאַר פאַר דיין... ביסל לויזיקן פאַרגעניגן...

ער האָט גלייך פאַרדרייט די ראַדיאָ און זיך ברייט, נאַרישוואָטע, צעשמייכלט:

— פאַרוואָס בלויז צוליב מיין לויזיקן פאַרגעניגן?... דו ביסט, דאַכט זיך, אויך געווען דערביי?

— „שאַט־אַפּ!"... פאַרמאַך דעם פּיסק דיינעם! — האָט זי אים אַ בייזן זאָג געטאָן און, צוגייענדיק צו דער טיר, זיך ווידער גענומען אײַנקוקן אין די דריי באַלויכטענע פענצטער פון פּיטס וואוינונג און אין איר מאַרך האָבן זיך גענומען פלעכטן פּלענער ווי אַזוי ווידער צו פאַרבינדן די צוויי אײַנגעשפּאַרטע בלינדע און אויך וואו צו קריגן די הונדערט דאָלאַר פאַרן דאָקטאָר.

אָבער טיף אונטער אָט־די ביידע געדאַנקען האָט עמיצנס אַ שטיל, אַ צאַרט, ווי אַ מאַמעשעס קול זי געהאַלטן אין איין וואָרענען: „באַרעכן זיך, מאַרגאַ, וואָס דו ווילסט טאָן... ביסט שוין ווייט ניט קיין יונגעטשקע... אפשר וואָלסטו גאָר אײַנגאַנצן צורו געלאָזט דאָס אָרעמע באַשעפעניש, וועלכעס דו אַליין האָסט אײַנגעפלאַנצט אין דיינע געדערים און וועלכעס דו פילסט שוין אַזוי קלאָר אי מיט שרעק אי מיט אַ באַהאַלטענער פרייד?... באַרעכן זיך: עס איז שוין, מעגלעך, דאָס לעצטע קינד דיינס... דאָס לעצטע. איילט זיך ניט...



אויפן צווייטן אוונט, נאך וועטשערע, האט מארגא זיך ארויסגעכאפט פון הויז, זיך איינגעקוקט א ווײלע אין פיטס׳ דריי העל־באלויכטענע פענצטער און גענומען לאנגזאם אריבערגיין די גאס. שוין ביים סאמע אריינגאנג אין פיטס וואוינונג, כמעט אויפן לעצטן טרעפל, האט זי זיך ווי פאר עפעס דערשראקן און איז שנעל אוועק פון דער טיר. זי איז לאנגזאם צוגעגאנגען צום סאמע עק געסל, עטלעכע מינוטן געקוקט פארטראכט אויפן באלויכטענעם וואשינגטאן סקווער, אויף דער פינפטער עווניו, וועלכע האט, אין דער באגלייטונג פון הונדערטער, שלאנקע, עלעקטרישע לאמפן, אזוי זיכער, אזוי מאיעסטעטיש אריינגעשטראמט דורכן פארפוצטן וואשינגטאן־טויער, אין קליינעם פארק. זי האט געטראכט וועגן די עלעגאנטע, פיל־צימערנדיקע, אפארטמענט־הייזער, וועגן די רייכע האטעלן מיט די באדינער אין ליווריי̈ען פאר די טירן, אבער אט־די אלע בילדער האבן זיך, אין דער זעלבער צייט, ווי געטונקען פאר איר אין א נעפל, פון וועלכן ס׳האבן בולט ארויסגעקוקט בלויז די דריי באלויכטענע פענצטער און די פיר טרעפלעך מיט דער טיר פון בלינדן פיטס קעלער־וואוינונג.

צוריק איז זי געגאנגען פעסט און אנטשלאסן און זיך געאײלט וואס־שנעלער אנצוקלאפן אין פיטס טיר.

— אריין! — האט זיך גלייך דערהערט אניטאס קול. מארגא איז לאנגזאם אריינגעגאנגען און נאך לאנגזאמער פארמאכט הינטער זיך די טיר. איר האט זיך געדאכט, אז די לופט אין קיך איז פול מיטן ריח פון געפרעגלטע סטעיקס.

אניטא, וועלכע האט פריער געהאט געמאכט א פאר טריט צו דער טיר, איז פארוואונדערט אפגעטראטן אויף צוריק. איר קליין שארף נעזל האט זיך ווי א הויב געטאן צום שטערן, און די גרויע אויגן האבן זיך אנגעפילט מיט שרעק. זי האט א שויבער געטאן אירע געדיכטע, בלאנדע האר, וועלכע האבן איר צוגעגעבן דעם אויסזען פון אן איבערגעשראקענעם פויגל.

פיט איז געזעסן ביים פענצטער, נעבן דער ראדיא, זיך איינגעהערט אין א קאו־באי־ליד און געפרואווט אויפכאפן די מעלאדיע אויף זיין גיטארע. דערהערנדיק וועמען אריינקומען, האט ער גענומען שטילער שפילן און א פרעג געטאן:

— ווער איז עס געקומען, אניטא?

אניטא האט, א צעטומלטע, געקוקט אויפן גאסט און אויפן מאן און ניט געענטפערט.

— דאס בין איך, פיט... איך, מארגא! — האט זיך מארגא אפגערופן. פיט האט אויפגעהערט צו שפילן, דער פנים האט זיך ביי אים צוזאמענ־

געצויגן און די האַנט האָט, ניט איילנדיק זיך, גענומען פאַרדרייען דאָס קנעפּל פון דער ראַדיאָ. אַ פּאָר מינוטן איז אַלץ אַרום שטיל געווען, בלויז פונעם איווון האָט זיך דערטראָגן דאָס זידן פון אַ טעפּל מיט קאַווע און דער גע־שמאַקער ריח האָט אָנגעפּילט די לופט.

פּיט האָט זיך אַ שווערן בויג געטאָן מיט זיין מאַסיוון קערפּער פאָראויס און מיט די צוויי בלינדע אויגן זיך גענומען ווי איינקוקן אין גאַסט:

— מאַרגאַ? — האָט ער ניט גלויבנדיק איבערגעפרעגט, — דענס מאַרגאַ?

די קנייטשן אויף זיין פּנים זיינען, אין פאַרוואונדערונג, זיך צעלאָפן ביז די סאַמע אויערן, זיי האָבן זיך אָבער גלייך ווידער צוזאַמענגעקליבן אויף זיין שטערן און זיינע געדיכטע לאַנגע ווייס האָבן, ווי קופּקעלעך טרוקענע גראָז, אונטער אַ שטאַרקן ווינט, זיך גענומען בויגן און ציטערן. ער האָט אַ פּאָר מאָל געעפנט דעם מויל, געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער עס האָבן אים, ווייזט אויס, אויסגעפּעלט ווערטער און ער האָט יעדעס מאָל בלויז באַלעקט די ליפּן.

אַניטאַ איז דערווייל געקומען אַביסל צו זיך און אויסגענוצט דעם מאָמענט:

— באַרואיק זיך, פּיט... מאַרגאַ איז מסתמא אַריינגעקומען זען וואָס איך מאַך... וואָס די קינדער מאַכן. — זי האָט צוגערוקט אַ שטול צו מאַרגאַן: — זיץ, מאַרגאַ!

— אַ דאַנק! וואָס מאַכן טאַקע די קינדער? — מאַרגאַ האָט זיך אַוועק־געזעצט און בעת זי האָט מיט איין אויג געקוקט אויף אַניטאַן האָט זי דאָס צווייטע ניט אַראָפּגענומען פונעם בלינדן.

— אַ דאַנק. זיי זיינען אָלראַיט! — האָט זיך אַניטאַ דערפרייט מיט דער פריינדינס פראַגע, — כ'האָב זיי נאָר־וואָס אַוועקגעלייגט שלאָפן. און וואָס מאַכט דיין סילוויע?

— אַ דאַנק. זי איז אָלראַיט.

פּיט האָט דערווייל מיטן פוס צוגערוקט צו זיך דאָס קעסטל פון זיין גיטאַרע, פאָרזיכטיק אַריינגעלייגט אין דעם זיין אינסטרומענט, זאָרגפעליק אים איינגעדעקט מיט אַ רויטן, וואָלענעם טוך, פאַרמאַכט דאָס קעסטל, אָבער די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין אויסדרייען דעם קאָפּ אין ריכטונג צום גאַסט און ווי אויף עפּעס געוואַרט. ענדלעך האָט ער ניט אויסגעהאַלטן מער:

— איז... נאָך וואָס־זשע ביסטו, מאַרגאַ, פאַרט געקומען? גלאַט אַזוי? פון פריינטשאַפט וועגן?

— און אויב פון פריינטשאַפט וועגן, איז וואָס, פּיט? געפעלט עס דיר ניט? — האָט זי אים אין זיין אייגענעם טאָן טראָציק איבערגעפרעגט.

ער האָט אַ שווערן הויב געטאָן מיט בײדע אַקסלען:

— וועל... אויב אַזוי, איז אַלראַיט... מיר'ן דיך זיכער ניט אַרויסטרייבן. אויב אָבער דו האָסט אינזינען מיך ווידער צוזאַמענצופירן מיט דיין דענען, מאַכסטו אַ טעות... אַ גרויסן טעות... כ'וועל זיך שוין מער ניט לאָזן באַגנבענען פון אים! קיינמאָל ניט! געווען איין מאָל אַ גאָט פאַרדאַמטער נאַר, אָבער כ'וועל עס שוין מער ניט זיין!... ניין, ניט מער!

— רואיק, פיט, רואיק! — האָט אים די פרוי געפּרואווט איינשטילן, — דו הער אויס צוערשט, דערנאָך וועסטו ענטפערן.

— זייער גוט, זייער גוט! — האָט פיט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, — אָבער פאַרגעס ניט, אַניטאַ, אַז דער לומפּ, דער מאַן אירער, האָט ביי אונדז צוגעגנבעט אַ היפּשע סומע געלט. ווער ווייסט וויפל? מעגלעך הונדערטער...

— ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פאַראויס און נערוועז גענומען פּאָכן מיטן צייג־פינגער פון דער רעכטער האַנט אין דער לופטן, — ס'איז אמת, איך בין טאָקע אינגאַנצן בלינד, אָבער אויערן האָב איך שאַרפע: און אַ קוואָדער, אָדער אַ האַלבער דאָלאַר, קלינגט ביי מיר ניט ווי קיין דאַים און אפילו ניט ווי קיין ניקל... כ'האָב שוין לאַנג געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז ער באַגנבעט מיך, אָבער אין יענעם טאָג האָב איך זיך גוט צוגעהערט צו די קלאַנגען: צוועלף קוואָדערס זיינען יענעם טאָג אַריינגעקומען. דאָס מאַכט אויס דריי דאָלאַר; 48 דאַימס מיינט אויך פיר דאָלאַר מיט אַכציק סענט, דערנאָך זיינען געקומען אַרום צוויי הונדערט ניקלס, דאָס איז אויך צען דאָלאַר און פּעניס זיינען געפאַלן אַן אַ שיעור... זיכער אַרום זעקס דאָלאַר. איצט רעכן צוזאַמען, מאַרגאַ, רעכן אַליין צוזאַמען, וועסטו קריגן פונקט 23 דאָלאַר מיט אַכציק סענט. — ער האָט זיך גאַליק צעלאַכט, — און אין אָוונט האָט ער מיר געלאָזט וויסן, אַז ס'איז היינט אַריינגעקומען נײַנצן דאָלאַר פונקט מיט אַכציק סענט. דאָס האָט געמיינט, אַז ער האָט אַראָפּגעגנבעט פונקט פיר דאָלאַר... — ער האָט דראַענדיק אויפגעהויבן ביידע הענט, — אָבער דעם מאָל האָב איך אים שוין געפּאַקט!... — ער האָט טיף אָפּגעזיפצט, — אָבער ווער ווייסט וויפל ער האָט צוגעגנבעט אין פריערדיקע טעג? איך האָב דאָך אים געגלויבט... אינגאַנצן ניט געהיט...

— אַלראַיט, פיט, גענוג! — האָט אים די פרוי געפּרואווט באַרואיקן, — מיר האָבן שוין געהערט וועגן דעם. — זי האָט זיך אויסגעדרייט צו מאַרגאַן, — וועסט אפשר טרינקען אַ טאַסע פרישע קאַווע?

— ניין, טייערע, אַ דאַנק! — האָט מאַרגאַ מיט אַ ציטערנדיקן שמייכל געענטפערט, — און מיטאַמאָל האָט זי אַנטשלאָסן זיך אַ דריי געטאָן צום בלינדן: — אַלרייט, פיט, איך האָב דיך זייער געדולדיק אויסגעהערט, אָבער איצט — הער דו מיך אויס. ערשטנס, גיב איך צו, אַז דו ביסט אינגאַנצן גערעכט, אָבער אין דעם איצטיקן מאָמענט, דעם אמת געזאָגט, גייט מיר

דײַן גערעכטיקײט װײניק װאָס אָן... און מײן ניט, אַז מיר שטאַרבן פון הונגער, אָדער, אַז כ׳בין זיך געקומען בעטן בײ דיר... דען, אַרבעטנדיק אַלײן, האָט אין די לעצטע דרײ װאָכן אױסגעמאַכט גאָרניט שלעכט... און כ׳װיל זאָלסט אױך װיסן, אַז פאַר די געגנבעטע פאַר דאָלאַר האָב איך אים, דעם איזל, גוט און טיף אַרײנגעלײגט אין דער ערד; כ׳האָב אים פשוט און פראָסט געזאָגט, אַז אױב אַזעלכעס זאָל זיך נאָך אײן מאָל איבערחזרן, װעט ער מיך, צוזאַמען מיטן קינד, קײנמאָל מער אין זײנע אױגן ניט זען... יאָ, יאָ, אַזױ האָב איך אים געזאָגט און ער װײסט, אַז איך האַלט מײן װאָרט... כ׳װיל דו זאָלסט אױך װיסן, אַז ער האָט זיך פאַר מיר מודה געװען און בײ גאָט געשװאױרן, אַז ער האָט אָנגעהױבן צו גנבענען געלט בלױז אין די לעצטע פאַר טעג און אַז פאַרנומען האָט ער ניט מער װי צװעלף דאָלאַר... בלױז צװעלף דאָלאַר... געדענק עס, פּיט... און דאָס געלט װעל איך קומענדיקן חודש אַלײן אַרײנברענגען צו דיר אין הױז... און נאָך װיל איך, אַז איר בײדע, דו — פּיט און אױך דו — אַניטאַ, זאָלט װיסן, אַז גענומען דאָס געלט האָט ער ניט כּדי רײך צו װערן, נאָר מיטן אײנציקן צװעק אַרױסצוקריגן פאַרן קינד אַ פּאָליסי אױף צװײ הונדערט דאָלאַר...

אַניטאַ האָט מיט אַ טיפן זיפץ איבערגעשלאָגן מאַרגאָס רײד:

— װײסט, פּיט, מיר װאָלטן אױך באַדאַרפט אַרױסנעמען צװײ פּאָליסיס פאַר די קינדער...

פּיט האָט אַן אומגעדולדיקן מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין דער ריכטונג פון דער פרױ:

— לאָז צורו, אַניטאַ! — און אױסגעדרײט דעם קאָפּ צו מאַרגאָן, — נו, מאַרגאַ, װאָס נאָך האָסטו מיר צו זאָגן?

מאַרגאַ האָט טיף אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם:

— איך װיל דיר, פּיט, אױך זאָגן, אַז כ׳בין הײנט געקומען דיר צו געבן אַ פרײנטלעכע װאָרנונג.

— אַ װאָרנונג? — האָט פּיט איבערגעפרעגט.

— װאָס מײנסטו, אַ װאָרנונג? — איז אַניטאַ געװאָרן אומרואיק.

— און לאָמיר דיר אױך זאָגן, אַז די זעלבע געפאַר דראָעט אױך מיר, מײן דענען און מײן קינד! — האָט מאַרגאַ פּאַטעטיש װײטער גערעדט, — אָבער דענען װעט זײן פיל לײכטער אױסצומײדן אָט־די געפאַר װי דיר, פּיטן.

— װאָס דרײסטו אַ קאָפּ, מאַרגאַ? — איז שױן פּיט געװאָרן אין כּעס.

— זאָג גלײך װאָס דו װילסט! װעסט מיך ניט איבערשרעקן! עפּן דײנע קאָרטן!

— אױב דו ביסט געקומען בלױז אונדז אָנשרעקן, — האָט אַניטאַ זיך כּמעט װי צעװײנט, — טאָ גײ בעסער און קום מער ניט אַהער.

— הער, פיט, — מאַרגאַ האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול, געמאַכט אַ טראָט נאָענטער צום בלינדן און זיך באַמיט אַריינצוגעבן אין איר קול וואָס מער אינטימקייט, וואָס מער צוטרויליכקייט, — אויף אונדזער פּערצנטער גאַס האָט זיך היינטיקע וואָך באַוויזן אַ געפערלעכער שונא, וואָס קאָן מיט דער צייט אַרויסרייסן דאָס שטיקל ברויט פון אונדזערע אַלעמענס מיילער.

אַניטאַ האָט געקוקט אויף מאַרגאַן מיט דערשראָקענע אויגן און פיט האָט זיך נערוועז געקראַצט מיט ביידע הענט אין זיין רויטן, שוין היפּשלעך אָנגעקראַצטן האַלדז:

— איך ווייס נאָך אַלץ ניט וועגן וואָס דו רעדסט.

— הער, פיט: אַ נייער, יונגער, בלינדער האָט זיך לעצטע וואָך באַוויזן אויף אונדזער גאַס. ער טראָגט אַן אוניפאָרם פון אַ סאָלדאַט און, דאַכט זיך, אויך אַ פּאָר מעדאַלן אויף דער ברוסט...

— איז וואָס? — האָט זי פיט איבערגעשלאָגן, — איך בין אויך אַן אמתער בלינדער, און אַ אוניפאָרם מיט מעדאַלן איז אויך ניט שווער צו קריגן. וואָס נאָך האָסטו צו זאָגן?

— דאָס וויכטיקסטע, פיט, האָסטו נאָך ניט געהערט, — האָט אים מאַרגאַ, מיט באַהאַלטענעם שפּאָט אין קול, פאַרזיכערט: — און דאָס איז, אַז אָט־דעם בלינדן פירט אַ גרויסער, דייטשער פּאָליציי־הונט. אַ הונט די גרויס ווי אַ קאַלב, אַ הונט פון וועלכן מענטשן רוקן זיך אָפּ אין שרעק, אין אַ זייט, ווען ער פירט דעם בלינדן צו זיין אָרט. און וואָלסט באַדאַרפט זען, פיט, ווי אָט־דער בלינדער, נאָך איידער ער זעצט זיך אַליין אַוועק אויף זיין קישעלע, שפּרייט ער צוערשט אויס אַ ווייכן טעפּיך פאַר זיין הונט און גלעט אים, און בעט אים זיך אַוועקצולייגן... און דער הונט וויל ניט, און ברומט, ווי אַ לייב און קוקט מיט ברענענדיקע אויגן אויפן עולם, וועלכער זאַמלט זיך צונויף און שטייט און באַטראַכט די סצענע... און דו, פיט, וואָלסט באַדאַרפט זען, — האָט מאַרגאַ ווייטער דערציילט, ניט אַראָפּנעמענדיק איר בליק פון פיטס איצט שוין עטוואָס דערשראָקענעם פּנים, — ווי אָט נאָך דער סצענע, הויבט עס יעדעס מאָל אָן צו רעגענען אין בלינדנס גרויסער שיסל מיט זילבערנע מטבעות: קיינע פּעניס, בלויז ניקלס, דאַימס, קוואָדערס. כ'האָב נעכטן אַליין איבערגעציילט אַכט האַלבע דאָלאַרן און דריי צי פיר גרינע דאָלאַר פּאַפּירלעך... פאַרשטייסטו נאָך אַלץ ניט, וואָס פאַראַ געפאַר עס דראָעט אונדז אַלעמען? אָבער דו, פיט, ביסט פּערזענלעך אין אַ טויט־געפאַר, ווען דו, גייענדיק אַליין, וועסט אַמאָל, צופעליק, אָנטרעטן אויף אָט דעם געפערלעכן הונט... צעררייסן אַ מענטשן אויף שטיקער איז ביי אים אַ גאָרניט...

מאַרגאַ האָט געוואוסט ווי שטאַרק דער בלינדער פיט האָט מורא פאַר

הינט. לעצטן יאָר האָט אַ שכנישער קלייַנער הינטל אים איין מאָל אַ ביס געטאָן אין פוס. דרייַ טעג איז ער נאָך דעם ניט אַרויס פון הויז, געליטן פון אַ נערוועזן צוזאַמענבראָך, און ער קען נאָך ביז הייַנט ניט הערן אָן שרעק דעם געביל פון אַ הונט.

פּיטס שרעק פאַר הינט — איז געווען מאַרגאַס הויפּט־קאָרט און אויף איר האָט זי איצט געשפּילט.

— הערסט, פּיט, — איז זי צוגעגאַנגען נאָך נאָענטער צו אים, — עטלעכע מאָל בין איך הייַנט פאַרבייַגעגאַנגען אָט יענעם גאָט פאַרדאַמטן בלינדן מיט זייַן הונט, זיך אָפּגעשטעלט פון ווייטנס און דעם הונטס בלוטיקע בליקן, זייַנע שאַרפע ציין און בייזער ברומען האָבן אויף מיר אָנגעוואָרפן אַ פּחד...

פּיטס פינגער האָבן זיך אַלץ טיפער אייַנגעקלעמט אין זייַן רויט־געוואָרע־נעם האַלדז:

— וואַרט אַ רגע, — האָט ער זיך מיטאַמאָל וועגן עפּעס דערמאָנט, — נעכטן איז עס געווען. ס׳האָט באַדאַרפט זייַן נעבן דער פינפטער עווענױ. כ׳האָב זיך, כ׳ווייס ניט ווי אַזוי, אָפּנים, פאַרקירעוועט צו דער וואַנט און גענומען קלאַפּן מיט מייַן שטעקן, — זייַנע באַקן האָבן אַ נערוועזן ציטער געטאָן, — מיטאַמאָל האָב איך דערהערט פאַר זיך אַ שטילן ברומען טאַקע ווי פון אַ גרויסן הונט. אַ מאַן האָט מיך צוריקגעפירט אין מיטן פון טראָ־טואַר און אַ זאָג געטאָן: — ביסט שיעור ניט אַרויף אויפן בלינדנס הונט...

— אָט דאָס איז עס טאַקע וואָס איך מיין! — האָט מאַרגאַ טריאומפירט, — און וואָס אַשטייגער וועט זייַן, פּיט, ווען אָט יענער יונגער בלינדער און אפשר זעט ער נאָך אַביסל, ווי מיין דען... וואָס וועט פּאַסירן, אויב אָט יענער הינטישער זון, וועט שטילנקערהייט אַ באַפעל טאָן דעם הונט זייַנעם אַ שפּרונג צו טאָן אויף דיר, האַ? מיין דען קען זיך נאָך אויסהיטן פון אַזאַ אומגליק, אָבער וואָס וועסטו טאָן? אויס פּיט, אויס גיטאַרע, אויס פּרנסה! — און אין געדאַנק האָט זי, מיט נצחון, צוגעגעבן: „אויס געפּרעגלטע סטעיקס, אויס העל־באַלויכטענע פענצטער“...

פּיט איז געזעסן מיט אַ טיף געבויגענעם קאָפּ און דער גאַנצער פּנים זייַנער איז געווען צוזאַמענגעצויגן מיט טיפע, פייַנלעכע קנייטשן. די פינ־גער אויף זייַן רויטן קאַרק זייַנען איצט געווען בלייך און האָבן לייכט גע־ציטערט.

אַניטאַ האָט שטיל געווישט די פאַרווייַנטע אויגן.

**
*

מיט צווייַ טעג שפּעטער, אין אַ זוניקן פרימאָרגן, האָבן ביידע פרויען

שוין ווידער געפירט זייערע מענער צו זייער אַרבעט אויף דער פּערצנטער גאַס. כדי זיך ניט צו וואַרפן צו־שטאַרק די פאַרבייגייער אין די אויגן, האָט מאַרגאַ געפירט דענען אויף איין זייט גאַס און אַניטאַ פּיטן אויף דער צווייטער. אויפן ראָג פון דער זיבעטער עוועניו האָבן זיך ביידע פאַרלעך צוזאַמענגעטראָפן. דער היכער, דאַרער דען האָט אַנגענומען מיט זיין רעכטער האַנט פּיטס לינקן אָרעם און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— גוט מאָרגן, פּיט! און זאָרג ניט: ס׳וועט שוין מער ניט פּאַסירן... איך שווער ביי גאָט, — פּונקט די ווערטער, וואָס מאַרגאַ האָט מיט אים איינגעחזרט אין דער היים.

אויף דעם האָט פּיט שטיל געענטפערט:

— אָלראַיט. זע, האַלט וואָרט. אויב ניט, וועל איך דיך מיט מיינע אייגענע הענט דערשטיקן. איך שווער עס אויך ביי גאָט.

— אָלראַיט, באָיס, רירט זיך! — האָבן ביידע פרויען שטיל אַ זאָג געטאָן, שטייענדיק הינטער זיי, — אין אַ גוטער שעה!

פּיט האָט אָנגעשטעלט די גיטאַרע, ביידע זינגער האָבן זיך אויסגעהוסט, דען האָט פאַרקאַטשעט די ראָז־געלע ווייס איבער די ווייסלען פון זיינע אויגן און, גייענדיק מיט פאַרזיכטיקע טריטעלעך, האָבן ביידע מיטאַמאָל זיך הויך צעזונגען:

You are my sunshine,
My only sunshine,—
You make me happy,
When skies are gray.

You'll never know, dear,
How much I love you,
Please don't take
My sunshine away!

און מיט אַ צען, צוועלף טריט הינטער זיי זיינען נאָכגעגאַנגען זייערע פרויען און, האַלטנדיק אַ שאַרפן אויג אויף זייערע מענער, שטיל געשמועסט צווישן זיך:

— דאַנקען גאָט, — האָט די ערשטע באַמערקט אַניטאַ, — אַבי זיי האָבן זיך שוין איבערגעבעטן.

— און זיי רואיק, — האָט זי מאַרגאַ פאַרזיכערט, — איך וועל שוין אַליין אַכטונג געבן, אַז אַלץ זאָל צוגיין ווי עס באַדאַרף צו זיין.

— ווען עס טאָקע דאַרפן טאָן, — האָט אַניטאַ צוגעשטימט, — זעסט דאָך: מיין פּיטן קאָן מען ניט נאַרן.

אַ ווײַלע האָבן ביידע געשוויגן, דערנאָך האָט מאַרגאַ, ווי פאַר זיך, טיף אָפּגעזיפצט: — הונדערט דאָלאַר וויל ער ביי מיר, דער הינטישער זון, דער דאָקטאָר...

אַניטאַ האָט, פון דער זייט, געוואָרפן אַ פרעגנדיקן בליק אויף דער חבר־טעס בויך, שנעל עפּעס אַ רעכן געטאָן און זיך גלייך אָנגעשטויסן:

— וואָס, ביסט שוין ווידער אַריינגעפאַלן?

— יאָ, שוין דעם צווייטן מאָל. דעם ערשטן מאָל האָט ער עס געמאַכט פאַר דרייסיק דאָלאַר... און איצט וויל ער הונדערט, דער שמוציקער הונט!

— ווען דו פאָלגסט מיך, — האָט אַניטאַ פעסט באַמערקט, נאָך אַ קורצן שווייגן, — שיקסטו דיין דאָקטאָר צום שווארצן יאָר... זאָל ער ברעכן האַלדז און נאַקן, דער רויבער... פאָלג מיך, מאַרגאַ, איין קינד איז ניט געגנוג אין אַ פאַמיליע... ווער ווייסט, וואָס עס קען אַמאָל פּאַסירן מיט דעם... מיט צוויי איז זיכערער און פריילעכער. איך האָף, אַז די געשעפטן וועלן איצט אַוועק בעסער...

— איך האָף אויך אַזוי, — האָט מאַרגאַ טיף אָפּגעזיפצט, — הונדערט דאָלאַר, אַזאַ נידערטרעכטיקער קערל! אפשר ביסטו, אַניטאַ, טאַקע גערעכט. כ׳וועל אַ קלער טאָן, — אַ שטילע פרייד האָט זיך צעגאָסן איבער אַלע אירע גלידער: — יאָ, כ׳וועל טאַקע אַ קלער טאָן... מיט צוויי קינדער איז טאַקע זיכערער...

אַניטאַ האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן גרויסן טורעם־זייגער פון דער גאַז־קאָמפּאַניע:

— מען דאַרף שוין גיין. שוין נאָך עלף. די קינדער וועלן באַלד קומען פון סקול.

— ווי שנעל דער פרימאָרגן איז פאַריבער, — האָט זיך מאַרגאַ גע־חידושט, — קום, אונדזערע מענער וועלן זיך שוין באַגיין אָן אונדז...

ביידע פרויען זיינען שטיין געבליבן אויפן ראָג פון דער פינפטער עוועניו, האָבן מיט די בליקן אָפּגעזוכט, צווישן עולם, זייערע מענער, זיך איינגעהערט אין דעם לידל און אפילו אויפגעכאַפּט די לעצטע צוויי שורות:

You make me happy,
When skies are gray.

— קום, מאַרגאַ, זיי וועלן שוין ניט פאַרפאַלן ווערן.

— כ׳גיי, טייערע! — האָט איר מאַרגאַ געענטפערט, מיט אַ פריידיקן

געלעכטער, פילנדיק פונקט ווי דאָס נפשל, נאָך טיף אין איר אינגעווייד, וואָלט זיך אויך דערפרייט מיט איר באַשלוס עס ניט צו טויטן. און, אַרומנעמענדיק די פריינדינע, האָט זי פאָרגעשלאָגן:

— ווייסטו גאָר וואָס, אַניטאַ, לאָמיר היינט לכבוד דעם איבערבעטן זיך פון אונדזערע מענער, מאַכן אַ יום־טוב... טאַקע מיט סטעיקס און מיט ווין... און עסן צוזאַמען... אַלץ איינס: ביי מיר צי ביי דיר?

— איך דענק, אַז ס'איז אַ גוטער געדאַנק! — האָט אַניטאַ פריילעך צוגעשטימט, — מיר'ן זיי מאַכן אַ סורפּריז. און עסן וועלן מיר ביי אונדז: מיין אויוון איז אַ בעסערער ווי דיינער.

— אָלראַיט! — האָט מאַרגאַ צופרידן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, — זאָל זיין ביי דיר.

ביידע פרויען האָבן זיך פאַרנומען אויף דער רייכער פינפטער עוועניו צו זייער אָרעמען געסל, צו זייערע האַלב־קעלער וואוינונגען...

# מחותנים

„עך, ווען מענטשן וואָלטן נאָר געוואוסט", זיפצט שטיל אין זיך בערל גודמאַן, פאַרנדיק מיט זיין פרוי, גיטל, אין סאַבוועי, צום שפּיטאָל, וואו עס געפינט זיך זייער איינציקע טאָכטער רייזעלע. „ווען מען וואָלט געקענט כאַטש עטוואָס פאָראויסזען... כאָטש אין טראָפּעלע... דורך אַ שפּעלטעלע כאָפּן אַ קוק אין דער צוקונפט"... — טראַכט ער ווייטער און צופּט דערביי אויטאָמאַטיש זיינע קליינע, האַלב־גרויע וואָנצעס. און יעדעס מאָל, ווען זיין געדאַנק שטויסט זיך אָן אויף עפּעס אַ פיינלעכער דערינערונג, גיט זיך דער לינקער טייל פון זיין ברוין־ברייטלעכן פּנים אַ נערוועזן דריק צוזאַמען, די דיקלעכע נאָז גיט זיך דערביי אַ הייב און די שוואַרצע אויגן ווערן קלענער און שמעלער.

זיצן מאַן און ווייב, בערל און גיטל גודמאַן, אויף דער לאַנגער, שטרויענער סאַבוועי־באַנק, זיצן ביידע אַזעלכע שטאַטנע, שטילע, ווי אויסגעלאָשענע. גיטלס פּנים איז קרענקלעך־וויס, און די צוויי פאַרבליבענע פלעקן פון אירע, אַמאָל נאַטירלעך־ראָזעווע, באַקן, זעען איצט אויס ווי אָפּגעבלאַקירט — אַנטקעגן אירע רויטע, נאָכלעסיק־אָנגעשמירטע ליפּן. איר קליין באַחנט נעזל קוקט, דאַכט זיך, אַזוי אומעטיק אַרויס פון צווישן אירע באַקנביינער, און די גרויסע, בלויע, נאָך איצט זייער שיינע אויגן, זיינען פול מיט טרויער. זי קוקט פאַרטראַכט פאַר זיך, אָבער בלויז איין־איינציקער געדאַנק איז איצט ווי פאַרגליווערט אין איר מאַרך: וואָס גיכער צו דערפאָרן צום שפּיטאָל, אַרויפלויפן די טרעפּ און צודריקן רייזלס קאָפּ צו איר ברוסט.

שוין די דריטע וואָך, ווי רייזעלע, די טאָכטער זייערע, ליגט אין שפּיטאָל. זי האָט געהאַט אַ האַרץ־אַטאַקע. טיף, אין זיך, איז בערל זיכער, אַז ער איז עס דער איינציקער שולדיקער אין דער טאָכטערס קראַנקהייט. ווען ניט ער, וואָלט רייזעלע ניט חתונה געהאַט מיט אַ איטאַליענער, וואָלט טערעזאַ און בעניטאָ קאַראַנזאָ ניט געווען זייערע מחותנים, וואָלט מען פאַרשפּאָרט אַזוי פיל עגמת־נפש, אַזוי פיל האַרצווייטאָק און רייזעלע וואָלט קיין האַרץ־קראַנקהייט ניט געקראָגן... ווי קומט צו איר אַ האַרץ־קראַנקהייט? זי איז פון תמיד אָן געווען אַ געזונט קינד, און זיך קיינמאָל אויף קיין אבר ניט באַקלאָגט. ס'איז ניטאָ קיין שום צווייפל, אַז די צרות פון פאַר דער חתונה, אָט יענע אַלע געוויינען, קריגערייען, שלאָפלאָזע נעכט, האָבן, ווייזט אויס, אונטערגעגראָבן איר געזונט. און ער גלויבט ניט די דאָקטוירים, אַז די קראַנקהייט איז מעגלעך אין איר פאַרבליבן נאָך פון דער ערשטער קימפּעט.

ס'איז נישט אמת: ווען זיי, די דאָקטוירים, וואָלטן געוואוסט כאָטש איין־צענטל, וואָס ביי זיי אין הויז האָט זיך מיט דריי יאָר צוריק אָפּגעטאָן, וואָלטן זיי גאָר אַנדערש גערעדט...

יאָ... ווען מענטשן וואָלטן געקענט פאָראויסזען, צו וואָס זייערע אייגענע טאָטן וועלן זיי דערפירן, וואָלט ער אַליין זיכער ניט געווען געשיקט רייזעלען אַלע וואָך צו די קאַראַנזאַס אין קראָם קויפן פאַר אים געזאַלצענע מאַסלינעס מיט איטאַליענישן „אָליוו אויל"... אַ דאָלאַר פאַר יעדער מאַסלינע וואָלט ער געצאָלט אין יעדער אַנדער קראָם, און אַהין זי זיכער ניט געווען גע־שיקט... ער וואָלט זיך אײַנגעצן אָן מאַסלינעס באַגאַנגען, און פון נוצן אײַנפּאַכן בוימל צו זײַנע סאַלאַדן וואָלט ער אויך ניט געשטאָרבן... איז ער אָבער געווען בלינד און טויב און זי אַליין געטריבן אַהין, אין פייער אַריין... און אַלץ צוליב דער קישקע ווען: ווייל פון דאָרטן פלעגט זי אים ברענגען אַזעלכע זאַפטיקע פעד־שוואַרצע, מאַסלינעס, די גרויס פון וועל־שענע ניס, ווי אויך דעם טײַערסטן אויל, און די פּרײַזן זײַנען שטענדיק געווען פיל ביליגערע, ווי אין אַנדערע קראָמען... גיי זיי אַ חכם...

— רייזעלע, וואָס רעכנט מען דיר עפּעס אַזוי ביליק פאַר די מאַסלי־נעס? אומעטום קאָסטן אַזעלכע „באָמבעס" ניט ווייניקער פון 35־40 סענט אַ פונט, און דו צאָלסט בלויז 25? דאָס זעלבע איז אויך מיטן פּרייז פון אויל... וואָס איז? ער גנבעט דאָרטן, דער קרעמער דײַנער, זײַן סחורה?

רייזעלע ענטפערט ניט גלייך. זי נעמט אויפמערקזאַמער בלעטערן דעם בוך, אין וועלכן זי האָט ביז איצט אַרײַנגעקוקט, זיצנדיק ביים טיש, און אַ געדיכטע רויטקייט פאַרגיסט איר מאַט־ברוינעם פּנים.

— ס'איז דערפאַר, טאַטע, ווייל כ'האָב דאָרטן אַ שטיקל באַקאַנטן. אַנ־טאָניאָ הייסט ער... מיר זײַנען צוזאַמען געגאַנגען אין סקול... ער אַר־בעט טאַקע אין זײַן טאַטנס קראָם... ער זאָגט, אַז ער וועט מיר אַלץ פאַר־קויפן זייער ביליג... — זי וואַרפט אַ שנעלן בליק אויפן פאָטער און פאַר־ענדיקט מיט אַ גלייכגילטיקן מאַך מיט דער האַנט: — אָבער ווער דאַרף עס האָבן זײַנע טובות?!

בערל לאַכט גוטמוטיק:

— אַזוי גאָר? אין סקול צוזאַמען געגאַנגען? ווי ס'זעט אויס, קומט אַ פרײַנט אומעטום צוניץ. אויב שוין יאָ אַזוי, טאָכטער, טאָ זיי אַזוי גוט און פרעג דײַן פרײַנט, צי מען קען ביי אים, אָדער דורך אים, ניט קריגן אַ פּאָר גאַלאָן גוטן ווײַן? איטאַליענער זײַנען מיידימס אויף צו מאַכן ווײַן.

רייזעלע איז אַ ברונעטקע. אירע אויגן און האָר פינקלען ממש פון שוואַרצקייט, איר פּנים איז אַ לענגלעכס, אַ מאַט־ברוינס, דאָס נעזל אַ גלייכס, מיט צוויי פלאַטערנדיקע פליגלען; אויגן האָט זי גרויסע, בלויע, ווי ביי

דער מאַמען, און ליפּן, אפילו אַן דער ליפּן־פּאָמאַדע, ווי צוויי נאַר־וואָס צעעפנטע בלעטלעך פון אַ רויטער סאַמעט־רויז. און אַז זי פּוצט זיך נאָך דערצו אויס אין איר שוואַרץ־סאַמעטענעם קליידל מיט אַ שנירל בלוט־רויטע קאָרעלן אַרום דעם שלאַנקן האַלדז, און פּלעכט נאָך דערצו איין אַ רויטע, סאַמעטענע רויז אין די פּעך־שוואַרצע האָר, זעט זי אויס ווי די שענסטע „קאַרמען".

קוקט איצט רייזל, כלומרשט, אין בוך, אָבער די אויגן זײַנען, אונטנאַרומערט, געווענדט אין דער ריכטונג צום טאַטן, און רעדן רעדט זי מיט אַ געמאַכטער גלייכגילטיקייט:

— ווײַן, זאָגסטו, פּאַפּאַ?... כ'האָב דיר טאַקע פאַרגעסן צו זאָגן: לעצטע וואָך, ווען כ'בין געווען דאָרטן נאָך מאַסלינעס, האָט אַנטאָניאָ מיך אַליין געפרעגט, צי דו דאַרפסט ניט קיין ווײַן... ביי זיין טאַטן אין קעלער, האָט ער געזאָגט, זײַנען פאַראַן אַ סך פעסער מיט זייער גוטן ווײַן...

זי מאַכט האַלב צו דאָס לינקע אויג, און וואַרט אָנגעשטרענגט אויפן פאָטערס ענטפער.

דער מוטער גיטלען געפעלט אינגאַנצן ניט דער עסק מיטן לויפן אין אַ איטאַליענישער קראָם נאָך מאַסלינעס און בוימל. ניט זי האָט ליב מאַסלינעס, ניט זי קאָן פאַרטראָגן דעם ריח פון מאַסלינע־בוימל, און ווײַן פאַרזוכט זי פון איין פּסח צום צווייטן. עפּעס געפעלט איר ניט די גאַנצע מעשה, און זי רופט זיך אָפּ פון קיך, וואו זי שטייט און וואַשט דאָס געפעס:

— וואָס איז, בערל? וואָס דרייסטו איר שוין עפּעס אַ קאָפּ מיט ווײַן? ווער דאַרף עס דעם טריפ'ענעם ווײַן זייערן? גיי אַרײַן צו ר' פּנחסן, דעם לאַנדסמאַן דײַנעם, ועסטו קריגן ווײַפּל ווײַן ועסט נאָר באַדאַרפן... און, כ'בעט דיך, לאָז דאָס קינד צורו!... — זי באַווײַזט זיך אין טיר פון קיך מיט אַ טעלער און האַנטוך אין די הענט, און זאָגט שטרענג צו רייזלען:

— כ'וויל ניט דו זאָלסט מער לויפן אַהין! דו הערסט, צי ניין!?.. מאַסלינעס קאָן מען קריגן אויך ביי אונדז אין גראָסערי, און בוימל אויך... גוטן בוימל, אָן דעם גערוך פון מאַסלינעס...

רייזלס ברעמען ציִען זיך פאַרדריסלעך צוזאַמען, און די ליפּן טוען זיי נאָך, אָבער די בליקן אירע ציִען זיך נאָך אַלץ, מיט האָפענונג, צום טאַטן: וואָס וועט ער איצט זאָגן?

און בערל לאַכט גוטמוטיק פון דער פרוי:

— וואָס ווייסטו, גיטל, וועגן אַ גוט גלעזל ווײַן? — און צו רייזלען זאָגט ער מיט אַ שמייכל: — די מאַמע איז גערעכט, טאָכטער. אומישנע גיין אַהין דאַרפסטו זיכער ניט, אָבער ווען ס'וועט דיר אַ צווייטן מאָל אויסקומען צו זיין דאָרטן, גיב אַזוי זיך אַ טאַפּ וועגן די פּרייזן...

אין רייזלס אויגן פינקלען־אויף צוויי ווייסע פייערלעך, די ברעמען גלייכן זיך אויס, און מיט אַ צופרידענעם שמייכל טראָגט זי אים שוין דעם ענטפער אַנטקעגן:

— כ׳האָב אים שוין געפרעגט, טאַטע. ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער וועט דיר רעכענען זייער ביליג. ניט מער ווי עס קאָסט אים אַליין. ער וויל בלויז וויסן, וואָס פאַר אַ מין ווייַן דו האָסט ליב? אויך רויטן אָדער ווייסן? — און צו דער מוטער גיט זי ווי אַ וואָרף די ווערטער: — אַנטאָניאָ זאָגט, אַז ער האָט זייער ליב יידן, און ווען ער ווערט ניט געבוירן קיין קריסט, וואָלט ער בלויז געוואָלט זיין אַ ייד!

— אַ גליק אויף מיין באָבען! — צעלאַכט זיך גיטל סאַרקאַסטיש. זי מאַכט צוויי שפאַן אין צימער אַריין, און קוקט מיט פאַרדאַכט אויף דער טאָכטער: — זאָג מיר נאָר, כ׳בעט דיך, וואָס גייט עס דיר אַזוי שטאַרק אין לעבן צו לויפן אַהין?... — זי שפאַרט־אונטער אירע זייטן מיטביידע הענט. אין איין האַנט האַלט זיך נאָך אַלץ אַ טעלער, אין דער צווייטער — אַ האַנטוך.

רייזל דערשרעקט זיך: איר פּנים ווערט בלייך, די אויגן גיבן זיך אַ יאָג צו די ווינקלען פון צימער:

— עס גייט מיר גאָר ווייניק וואָס אָן, — זאָגט זי מיט אַ באַליידיקטער מינע, — דער פּאַ האָט געפרעגט, האָב איך אים געענטפערט... „דעט׳ס־אָל״!... — זי פאַרטיפט זיך ווידער אין לייענען דעם בוך.

דער געשפרעך איז פאַרגעקומען אין אַ דאָנערשטאָג אָונט, און שבת, אַרום עלף אַזייגער איבערפרי, ווען רייזל האָט זיך געבאָדן און גיטל איז געווען ביי אַ שכנה, האָט דאָס גלעקל פון בערל גודמאַנס טיר אַ שטילן, ניט זיכערן, קלונג געטאָן. בערל האָט געעפנט די טיר. פאַר אים איז גע־שטאַנען אַ שיינער, הויכער יונגערמאַן, אויסגעפּוצט אין אַן עלעגאַנטן, ליכ־טיק־זומערדיקן אַנצוג, זיין פּאַנאַמאַ־הוט איז געווען הויך פאַררוקט איבערן שטאַרק־פאַרשוויצטן שטערן. אין די הענט האָט ער געהאַלטן צוויי גאַלאָן וויין.

— גוט־מאָרגן! — האָט ער זיך העפלעך פאַרנויגט. — דאָס זענט איר, מיסטער גודמאַן? — זיין קול איז פול געווען מיט אַ מין מאָדנעם ציטער, די שוואַרצע אויגן האָבן ניט זיכער געקוקט אויף בערלען און אַ פּאָר מאָל ווי געזוכט אַן אָרט וואו זיך צו באַהאַלטן. ער האָט, ווייזט אויס, זיך היפּשלעך פאַר עפּעס געשראָקן.

— יאָ, איך בין מיסטער גודמאַן.

— און איך בין אַנטאָניאָ קאַראַנזאַ. אייער טאָכטער האָט מיר גע־זאָגט... כ׳מיין, זי האָט באַשטעלט... — ער האָט זיך אינגאַנצן צעטומלט

— אפילו ניט באַשטעלט, נאָר גלאַט אַזוי איבערגעגעבן... כ׳מיין, געע־פרעגט וועגן ווייַן... נו, איז אַט... ער האָט דערבײַ אָנגעוויזן מיטן קאָפּ אויף די צווײַ גאַלאָן, וועלכע ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אין די הענט, — האָב איך אייך געבראַכט אַביסל גוטן ווייַן!... — ער האָט מביניש אַ סמאַטשקע געטאָן מיט די ליפּן, — דעם בעסטן ווייַן אין טאַטנס קעלער.

איצט האָט זיך שוין בערל אַביסל פאַרלוירן:

— אַ שיינעם דאַנק אייך, יונגערמאַן, אָבער... כ׳האָב מיין טאָכטער געהייסן בלויז פרעגן דעם פּרייז... — ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז ס׳איז ניט אָנשטענדיק צו האַלטן אַ גאַסט אַזוי לאַנג אינדרויסן, און ברייטער צע־עפנט די טיר: — קומט אַריין אַביסל און האַלט זיך ניט מיט די פלעשער אין די הענט.

— אַ דאַנק! — האָט זיך אַנטאָניאָ דעפריייט. ער איז אַריין אין גאַסט־צימער, אַוועקגעשטעלט די פלעשער ווייַן אויפן טיש, אַראָפּגענומען דעם קאַפּעליוש, און מיט אַ טיכל גענומען אָפּווישן דעם פאַרשוויצטן שטערן. דערבײַ האָט ער, צווישן איין וויש און צווייטן, פלינק אַ נישטער געטאָן מיט די בליקן אין די צימערן פון ביידע זייטן, צי רייזל איז דאָרטן ניטאָ.

די זון־שטראַלן, וועלכע זיינען ביז איצט אַראָפּגעהאַנגען פון די צווײַ ווייסע פענצטער־פאַרהענגלעך און זיך, ווי פויל, באַוועגט איבער דער געל־באַבלימטער צעראַטע פון טיש, האָבן, דערזעענדיק די צווײַ פלעשער ווייַן, מיטאַמאָל אויפגעלעבט און זיך ווי אַ וואָרף געטאָן אויף זיי. און בעת אין איין פלאַש האָבן זיך מיטאַמאָל אָנגעצונדן הונדערטער בלוט־רויטע רובינען, האָבן אין צווייטן גענומען זיך בלעזלען און קייקלען דיבינקע שטראַמעלעך פון צעלאָזענעם גאָלד.

— זיצט! — האָט בערל אָנגעוויזן דעם גאַסט אויף אַ שטול, — עס טוט מיר זייער לייד וואָס איר האָט זיך באַדאַרפט אַליין באַמיען... כ׳מיין, אַליין ברענגען דעם ווייַן, אָבער... — ער האָט דערבײַ ברייט צענומען ביידע הענט, — ווי ס׳ווייזט אויס, האָט איר מיין רייזלען ניט אינגאַנצן ריכטיק פאַרשטאַנען. וואָס איך האָב געוואָלט צוערשט אויסגעפינען, איז דעם פּרייז... איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז...

— איך פאַרשטיי אייך, מיסטער גודמאַן, איך פאַרשטיי...

דעם יונגן מאַנס, שוין עטוואָס־אויסגעטריקנטער, שטערן איז ווידער רויט און פייכט געוואָרן, און קליינינקע טראָפּעלעך שווייס האָבן זיך אויף גיך אָנגעזאַמלט אויף זיין אויבערשטער ליפּ, איבער די האַלב־אָפּגעגאָלטע פעך־שוואַרצע וואָנצעלעך. ער האָט זיך אָבער באַלד אָנגענומען מיט מוט און פאַרענדיקט:

— פּליז, מיסטער גודמאַן, עס דאַרף אייך גאָרניט אַרן וויפל דער ווייַן

קאַסט. דאָס איז אַ מתּנה פאַר אייך... פאַר רייזעלען... כ'מיין פאַר דער גאַנצער פאַמיליע...

— אַ מתּנה?! — האָט אים בערל פאַרוואונדערט אָנגעקוקט, — פאַר־וואָס עפּעס אַ מתּנה? וואָס פאַראַ טובֿות האָב איך אייך געטאָן, איר זאָלט מיר געבן מתּנות?

דעם גאָסטס גרויסע, שוואַרצע אויגן זיינען מיטאַמאָל ווי קלענער גע־וואָרן, אויף זיין ניט־ברייטן שטערן האָבן זיך אויסגעלייגט עטלעכע די־ניבקע קנייטשן, ער איז אָבער שנעל געקומען צו זיך, האָט טיף אָפּגעאָטעמט, און אַנטשלאָסן, מיט צוטרוי, גענומען דערציילן:

— ס'איז אמת, מיסטער גודמאַן, אַז איר, פּערזענלעך, האָט פאַר מיר קיין זאַך ניט געטאָן, אָבער איר, כ'מיין, אייער רייזלען, בין איך זייער אַ סך שולדיק. ווען ניט זי, וואָלט איך ניט געווען געענדיקט מיין „האַי־סקול"...

— איך פאַרשטיי ניט... — האָט בערל אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען. — וואָס ווילט איר זאָגן? זי האָט אייך אפשר אַרויסגעהאָלפן אַביסל מיטן לערנען?

— אַרויסגעהאָלפן איז ניט דאָס ריכטיקע וואָרט, — האָט זיך אַנטאָניאָ צעלאַכט. — ווען ניט זי, וואָלט איך ניט נאָר ניט געווען געענדיקט די סקול, נאָר איך וואָלט זיכער אויך געווען אַנטלאָפן פון דער היים. — און זעענדיק, אַז בערל פאַרשטייט אים נאָך אַלץ ניט, איז ער צוגעגאַנגען אַביסל נעענ־טער און מיט נחת אין קול גענומען דערציילן: — כ'מוז זיך מודה זיין, מר. גודמאַן, אַז כ'האָב קיינמאָל ניט צופיל ליב געהאַט דאָס לערנען. פאַר די אויערן, מיט קלעפּ, האָט מיך דער טאַטע דורכגעשלעפּט דורך פּאַבליק־סקול, אָבער אין האַי־סקול איז מיין לאַגע געוואָרן גאָר אַ ביטערע. קיין איין געגנשטאַנד איז מיר ניט געקראָכן אין קאָפּ אַריין... כ'האָב זיי געהאַסט, צו־זאַמען מיט די לערער, און די לעצטע האָבן, פּונקט ווי אין פּאַבליק סקול, ניט אויפגעהערט צו שיקן קלאָג־צעטעלעך צום טאַטן, וועלכער איז, פון זיין זייט, ניט מיד געוואָרן מיר צו געבן קלעפּ נאָך יעדן פון זיי... ס'איז אַוועק אַזוי ווייט, אַז כ'האָב שוין גענומען טראַכטן וועגן אַנטלויפן פון דער היים... האָב איך איר, כ'מיין ראָזעלין, איין מאָל, לאַכנדיק, דערציילט וועגן דעם. כ'האָב געלאַכט, אָבער דאָס האַרץ מיינס האָט געוויינט. זי האָט פאַרשטאַנען מיין געלעכטער. און אויפן צווייטן טאָג, אַרויסגייענדיק פון סקול, האָט זי מיך אַ רוף געטאָן מיט זיך. מיר זיינען אַריין אין אַ פּאַרק און... — אַ פריידיקער שמייכל האָט זיך צעגאָסן איבער זיין פּנים, — איר וועט זיך אפשר ניט גלויבן, מר. גודמאַן, אָבער אין דריי־פערטל שעה האָב איך כמעט ווי געקענט אַלע מאַרגנדיקע לעקציעס... איך האָב זיך געשעמט

פאַר איר, און כ׳האָב פון דעמאָלט אָן טאַקע גענומען אויך אין דער היים צוביסלעך אַריינקוקן אין די ביכער... און אַלץ איז פון יענעם טאָג אָן געוואָרן גוט: קיינע צעטלעך מער פון די לערער און אויס קלעפּ אין דער היים. כ׳בין געוואָרן אַ גוטער סטודענט. און קיינער האָט ניט געוואוסט, אַז מיר טרעפן זיך אין פּאַרק, אַז זי העלפט מיר אַרויס... — ער האָט זיך גוטמוטיק צעלאַכט: — איך דענק, אַז מיין דיפּלאָמע איז מער אירע ווי מיינע...

בערל האָט געלאַכט:

— אַזאַ מויד... און אין הויז קיינעם קיין וואָרט ניט...

אין זיינע ווערטער האָט אויך געקלונגען אַ טאָן פון שטאָלץ.

— אויך אין סקול האָט קיינער וועגן דעם ניט געוואוסט, — האָט מיט ניט ווייניקער שטאָלץ צוגעגעבן אַנטאָניאָ, — איר קענט זיך אויף איר פאַרלאָזן. — און ער האָט ווייטער גענומען דערציילן: — נאָכן ענדיקן די סקול, האָבן מיר פאַרלוירן איינער דעם צווייטן. איר האָט זיך אַרויסגעצויגן פון אייער דירה און מיר, כ׳מיין, איך מיט ראָזעלין, האָבן זיך, נאָך אַביסל פריער, צוליב עפּעס אַ נאַרישקייט צעקריגט, און זי האָט מיר ניט געוואָלט געבן אייער נייעם אַדרעס. כ׳האָב זי אַרומגעזוכט און ניט געקענט געפינען. עס זיינען אַריבער אַ זעקס חדשים. פאַר דער צייט האָבן מיר אַריבערגעפירט אונדזער קראָם אין אַן אַנדער געגנט, און וואָס דענקט איר?

— ער האָט דערביי באַגייסטערט אַ הויב געטאָן ביידע הענט אין דער לופט,

— אָט דאָ, מיט עטלעכע וואָכן צוריק, קומט איין מאָל אַריין אַ מיידל אין אונדזער קראָם, און הייסט זיך געבן אַ פונט מאַסלינעס... כ׳בין גראָדע דאָן געשטאַנען מיט דער פּלייצע צו דער טיר, כ׳האָב אָבער גלייך דערקענט איר קול!... דאָס האַרץ איז מיר שיער ניט אַרויסגעשפּרונגען פון פרייד...

— ער האָט אַ פרייגטלעכן קלאַפּ געטאָן אין דער רויטער פלאַש ווין און דער גאַנצער אויסדרוק פון זיין פּנים איז געווען איין לויכטנדיקע פרייד, אין ענדלאָזע באַוואונדערונג: — יאָ, מר. גודמאַן, דאָס איז זי געקומען צו מיר קויפן מאַסלינעס, ניט וויסנדיק, אַז דאָס איז דעם טאַטנס קראָם... זי איז אַריינגעקומען, פונקט ווי ס׳וואָלט זי ווער פאַר דער האַנט אַריינגעפירט...

ביידע האָבן צופרידן געלאַכט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און מיט אַ חודש שפּעטער איז שוין דאָס ביז־איצט־רואיקע הויז געגאַנגען כאַדאָראַם. גיטל האָט גאַנצע טעג געוויינט, נעכט ניט געשלאָפן, געחלשט; בערל האָט שטיל געפּרוּווט איינטענהן מיט דער טאָכטער, באַמיט זיך מיט אַלע כוחות צו דערווייזן איר, אַז פון אַזעלכע שידוכים קומט

קיינמאָל קיין גוטס ניט אַרויס, וויילביידע זיינען זיי אויסגעוואַקסן אין צוויי באַזונדערע וועלטן, אַז זיי זיינען צוויי פאַרשידענע מענטשן, און איצט איז פונקט די ריכטיקע צייט זיך צו באַרעכענען, אויסמיידן זייער אַלעמענס אומגליק...

און רייזעלע? רייזעלע איז ווי איבער נאַכט אויסגעוואַקסן, איז מיט־אַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פרוי, וועלכע האָט מיט אַלע כוחות געקעמפט פאַר איר גליק.

— טאַטע, מאַמע, איך האָב אים ליב און מיר גייט ווייניק וואָס אַן, וואָס אונדזער משפחה, אָדער גלאַט באַקאַנטע וועלן זאָגן. זאָלן מענטשן זיך זאָרגן פאַר זייערע אייגענע ענינים, און זיך וואָס ווייניקער מישן אין פרעמדע לעבנס. טאַטע טייערער, גלויב מיר, עס טוט מיר זייער ווי דאָס האַרץ פאַר דער מאַמעס ליידן, און אויך פאַר דיינע, אָבער איר מוזט ביידע פאַרשטיין, אַז כ׳בין שוין צוואַנציק יאָר אַלט. איר וועט מוזן צושטימען, אויב איר זוכט, אין אַן אמתן מיין גליק... איך ווייס, טאַטע, אַז אויך אַנטאָניאָס עלטערן ווילן מיך ניט, פונקט ווי איר ווילט אים ניט, אָבער עס וועט זיי אויך ניט העלפן. ער וועט האַנדלען פונקט ווי איך... און איר מעגט אויך זיכער זיין, אַז כ׳וועל זיך ניט שמדן... כ׳בין געבוירן געוואָרן אַ יידישע טאָכטער, און אַזוי וועל איך בלייבן... מיר׳ן חתונה האָבן אין געריכט, פאַר אַ ריכטער... מיר זיינען יונג און מיר ווילן לעבן...

און אַזוי איז עס געשען: די עלטערן פון ביידע צדדים זיינען צו דער חתונה ניט געקומען. אין געריכט זיינען בלויז אָנוועזנד געווען עטלעכע יידישע און איטאַליענישע יונגע בחורים און מיידלעך, רייזעלעס און אַנטאָניאָס פריינט. פון געריכט, מיט די רענצלעך אין די הענט, איז דאָס פּאָרל אַריין אין אַ „וועסטערן יוניאָן" טעלעגראַפן־אָפּיס, און צו זייערע עלטערן זיינען אָוועק צוויי טעלעגראַמעס, אָנזאָגנדיק זיי די בשורה. מיט אַ שעה שפּעטער זיינען זיי שוין געזעסן אין אַן עקספּרעס־צוג, וועלכער האָט זיי געפירט צו די ניאַגאַראַ וואַסערפאַלן, אויף זייער „האָניק־חודש". זיי זיינען געזעסן, פעסט צוגעדריקט איינער צום צווייטן, און מיט אויגן פול מיט גליק, אָפט געמישט מיט טרערן, געקוקט איינער אויפן צווייטן.

דער אמת איז, אַז ביידע טאַטעס וואָלטן געווען געקומען צו דער חתונה, ווען ניט די מאַמעס. סיי בערל, אַ מער אָדער ווייניקער פאַרגעשריטענער אַרבעטער, אַזוי אויך קאַראַנזאַ, אַן אַמאָליקער סינדיקאַליסט, וואָלטן זיך לייכט איבערגעבעטן מיטן פאַקט וועגן דער געמישטער היירואַט, אָבער קיינער פון זיי האָט ניט געקענט בייקומען דעם בלינדן האַס, די ווילדלאָזע פאַרצווייפלונג, וועלכע האָבן אַרומגעכאַפּט זייערע פרויען. ביידע מאַמעס זיינען געווען טיף־רעליגיעזע, און האָבן אין לויף פון יאָרן, מעגלעך נאָך פונעם

ערשטן טאָג, ווען זייערע קינדער זיינען געבוירן געוואָרן, אויסגעכאַוועט אין זיך זיסע טרוימען וועגן דער ליכטיקער צוקונפט פון זייערע קינדער. און די הויכפּונקטן אין ביידנס טרוימען זיינען געווען וועגן זייערע קינדערס חתונות. ביי ביידן ענג צוזאַמענגעפלאָכטענע: ביי גיטלען, מיטן רב און שול, און ביי טערעזען מיטן גלח און קלויסטער.

דאָס ערשטע קינד, אַ מיידעלע, האָט צוזאַמענגעבראַכט די מחותנת׳טעס, פּנים צו פּנים, טאַקע ביים יונגן פּאָר־פאָלק אין הויז. גיטל האָט זיך געהאַט נאָך מיט אַ צייט פריער איבערגעבעטן און מוחל געווען דער טאָכטער. און ווי האָט זי געקענט אַנדעריש האַנדלען, ווען רייזעלע איז איין מאָל אַרויפגעקומען אומדערוואַרט צו דער מאַמען אין הויז, אַזש אויפן פערטן שטאָק, און אַ בלייכע, אַ שוואַנגערנדיקע, זיך קוים אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול, און, ניט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט, זיך ביטער צעוויינט.

בערל פלעגט סיי ווי, אָן גיטלס וויסן, אָפּט באַזוכן דאָס יונגע פּאָר־פאָלק. דאָס זעלבע האָט אויך געטאָן דער טאַטע בעניטא. מער פון אַלעמען איז געווען איינגעשפּאַרט די מאַמע טערעזע. אָבער אויך זי האָט עס ניט געקענט מער אויסהאַלטן, ווען דער זון האָט איר איין מאָל דערציילט, אַז דאָס קינד איז אינגאַנצן געראָטן אין איר, און אַז עס האַלט זיך די גאַנצע צייט אין איין אַרומקוקן, פּונקט ווי עס וואָלט זי, די באָבע טערעזאַ, אַרומגעזוכט.

אַזוי אַרום האָבן די מחותנים איין מאָל אין אַ זונטאָג אינדערפרי זיך געטראָפן ביים יונגן פּאָרל אין הויז. און בעת די דריי טאַטעס האָבן, זיצנדיק ביים טיש, געשמועסט וועגן געשעפטן, וועגן וועלט־ענינים און דערביי אויך צוגעזופּט צוביסלעך ווייַן פון די גלעזער, זיינען די באָבעס געזעסן פון רייזעלעס ביידע זייטן און, שווייַגנדיק, פלינק געשטריקט צוויי ראָזעווע סוועטערלעך פאַרן אייניקל, כאַפּנדיק אַלע ווײַלע אַ קוק אויפן שלאָפנדיקן קינד, און אויסמיידנדיק צו קוקן איינע אויף דער צווייטער.

אָבער רייזל האָט געשיינט פון גליק און אָפּט געוואונקען מיטן אויג צו די מענער, אָנווייזנדיק אויף די צוויי שווייַגנדיקע באָבעס. די מענער האָבן געענטפערט מיט צופרידענע שמייכלען, געהויבן די גלעזער ווייַן און געטרונקען פאַר אַלעמענס געזונט.

עס איז פאַריבער נאָך אַ יאָר. דאָס פּאָרל האָט זיך געלעבט גליקלעך. עס האָט זיך ביסלעכווייַז, ווי פון זיך אַליין, איינגעשטעלט אַ געוויסער סדר פון באַזוכערשאַפט. די שבתים פלעגן, געוויינלעך, בערל מיט גיטלען פאַרברענגען ביי דער טאָכטער, און אַנטאָניאָ, וועלכער איז אין יענער צייט געווען פאַרנומען ביים פאָטער אין קראָם, פלעגט זיך אַרויסכאַפּן אויף אַ האַלבער שעה פאַרברענגען מיט די געסט און פלעגט קיינמאָל ניט פאַרגעסן מיט־

צוברענגען פאַר בערלען אַ פונט מאַסלינעס אָדער אַ פלעשל וויין און פאַר גיטלען עפּעס אַ זאַכעלע פאַר דער באַלעבאַטישקייט. זונטאָג פלעגן קומען די קאַראַנזאַס.

צום אָנהויב פונעם דריטן יאָר איז רייזל ווידער פאַרגאַנגען אין טראָגן. אַנטאַניאַ האָט זיך געפרייט, ווי אַ קינד:

— איצט וועט זיכער קומען אַ ייִנגל! — האָט ער אַלעמען פאַרזיכערט, — צוויי קינדער און ניט מער.

רייזל איז אָבער אַרומגעגאַנגען זייער אַן אומעטיקע. ווי אַ וואָרעם, האָט זי געעגבערט דער געדאַנק וועגן די נייע צרות, וועלכע וועלן זיך אָנהויבן, אויב דאָס קומענדיקע קינד וועט זיין אַן ייִנגל. אירע עלטערן וועלן זיכער וועלן, מען זאָל דאָס קינד מל־זיין, און וואָס וועט וועגן דעם דענקען די מור־טער טערעזאַ, און אפילו דער פריידענקער — דער פאָטער בעניטאָ? עס וועט זיך ווידער פאַרקאָכן די אַלטע קאַשע, אָבער גאָט ווייסט דעם אמת, אַז איצט האָט זי גאָר קיין כוח ניט פאַר דעם. עפּעס פילט זי לעצטנס אַ מין שטענדיקע מידקייט, כאָטש נעם און לייג זיך אַוועק אויפן בעט און ריר זיך גאַנצע טעג ניט פון אָרט... דערצו האָט דאָס האַרץ עפּעס גענומען לעצטנס צו־האַסטיק קלאַפּן... ביים אַרויפגיין טרעפּ מוז זי זיך אַלע ווילע אָפּשטעלן און ס'פעלט איר אויס אָטעם.

דער געטרייער אַנטאַניאַ האָט זיך אָנגעשטויסן וועגן דער סיבה פון דער פרויס אומרואיקן צושטאַנד און כדי זי צו באַרואיקן, האָט ער, פאַר איר אין די אויגן, אונטערגעשריבן אַן אַפּליקאַציע פון אַ געוויסן יידישן שפּיטאַל, אין וועלכער ס'האָט זיך אויך געפונען אַ פונקט, אַז יעדער געבוירענער ייִנגל פון יידישן אָפּשטאַם מוז אומבאַדינגט גע'מל'ט ווערן.

דאָס האָט זי אַביסל באַרואיקט. דער דאָקטאָר, צו וועמען אַנטאַניאַ האָט זי געבראַכט, האָט זי אַליין באַרואיקט, פאַרזיכערנדיק, אַז ס'איז ניט מער ווי אַ נערוועזיטעט, אָבער אַנטאַניאַן האָט ער שטיל געוואָרנט, אַז דער פרויס האַרץ איז אין אַ שלעכטן צושטאַנד, אַז זי מוז אויסמיידן די קלענסטע אָנ־שטרענגונג, מוז אַ סך רוען, און אפילו קיין הויז־אַרבעט ניט טאָן.

דאָס צווייטע קינד איז אויך געווען אַ מיידל, און מיט אַ חודש שפּעטער, אינמיטן נאַכט, איז דער אומגליק געשען. גייענדיק צוריק צו זיך אין בעט, נאָכדעם ווי זי האָט געהאַט באַרואיקט דאָס וויינענדיקע קינד, האָט זי מיט־אַמאָל דערפילט ווי איר האַרץ דריקט זיך צוזאַמען מיט אַ שאַרפן ווייטאָק און הויבט אָן ווי זינקען. פאַרזיכטיק, ניט וועלנדיק אויפוועקן דעם מאַן, האָט זי זיך צוריק אַוועקגעלייגט אויפן געלעגער, צוגעדריקט אַ קישן צום ברוסט־קאַסטן, און מיטאַמאָל דערפילט, אַז עס נעמט איר אויספעלן לופט, אַז אָט־אָט, נאָך אַ רגע, און זי ווערט דערשטיקט.

— אַנטאָניאַ, טייערער!... כאַפּ זיך אויף! ראַטעווע מיך!... ברענג אַ דאָקטאָר!... רוף דעם טאַטן, די מאַמען!... אַנטאָניאַ! אַנטאָניאַ!...

אַן אַמבולאַנס האָט זי באַלד געבראַכט אין אַ שפּיטאָל, וואו מען האָט זי תיכף אַריינגעלייגט אין אַ „זויער־שטאָף"־ביידל. אויפן צעטל ביים אָנגעשטעלטן, וועלכער גיט געווײנלעך אינפאָרמאַציע וועגן די קראַנקע, איז איר נאָמען געווען צווישן די געפערלעך־קראַנקע, וועלכע מען קאָן צו יעדער צייט באַזוכן.

אין די ערשטע עטלעכע טעג, ווען רייזל איז נאָך געלעגן אַ האַלב־פאַר־חלשטע, אין איר פאַרמאַכטן ביידל, פלעגן יעדן פרימאָרגן, פונקט ניין אַזייגער אינדערפרי, צווי בלייכע מאַמעס שוין וואַרטן ביי דער טיר פון שפּיטאָל. איינע אַן איידעלע, מיט אַן לאַנגעכיקן פּנים און ענדלאָזן צער אין אירע בלויע אויגן, די צווייטע — אַ קיילעכדיקע, אַ טונקל־הויטיקע, מיט רויט־פאַרשוואָלענע, שוואַרצע בליקן. אויבן, אויפן פינפטן שטאָק, אין דער קראַנקערס פּריוואַטן צימער, פלעגן זיי צוערשט שטיין, דערנאָך זיך אַוועקזעצן אויף צווי שטולן פון ביידע זייטן ביידל, און ברעכנדיק אומבאַמערקט די הענט, מיט שטאַרע בליקן, זיך איינקוקן אין דער שווער־אָטעמענדיקער רייזלען. יעדע האָט אויף איר שפּראַך שטיל תפילה געטאָן צו איר באַזונדערן, צו איר אייגענעם גאָט.

איין מאָל, אין אַזאַ מאָמענט, האָט גיטל ניט אויסגעהאַלטן, און מיט אַ געוויין זיך געווענדט צו טערעזען אין איר צעבראָכענעם ענגליש:

— זאָג מיר, מוטער טערעזאַ, פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ שווערע שטראָף?... מיט וואָס האָב איך זיך פאַר אים, פאַר גאָט, אַזוי פאַרזינדיקט? זי איז דאָך מיין איינציק קינד... פאַרוואָס? פאַרוואָס?!... — און מיט פּראָטעסט און בקשה האָט זי געהויבן אירע ביידע, ציטערנדיקע הענט צום הימל.

און אין צעוויינטאָגט מאַמעס האַרץ האָט דערפילט דאָס צווייטע, און טערעזאַ האָט איר כליפּנדיק געענטפערט אויף פּונקט אַזאַ צעבראָכענעם ענגליש:

— יאָ, כ׳ווייס. ביזט גערעכט. איך פרעג אויך די זעלבע פראַגע... אָ, יעזוס! אָ, הייליקע מוטער! פאַרוואָס? פאַרוואָס? ער, אַנטאָניאַ, איז אויך מיין איינציקער, און ער האָט זי, דיין ראָזעלין, אַזוי שטאַרק ליב... און איך האָב זי אויך ליב. זי איז דאָך אַזאַ טייער קינד... טאָ פאַרוואָס ליידן מיר אַלע אַזוי?... אָ, יעזוס, העלף אונדז! האָב רחמנות!... — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיט פיר וואָכן שפּעטער האָט מען רייזעלען אויסגעשריבן פון שפּיטאָל, און דער דאָקטאָר האָט, לאַכנדיק, פאַרזיכערט ביידע מאַמעס, אַז רייזעלע האָט זיי, די דאָקטוירים, אָפּגענאַרט, אַז, אויב מען וועט זי נאָר אַביסעלע אָפּהיטן, קאָן זי נאָך דערלעבן אַמוייניקסטן ביז הונדערט־און צוואַנציק יאָר.

האָבןביידע טאַטעס, בערל און אַנטאָניאָ, אַרויסגעפֿירט רייזעלען פֿון שפּיטאָל. און בעת זיי זיינען געווען באַשעפֿטיקט מיטן איינאָרדענען זי אין דער „טעקסי", האָבן ביידע מוטערס זיך פֿאַרהאַלטן ביים אַרויסגאַנג, און גיטל האָט שטיל אַ זאָג געטאָן:

— דו ווייסט, מוטער טערעזאַ, אין מיינע שלאָפֿלאָזע נעכט בין איך געקומען צום שלוס, אַז מיט רייזעלעס קראַנקהייט האָט אונדז גאָט געגעבן אַ וואָרנונג, אַז מיר ביידע האַנדלען עפּעס ניט גוט, אַז מיר פֿאַרשאַפֿן אומזיסטיקע ליידן צו אונדזערע קינדער...

— מעגלעך, גאַנץ מעגלעך, אַז דו ביסט גערעכט, — האָט די מוטער טערעזאַ צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אויב דו פֿילסט אויך אַזוי, טאָ לאָמיר פֿון היינט אָן זיך אויפֿפֿירן גאָר אַנדערש, — האָט גיטל פֿאָרגעזעצט, — מיר זיינען דאָך מאַמעס, און זיי זיינען דאָך דאָס איינציקע, וואָס מיר פֿאַרמאָגן.

— ריכטיק, ביסט גערעכט! — האָט טערעזאַ צוגעשטימט און פֿאָרגעזעצט: — אָט קומט איר, צום ביישפּיל, פֿאַרברענגען מיט די קינדער און די אייניקלעך בלויז שבת, און מיר בלויז זונטאָג... דאָס מיינט, מיר ווילן זיך ניט טרעפֿן... מיר האָבן זיך ניט ליב... און די קינדער ליידן פֿון דעם... מעגלעך, דערפֿאַר איז זי, ראָזעלין, טאַקע אויך קראַנק געוואָרן...

— גאַנץ מעגלעך! — האָט גיטל צוגעגעבן, אָפּווישנדיק די טרערן, און שווייגנדיק אַ ווײַלע, זיך ווי אָננעמענדיק מיט מוט, האָט זי אויסגעשטרעקט צו טערעזאַן אירע ביידע הענט און מיט אַ ציטערנדיק קול, אַ זאָג געטאָן:

— מזל־טוב אייך, מחותנתטע, מזל־טוב!...

בערל, וועלכער איז צוגעלאָפֿן כּדי צוצואיילן די פֿרויען, האָט אויפֿגעכאַפּט זיין פּרויס לעצטע פּאָר ווערטער. צוערשט איז ער אויף אַ רגע געבליבן שטיין אַ געפּלעפֿטער פֿון פֿרייד, און ווען די מוטער טערעזאַ, פֿילנדיק די וויכטיקייט פֿון אָט־די צוויי ווערטער, האָט נאָכגעזאָגט דאָס ערשטע, אָבער זיך פֿאַרהאַלטן פֿאַרן צווייטן, האָט בערל זי אַרומגענומען און איר פֿאַרשטיין געגעבן:

— טייערע מוטער טערעזאַ, „מזל־טוב" מיינט — אַ גוט יאָר, פֿול מיט געזונט און גליק פֿאַר אונדז אַלעמען, און „מחותנתטע" מיינט, אַז פֿון היינט־אָן וועסטו זיין אַן אמתע מוטער צו אונדזער טאָכטער, און זי, גיטל, וועט זיין אַ געטרייע מוטער צו דיין זון... פֿאַרשטייסט?

טרערן האָבן זיך אַ גאָס געטאָן איבער דער מוטערס טערעזאַס ברויבלעכע באַקן:

— יאָ, איך פֿאַרשטיי... איך גלויב, אַז ס'וועט שוין פֿון היינט־אָן זיין גוט... זיין אַנדערש... — זי האָט זיך אַ ריס געטאָן פֿאָראויס, פֿאַרוואָרפֿן

אירעביידע העגט אַרום גיטלס האַלדז, און ביידע פּרויען האָבן וויינענדיק זיך צעקושט... צעקושט דעם ערשטן מאָל, זינט זייערע קינדער האָבן חתונה געהאַט.

רייזעלע האָט עס באַמערקט דורכן פענצטער פון דער „טעקסי״, און מיט פרייד גענומען שרייען:

— טאַטע! אַנטאַניאָ! זעט נאָר... זעט נאָר!... די מאַמעס קושן זיך!... זיי קושן זיך, אונדזערע מאַמעס!... — און זי האָט מיט ביידע הענט געווישט די געדיכטע־לויפנדיקע, פריידיקע טרערן.

# אין אַ פּשוטן פרייטיק

צוערשט אַ פּאָר קורצע באַמערקונגען וועגן דעם העלד פון אונ־זער דערציילונג — וועגן ש. טשאַרנעסן. מיר וועלן זיך דאָ ניט אָפּגעבן מיט צופיל איינצלהייטן וועגן זיין אויסזען, אָדער שטריכן פון זיין כאַראַקטער. עס וועט געווג זיין צו זאָגן, אַז געווען איז ער פון העכער מיטעלן וואוקס, אַ ברונעט, מיט אַ לענגלעכן, גאַנץ סימפּאַטישן פּנים און גרויסע, טונקל־ברוינע אויגן.

וועגן זיין כאַראַקטער וועט גענוג זיין צו באַמערקן, אַז פון דער נאַטור איז ער געווען אַ קאָמבינאַציע פון צוריקגעצויגנקייט און שטורעם, פול מיט ליבשאַפט צו פריינט און האַס פאַר פיינט. ער איז געווען אַן אייביקער זוכער: זיך שטענדיק צוגעקוקט צו מענטשלעכע האַנדלונגען, זיך צוגע־הערט צו זייערע רייד און זיך באַמיט אָפּצוטיילן אויפריכטיקייט פון שקר, פּאַרקויפטקייט פון טריישאַפט.

ער איז געווען אַ שרייבער. אין זיינע דערציילונגען און דראַמאַטישע שפּילן פלעגט ער קיינמאָל ניט אויסמיידן קיין סאָציאַלע פּראָבלעמען. אָבער אים האָבן שטענדיק באַזונדערס פאַרנומען טשיקאַווע זאַכן אין לעבן, טשיקאַווע טעמעס, טשיקאַווע מענטשן.

די גאַנצע וועלט, צוזאַמען מיט אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן, דעם מענטשן אַריינגערעכנט, איז פאַר אים אָפט דערשינען ווי איין ריזיקע, אינ־טערעסאַנטע, זייער טשיקאַווע פּאַסירונג, קיין אונטערשייד ווי אַזוי זי, די וועלט, איז אַנטשטאַנען: צי לויטן רעליגיעזן בוסח אין זעקס טעג, צי אין מיליאָנען יאָרן, ווי די וויסנשאַפט זוכט פעסטצושטעלן.

ער איז געווען פאַרהייראַט, געהאַט זייער אַ חנעוודיקע פרוי, אַ פאַר־שטענדיקע, אַ געטרייע. אויך אַ ברונעטקע. לילי — איז געווען איר נאָמען.

איז אָט וואָס פאַר אַ מאָדנע פּאַסירונג עס האָט איין מאָל געטראָפן טאַקע מיטן שרייבער ש. טשאַרנעסן אַליין. און פּאַסירט האָט עס אין אַ פּשוטן טאָג, אין אַ פּשוטן פרייטיק.

ווען עמיצער וואָלט אים, אַשטייגער, אין יענעם פרייטיק פרימאָרגן, געוואָרנט:

— הער, ברודער, כ׳ווייס, אַז דו פּלאַנעוועסט היינט צו פאָרן באַזוכן אונדזער קראַנקן דיכטער פעסינגען. טאָ פאָלג מיך און לייג־אָפּ דיין וויזיט אויף אַ צווייטן מאָל.

— פאַרוואָס?

— ווייל ס׳וועט זיך אויסלאָזן ניט גוט.

— צום ביישפּיל?

— ווייל ס׳וועט זיך שוין אַזוי מאַכן, אַז דו זאָלסט אַהיים קומען זייער שפּעט און... דערצו נאָך... דערצו נאָך היפּשלעך שיכור...

אונדזער שרייבער וואָלט זיכער געוועז יענעם אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם: אַזאַ נבואה וואָלט זיך אים לחלוטין ניט געלייגט אויפן שכל. ערשטנס, וואָס הייסט ער וועט אַהיים קומען שפּעט ביינאַכט, ווען ער האָט קלאָר אָפּ־געמאַכט מיט זיין פרוי אַהיים צו קומען ניט שפּעטער ווי דריי בייטאָג? זיי האָבן באַשלאָסן צוערשט אָפּצועסן מיטאָג און אַרום פינף אַזייגער זיך אַריינ־צוכאַפּן זען אַ אינטערעסאַנטע „מואווי״ אין אַ דערבייאיקן טעאַטער.

און צווייטנס, וואָס הייסט ער וועט אַהיים קומען שיכור? דאָס קלינגט שוין אינגאַנצן אומזיניק: וואו וועט ער זיך עס אָנשיכורן? ביי דעם קראַנקן דיכטער, פּעסיגען אין הויז, וועמען ער גייט מבקר־חולה זיין?... צי אפשר וועט ער מיטאַמאָל פון זינען אַראָפּ און אַריינגיין אין אַ שענק, וואוהין זיין פוס קומט קיינמאָל ניט אַריין?

אמת, עס טרעפט אַמאָל — מען קלייבט זיך צוזאַמען ביי אַ פריינט אין הויז און מען כאַפּט אַביסל איבער די מאָס, אָבער אַזעלכע זאַכן ווערן, גע־ווינלעך, פון פריער אַראַנזשירט און קומען פאַר אַממערסטן אין אַ שבת אָוונט, לכבוד אַ געוויסער, אויסערגעווינלעכער פּאַסירונג. אָבער היינט איז דאָך אַ פּשוטער פּרייטיק און קיין אויסערגעווינלעכעס איז אויך ניט גע־שען. טאָ וואָס־זשע פאַר אַ זינען וואָלט געקענט האָבן אַזאַ וואָרנונג?!

איז ער יענעם פרייטיק, פּונקט צען אַזייגער אין דער פרי, אַרויס פון זיין הויז, אין בראָנקס, וואו ער האָט געוואוינט, נאָך אַמאָל פאַרזיכערנדיק די פרוי, אַז דריי אַזייגער און, מעגלעך, נאָך אַביסל פריער, וועט ער זיין אין דער היים.

שוין זיצנדיק אין וואַגאָן פון סאָבוועי האָט ער, לויט זיין געוואוינהייט, גענומען זיך איינקוקן אין די פּנימער פון די מיטפאָרער אויף דער באַנק אַנטקעגן אים, און אפילו געפּרואווט טרעפן זייערע יאָרן, כאַראַקטערן און מיט וואָס זיי באַשעפטיקן זיך. דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען פון קעשענע אַ ביכל און זיך פאַרטיפט אין לייענען.

אַלץ איז ביז איצט צוגעגאַנגען ווי עס האָט באַדאַרפט צו זיין, ווי הונ־דערטער מאָל פריער, ווען ער פלעגט פאָרן קיין מאַנהעטן פון די בראָנקס.

אויף דער פערצנטער גאַס סטאַנציע איז ער אַרויס פון וואַגאָן, אַרויפ־געלאָפן די טרעפּ צו דער גאַס און שטיין געבליבן אויפן ראָג פון דער פערטער עוועניו. די אַרומיקע גאַסן, צוזאַמען מיטן יוניאָן סקווער, האָבן געווירבלט מיט צענדליקער טויזנטער מענטשן, געאָטעמט מיט זייערע אימפּעטדיקע

טריט, מיטן רויש פון זייערע שטימען, מיטן פלאַטער פון זייערע בליקן. געדיכטע רייען אויטאָמאָבילן און באַסעס האָבן איבערגעפילט די לופט מיטן גערוך פון גאַזאָלין און מיטן ברומען פון זייערע טרובעס. שטייענדיק אַזוי האָט ער געגומען אויסרעכענען וואָס אַזוינס מען וואָלט איצט געקענט אַרויפ־ברענגען דעם קראַנקן דיכטער? זיינע בליקן האָבן אַ שווער געטאָן איבער די גרויסע שיין־פאַרפּוצטע פענצטער פון די קראָמען פון ביידע זייטן גאַס און זיך פאַרהאַלטן אויף די פענצטער פון אַ דערבייאיקן שנאַפּס־געשעפט.

אַ געדאַנק האָט ווי אַ שמייכל געטאָן צו אים: „קויף אַ פלעשל קאָניאַק אָדער ווין... ס'וועט זיין די פּאַסיקסטע מתנה".

ניט קלערנדיק לאַנג, איז ער אַריין אין קראָם, געקויפט אַ פלעשל ווישניאַק און מיט צען מינוטן שפּעטער שוין אָנגעקלונגען אין דער טיר פון דער דירה, אויף דער צוועלפטער גאַס און דריטער עוועניו, וואו פּעסין האָט געוווינט.

מען האָט אים אויפגענומען מיט פרייד און דער קראַנקער אַליין, שוין זיצנדיק אין אַ ווייכן שטול, האָט אים נאָך פון גאַסט־צימער באַגריסט:

— העלאָ, ברודער, עס פרייט מיך זייער דיך צו זען! כ'בין שוין אָבער אויס קראַנקער... כמעט ווי אינגאַנצן געזונט!

אויסטוענדיק דעם מאַנטל, האָט טשאַרנעס אים פריילעך געענטפערט:

— האָסט ריכטיק געהאַנדלט, דו באַרישער יונג! ווער קען זיך עס איצט, אין אַזאַ צייט, דערלויבן קראַנק צו זיין?!

אַביסל שפּעטער האָט דעם פריינטס פרוי געדעקט דעם טיש און אים איינגעלאַדן צובייסן מיט זיי צוזאַמען. ער האָט אַליין געעפנט דאָס פלעשל ווישניאַק, אָנגעפילט פאַר אַלעמען די גלעזלעך און מען האָט, אויפגעלייגטע, געוואונטשן איינער דעם צווייטן געזונט און צו דערלעבן בעסערע צייטן.

פונקט צוויי אַזייגער האָט ער זיך געזעגנט מיט די פריינט און, אַ צו־פרידענער מיט זיין פּינקטלעכקייט, זיך געלאָזט גיין צום סאָבוועי. פאַרן אַרונטערגיין די טרעפּ צום אונטערערדישן באַן, האָט ער געקויפט אַ צייטונג און געכאַפּט אַ קוק אויפן ריזיקן ציפערבלאַט פונעם זייגער אויפן טורעם פון דער דערבייאיקער עלעקטרישער קאָמפּאַניע. די ווייזערס האָבן גע־וויזן פונקט אַכט מינוט נאָך צוויי.

„גוט", האָט ער אַ צופרידענער אַ טראַכט געטאָן, „דריי אַזייגער אָדער אַמשפּעטסטן צען מינוט נאָך דריי, וועל איך שוין זיין אין הויז".

אין באַן איז שוין איצט געווען היפּשלעך ענג. ער האָט אָפּגעזוכט אַן אָרט אינדערמיט פון וואַגאָן און זיך פאַרטיפט אין דורכקוקן די צייטונג.

דער באַן האָט, ווי שטענדיק, געצויגן זיין ברומענדיקן ניגון, און זיך ווי באַמיט צו פאַרטויבן די שטילע געשפּרעכן פון די דערוואַקסענע און דעם

הויכן זאַפּטיקן געלעכטער פון די יונגע סטודענטן פון דער ניט ווייטער מיטלשול, וועלכע האָבן, מיט פּעק ביכער אין די הענט, פאַרנומען אַ היפּשן טייל פון וואַגאָן. דורך די פענצטער האָבן געשווינדלט די שמוציק־שוואַרצע ווענט, געמישט מיטן שאַרפן אָפּגלאַנץ פון די גריבע און רויטע וועג־לעמפּלעך.

ווי פאַרטיפט ער איז ניט געווען אין לייענען, האָט אָבער זיין אויער באַלד אויפגעכאַפּט אַ קורצן געשפּרעך פון צוויי יונגעלייט, רעכטס פון אים.

— זע, ניק, — האָט איינער לאַכנדיק אַ זאָג געטאָן, — זע, ווי די פרוי, אין ווינקל אַנטקעגן אונדז, טוליעט זיך עס צום מאַן... זי ווייסט, ווייזט אויס, ניט וואָס שעמען זיך מיינט.

— איך זע... די נקבה זעט מיר אויס צו זיין היפּשלעך שיכור.

— עס זעט אויס אַזוי... אָבער כאַפּ נאָר אַ קוק אויף אים: ער איז זיכער אינגאַנצן ניכטער.

— יאָ, — האָט דער צווייטער צוגעשטימט, — עפּעס געפעלט ער מיר ניט: ער קוקט אויף אַלעמען ווי אַ הונגעריקער וואָלף.

טשאַרנעס האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אין דער ריכטונג, וואוהין זיינע צוויי מיטפאָרער האָבן געקוקט און האָט אין סאַמע ווינקל פון דער קעגנאיי־בערדיקער באַנק דערזען דאָס פּאָרל, פון וועלכן זיינע שכנים האָבן געשפּאָסט.

ער, אַ מאַן פון אַ יאָר פערציק, פון העכער מיטעלן וואוקס, אַ דאַרער, אָבער ער האָט אויסגעזען צו זיין זייער אַ קרעפטיקער. זיין לענגלעכער פּנים גרוילעך־געל, ווי ביי אַ מענטשן, וואָס האָט אַ לאַנגע צייט ניט געהאַט קיין פרישע לופט, די נאָז — אַ שאַרפע, אַ באַוועגלעכע, ליפּן דינע, פעסט צו־זאַמענגעצויגענע און אויגן — אַזעלכע שטעכיק־שוואַרצע און בייזע.

איר פּנים האָט טשאַרנעס ניט געקאָנט זען: ס׳איז געווען אינגאַנצן איינגעגראָבן אין דעם מאַנס ברוסט. זי האָט אויסגעזען צו זיין פון מיטעלן וואוקס, אַ ברייטלעכע, אירע גאָלד־בלאָנדע, צעשויבערטע האָר האָבן זיך אַרויסגעשאָטן פון אונטער איר רויט היטעלע און זיך צעכוואַליעט איבערן שוואַרצן, ביליקן פוטער־קאָלנערל פון איר גרויען, היפּשלעך אָפּגעריבענעם מאַנטל.

ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אין דרויסן איז געווען היפּשלעך פראָסטיק, האָט דער מאַן ניט געטראָגן קיין אויבערמאַנטל און דער אָנצוג זיינער, פון עפּעס אַן אומבאַשטימטן, ברוין־גרינלעכן קאָליר, איז געווען ברייט אויף אים און היפּשלעך אָפּגעטראָגן.

די פרוי האָט אָפּט געהויבן דעם קאָפּ, אַריינגעקוקט דעם מאַן אין די אויגן, אים, ווייזט אויס, יעדעס מאָל עפּעס געזאָגט און ווידער פאַרגראָבן איר פּנים אויף זיין ברוסט. און לויט די באַוועגונגען פון איר קאָפּ און אַקסלען און דעם אופן ווי זי האָט אַ פּאָר מאָל אַ וויש געטאָן מיט דער לינ־

קער האַנט איר פּנים, האָט זיך טשאַרנעסן אויסגעדאַכט, אַז זי ווישט יעדעס מאָל אָפּ אירע טרערן.

אים זיינען אויך אויסגעקומען אַביסל מאָדנע די פּאַרדעכטיקע, אָפּט־אַרויסרופנדיקע בליקן, וועלכע דער מאַן האָט פון צייט צו צייט געוואָרפן אויף די אַרומיקע. האַלטנדיק דעם קאָפּ איינגעבויגן צום ביכל, האָט טשאַר־נעס ניט אַראָפּגענומען זיינע האַלב־באַהאַלטענע בליקן פונעם פּאָרל און אים האָט זיך געגומען דאַכטן, אַז ער האָט אָט־דעם מאַן זיכער ערגעץ־וואו פריער געזען. דאַכט זיך, אַז זיין פּנים איז דאַן ניט געווען אַזוי אויסגעצערט, ניט געווען אַזוי געל און אָט־די צוויי שוואַרצע אויגן האָבן פיל געלאַסענער גע־קוקט אויפן אַרום. אָבער ווער דער מאַן איז און וואו ער האָט זיך מיט אים געטראָפן, האָט ער בשום אופן זיך ניט געקענט דערמאָנען.

און באַמערקנדיק, אַז אַ פרוי, וועלכע איז געזעסן אין ווינקל פון וואַגאָן, פּונקט אַנטקעגן דעם פּאָרל האָט זיך אויפגעהויבן פון איר אָרט, אַרויסצוגיין אויף דער קומענדיקער סטאַנציע, איז ער שנעל צוגעגאַנגען און פאַרנומען איר אָרט. איצט איז דאָס פּאָרל געזעסן פּונקט אַנטקעגן אים און ווען די פרוי האָט ווידער אַ הויב געטאָן איר קאָפּ צום מאַן, האָט ער שוין געקענט זען כמעט ווי דריי־פערטל פון איר פּנים.

זי האָט אויסגעזען צו זיין פיל יינגער פונעם מאַן, האָט פאַרמאָגט אַ קורץ עטוואָס פאַרריסן, זייער באַחנט נעזל, אַ קיילעכדיקן, ניט קיין גרויסן, ראָזעווון פּנים און גרויסע פאַרוויינטע ליכטיק־בלויע אויגן. דער גאַנצער פּנים אירער איז היפּשלעך געווען פאַרשמירט פון דער בילֿיקער, העל־רויטער ליפּן־פאַרב.

יעדעס מאָל, ווען זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און עפּעס געזאָגט צום מאַן, האָט ער אַראָפּגעקוקט צו איר מיט אַ צערטלעכן שמייכל, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און זיין האַנט, מיט וועלכער ער האָט זי געהאַלטן אַרומגענומען, האָט זי פעסטער צוגעדריקט צו זיך.

„זי איז ניט שיכור", האָט טשאַרנעס געטראַכט, „טאָ פאַרוואָס וויינט זי? פון וואַנען פאַרן זיי עס איצט? וואָס פאַראַ טראַגעדיע האָט עס גע־קענט פּאַסירן אין זייערע לעבנס? און וואו און ווען האָב איך זיך פאַרט מיט אָט־דעם מענטשן געטראָפן?!"

זיין שרייבערישע פאַנטאַזיע האָט זיך גענומען דערוואָרעמען.

נאָך דער 149סטער גאַס איז די באַן מיט אַ הילכיקן געפילדער, אַרויס פון אונטער דער ערד. ביי דער שיין פון טאָג האָט דער מאַן, ווייזט אויס, קלאָרער באַמערקט די צעשמירטע, רויטע פלעקן אויף דער פרויס פּנים און איר, אַפּנים, געזאָגט וועגן דעם.

זי האָט זיך צעלאַכט, זיך עטוואָס אָפּגערוקט פון אים, אַרויסגענומען פון

איר האַנטבייטל אַ נאָז־טיכל מיט אַ שפּיגעלע, זיך באַטראַכט אין דעם און שמייכלענדיק גענומען אָפּווישן די רויטע פּלעקן.

אויף דער אינטערוויל סטאַנציע איז אין וואַגאָן אַריינגעקומען אַ פּאָליציי־מאַן און גענומען לאַנגזאַם גיין איבער דער לענג פון וואַגאָן, גלייכגילטיק באַטראַכטנדיק די פּאָרער אויף די בענק פון ביידע זייטן.

דער מאַן האָט עפּעס שנעל אַ זאָג געגעבן דער פרוי און בייזע פייער־לעך האָבן זיך אָנגעצונדן אין זיינע אויגן. זי האָט אויפגעציטערט, פלינק אויסגעדרייט דעם קאָפּ אין דער ריכטונג פון דעם אָנקומענדיקן היטער פון געזעץ, געוואָרפן אויף אים אַ דערשראָקענעם בליק און שנעל אָפּגעקערט דעם קאָפּ. און ער, דער מאַן, האָט ניט אַראָפּגענומען זיינע פאַרשנדיקע אויגן פון־נעם פּאָליציימאַן, ביז יענער איז ניט פאַרשוואונדן אין צווייטן וואַגאָן.

דורך די באַלויכטענע פענצטער האָט אין וואַגאָן איצט גענומען אַריינ־קוקן דער בלייער הימל און די אויבערשטע שטאָקן פון די דערבייאיקע הייזער, פון ביידע זייטן גאַס, האָבן גענומען ווי אַנטלויפן אויף צוריק.

טשאַרנעסעס מאַרך האָט פיבעריש גענומען אַרבעטן:

— ווער זיינען זיי? בפרט ער, דער, דאַכט זיך, אַזאַ גוט באַקאַנטער מאַן? וואו, פאַרט, האָט ער זיך מיט אים געטראָפן? און ער קען איצט שווערן, אַז געטראָפן האָט ער זיך מיט אים מער ווי איין מאָל. אָבער וואו... און ווען?...

פאַר דער פּראָספּעקט עווניו סטאַנציע האָט זיך דאָס פּאָרל אויפגעהויבן פון זייערע ערטער. דער מאַן האָט, זעט אויס, מיט פרייד און נייגיר זיך איינ־געקוקט אין די פאַרביילויפנדיקע גאַסן און טיף אָפּגעזיפצט:

— יאָ, טייערע... מיר זיינען שוין באַלד אין דער היים...

זי האָט טיף אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און מיט אירע ביידע הענט צוזאַ־מענגעדריקט זיין האַנט:

— יאָ, שוין באַלד...

זיי זיינען אַרויס פון וואַגאָן גופא און שטיין־געבליבן אויף זיין פּלאַט־פאָרמע. טשאַרנעס איז גלייך אַרויס נאָך זיי און איז אויך שטיין־געבליבן אויף דער זעלבער פּלאַטפאָרמע, נאָר מיטן פּנים געווענדט צום פענצטער פון דער צווייטער זייט. ער האָט צוגעבויגן דעם קאָפּ גאָר נאָענט צום גלאָז און זיך גענומען ווי איינקוקן, וואָס עס קומט פאָר אונטן אין גאַס, אָבער זיין געהער איז געווען שאַרף אָנגעשפּיצט אין דער זייט פון דעם פּאָרל.

אַ ווײַלע איז שטיל געווען. דערנאָך האָט זיך צו אים דערטראָגן דעם מאַנס קול:

— הער, שוירלי... כ׳וויל מיר זאָלן זיך אַריינכאַפּן אויף אַ צען־פופצן מינוטן צו דזשימין אין שענק... כ׳וויל זיך באַגריסן מיט אים. ער איז

ניט קיין שלעכטער בחור און... מיר׳ן דאַרטן טאַקע אויך מאַכן אַ שנעפּסל צוליב... — די לעצטע עטלעכע ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט שטיל און טשאַרנעס האָט זיי ניט באַוויזן אויפצוכאַפּן.

— ניין, טייערער, — האָט זי איילנדיק געענטפערט, — מיר דאַרפן עס איצט ניט טאָן. און וועגן שנאַפּס האָסטו זיך ניט וואָס צו זאָרגן: כ׳האָב אין דער היים אָנגעגרייט צוויי פלעשער סקאָטש און אַ טוץ גרויסע פלעשער ביר.

ער האָט אָן אומצופרידענעם דריי געטאָן מיטן קאָפּ:

— כ׳בעט דיך... בלויז אויף אַ צען־פופצן מינוט... כ׳וויל זיך מיט אים באַגריסן... מיר קענען זיך שוין זייער אַ סך יאָרן...

— דזשים איז שוין ניטאָ דאָרטן מער, — האָט זי פעסט געענטפערט.

— ער האָט נאָך פאַראַיאָרן עמיצן פאַרקויפט דעם שענק.

— איז עס אמת?

— איך שווער דיר, אַז ס׳איז אמת.

— אויב אַזוי, — האָט ער זיך ווי דערפרייט, — איז דאָך אַוודאי ניטאָ וואָס מורא צו האָבן... הער, איך וויל דו זאָלסט פאַרשטיין... דאָרטן, אין די שלאָפלאָזע נעכט, פלעג איך אַלץ טראַכטן וועגן דיר, וועגן אונדזער היים, וועגן דעם וואָס כ׳וועל טאָן ווען כ׳וועל אַרויס, און אַמאָל אויך וועגן דזשימין, וועגן זיין שענק... וועגן...

— ש־ש־ש... — האָט זי אים שאַרף אָפּגעשטעלט און אַ וואונק געטאָן אין ריכטונג צו טשאַרנעסן.

ביידע האָבן זיי שנעל אויסגעדרייט די קעפּ אין זיין ריכטונג, אָבער זיך גלייך באַרואיקט, זעענדיק מיט וואָס פאַר אַן אויפמערקזאַמקייט דער לעצטער קוקט זיך איין אין דער גאַס אונטער אים.

— שוירלי, טייערע, איך בעט דיך, שטער מיר ניט, — האָט דער מאַן, ווי אַ קינד זיך ביי איר געבעטן, — גלויב מיר, ס׳וועט קיינעם פון אונדז גאָרניט, גאָרניט שאַטן, אויב מיר׳ן פאַרברענגען דאָרטן. גלויב מיר...

— אָלרייט! — האָט זי, נאָך אַ קורצן שוייגן, צוגעשטימט, — אָבער געדענק, בלויז איין גלעזל... און פאַרבלייבן וועלן מיר דאָרטן ניט מער ווי פופצן מינוט?

— געוויס! — האָט ער זיך יינגלש דערפרייט.

ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט און דאָס פּאָרל איז אַרויס אויף דער פּלאַטפאָרמע פון דער פּראָספּעקט עווענוי סטאַנציע, איז טשאַרנעס זיי נאָכגעגאַנגען, זיי שנעל פאַרבייגעגאַנגען, פלינק אַראָפּ פון די טרעפּ אין גאַס און זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל, נעבן אַ דערבייאיקער פרוכט־קראָם.

דאָס פּאָרל איז לאַנגזאַם געגאַנגען איבער די טרעפּ. זי — היטנדיק מו־

טערלעך זיינע טריט און ער האָט, שמייכלענדיק, זיך געהאַלטן אין איין אַרומקוקן מיט ברייט־צעעפנטע, נייגעריקע אויגן.

אויפן ראָג פון גאַס איז דאָס פּאָרל געבליבן שטיין. דער מאַן האָט זיך לאַנגזאַם אַרומגעקוקט און מיטן פינגער אָנגעוויזן אויפן שענק, וועלכער האָט זיך געפונען אויפן ראָג, איבערן וועג.

איילנדיק זיך, כמעט ווי אונטער די סאַמע נעז פון די לויפנדיקע אויטאָ־מאָבילן, איז טשאַרנעס אַריבער די גאַס און שטיין געבליבן לעבן שענק, אויף וועלכן דער מאַן האָט אָנגעוויזן. שטייענדיק אַזוי, האָט ער זיך דער־מאָנט וועגן זיין צוזאָג צו דער פרוי צו זיין צוריק אין הויז ניט שפּעטער ווי דריי אַזייגער. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן האַנט־זייגערל. ס'איז געווען פונקט דריי. ער האָט אַ טראַכט געטאָן: „איצט איז פונקט די צייט צו זיין אין דער היים"... אָבער זיין שרייבערישע נייגעריקייט האָט אים גענומען אונטערזאָגן: „ניט אַלע טאָג טרעפן זיך אַזעלכע פּאָרלעך... צי פילסטו ניט, טשאַרנעס, אַז עפּעס טיף־טראַגישעס איז געשען אין זייערע לעבנס?... דערצו איז דער מאַן דאָך דיר אַזוי באַקאַנט... דו מוזט זיך דערמאָנען ווער ער איז און וואו דו האָסט זיך מיט אים געטראָפן... און ווייטער — ווער קען דיך צווינגען צו פאַרבלייבן לאַנג אין שענק?... וועסט אויסגעפינען מער אָדער ווייניקער וואָס דו באַדאַרפסט און קומען אַהיים אין אַ טעקסי. ס'איז ניט ווייט פון דאַנען. דיין פרוי איז אַ פאַרשטענדלעכע און וועט דיר פאַרגעבן, אויב דו וועסט אפילו אַהיים קומען מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער"...

די פאַרקער־ליכט האָבן זיך געביטן און דאָס פּאָרל האָט גענומען פאַר־זיכטיק אַריבערגיין דעם וועג.

טשאַרנעס איז, איילנדיק זיך, אַריין אין שענק.

אַרום דעם לאַנגן שענק־טיש, רעכטס, זיינען אויף הויכע בענקלעך גע־זעסן דריי מענער מיט אַ פרוי און פאַר זיי זיינען געשטאַנען הויכע גלעזער ביר און קורצע קעלישקעס מיט שנאַפּס. אַ הויכער פעטלעכער מאַן, זעט אויס דער בעל־הבית, איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אויפן טיש און, ווי ס'האָט אויסגעזען, האָט ער נאָר וואָס געהאַט פאַרענדיקט עפּעס אַ געלונגענעם וויץ; אַלע האָבן געלאַכט און ער הילכיקער פון אַלעמען.

לינקס, ביי די צוויי פענצטער צו דער גאַס, זיינען געשטאַנען דריי קליינע טישלעך מיט בענקלעך אַרום יעדן. אַרום ערשטן טישל זיינען געזעסן צוויי מענער, געטרונקען ביר און עפּעס שטיל געשמועסט צווישן זיך. דאָס צווייטע און דריטע טישל זיינען געווען ליידיק און נעבן לעצטן, צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט, איז געשטאַנען און געדרימלט אַ הויכער, דאַרער קעלנער, אויסגעפּוצט אין אַ לאַנגן, ווייסן פאַרטוך, מיט אַ האַנטוך אונטערן לינקן אָרעם.

דערזעענדיק טשאַרנעסן אַריינקומען, האָט דער קעלנער געעפנט די אויגן, ווי מיט גרויס מי זיך קוים אָפּגעריסן פון דער וואַנט, מיטן האַנטוך אַ פּלינקן וויש געטאָן איבער די צווײ, ניט פאַרנומענע, טישלעך און אים באַגריסט מיט אַ שמייכל און לייכטן נויג מיטן קאָפּ.

כמעט ווי אויטאָמאַטיש, האָט אונדזער שרייבער אויף שנעל געגומען אויסרעכענען: ביים גרויסן שענק־טיש וועט זיך מיין פּאָרל זיכער ניט אָוועקזעצן... פאַרוואָס ?... זי, שוירלי, וועט ניט דערלאָזן: צופיל מענטשן... הייסט עס, זיי וועלן פאַרנעמען איינס פון די טישלעך, וועלכע ער וועט פאַר זיי איבערלאָזן... און די טישלעך שטייען אַזוי נאָענט איינס פון צווייטן... יאָ... דאָס איז דער בעסטער פּלאַץ פאַר אים"...

ער האָט געענטפערט דעם קעלנער מיט אַ בויג פון קאָפּ, אויפגעהאַנגען דעם קאַפּעליוש און מאַנטל אויף אַ דערבייאיקן הענגער, זיך אַוועקגעזעצט ביים דריטן טישל און, מיט אַ געמאַכטער רואיקייט, אַ זאָג געטאָן צום קעלנער:

— אַ גלאָז ביר און אַ „העם־סענדוויטש".

— „יעס, סער"! — האָט דער קעלנער וואוילינגעריש, ווי אויסגעשאָסן מיט אַ דין, פעט קולכל און איז פאַרשוואונדן.

באַלד האָט זיך די טיר פון גאַס לאַנגזאַם געעפנט און דאָס פּאָר־פּאָלק איז אַריין אין שענק; ער פאָראויס, זי, ביט זיכער, נאָך אים. זיינע אויגן פולע מיט דערוואַרטונג, אירע — מיט פאַרזיכט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, טיף אַריינגעצויגן אין זיך די פאַרשיכורנדיקע לופט און בעת אירע בליקן זיינען שוין געווען געווענדט צום צווייטן טישל, האָט ער אויפמערקזאַם זיך איינגעקוקט אין פנים פונעם באַלעבאָס פון שענק.

יענער האָט אויפגעכאַפּט זיין בליק און, צוגייענדיק צום סאַמע עק פון טיש, אים אויך אויפמערקזאַם באַטראַכט און אַ פרעג געטאָן:

— וועל ?... ווילסט עפּעס זאָגן ?

— ניין, — האָט דער מאַן געפּרואווט אַ שמייכל טאָן, — ווי כ'זע, ביסטו דאָ אַ נייער באַלעבאָס... דזשימין, כ'מיין, דעם פריערדיקן, האָב איך גוט געקענט.

דעם באַלעבאָס' קאָפּ האָט זיך אַ צי געטאָן עטוואָס פאָראויס און זיינע קליינע, מאָדנע טונקעלע, אויגן זיינען נאָך קלענער און טונקעלער געוואָרן:

— האָסט געהאַט עפּעס געשעפטן מיט דזשימין ? — האָט ער שטיל, און ווי פאַרזיכטיק, אַ פרעג געטאָן.

— ניין, מיסטער, קיין שום געשעפטן! — האָט די פרוי זיך אַריינגעמישט אין געשפרעך, — מיר האָבן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געוואוינט אין דעם געגנט און פלעגן זיך אַמאָל אַריינכאַפּן אַהער טרינקען אַ גלאָז ביר...

דאָס אַלץ! — זי האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויפן מאַנס אַקסל און אָנ־געוויזן אויפן צווייטן טישל: — קום, טאַם... אָט איז דאָרטן פאַראַן אַ ליי־דיקער טיש.

דער באַלעבאָס האָט זיי ביידן אָפּגעמאָסטן מיט אַ שנעלן, פאַרשנדיקן, בליק און איז צוריקגעגאַנגען צו זיינע געסט ביים לאַנגן טיש.

דאָס פּאָרל האָט זיך אַוועקגעזעצט און נאָך דעם ווי דער קעלנער האָט דערלאַנגט טשאַרנעסן זיין סענדוויטש מיט דער גלאָז ביר, איז ער צוגעגאַנגען צו זייער טישל.

— אַ גלאָז ביר פאַר מיר, — האָט די פרוי געזאָגט צום קעלנער.

— און פאַר מיר אויך אַ ביר, אָבער צוזאַמען מיט אַ צווייענדיקן סקאָטש!

— האָט דער מאַן באַפוילן, אונטערשטרייכנדיק די לעצטע ווערטער.

דער קעלנער האָט זיי דערלאַנגט זייער באַשטעלונג און זיך ווידער ווי צוגעקלעפּט צו זיין אָרט נעבן דער וואַנט.

טשאַרנעס האָט לאַנגזאַם געקייט דעם סענדוויטש, אַריינגעקוקט אין זיין צייטונג און, מיט אַ ווינקל פון איין אויג געהיט דאָס פּאָרל. — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די פרוי האָט לאַנגזאַם, מיט קליינע נערוועזע שלינגעלעך, געטרונקען איר ביר, דער מאַן האָט, דאַגעגן, מיט צוויי פלינקע, אָפּגעהאַקטע באַוועגונגען אַריינגעגאָסן דעם שנאַפּס אין האַלדז און, זעט אויס, מיט פאַרגעניגן, ניט איילנדיק זיך, גענומען זופּן דעם ביר.

די פרוי איז איצט געזעסן מיטן פּנים גלייך אַנטקעגן טשאַרנעסן און דער מאַן מיטן לינקן פּראָפיל צו אים.

„וואָס פאַראַ פיינער, בלאָנדער, האַלב־קינדערשער פּנים", האָט ער גע־טראַכט וועגן דער פרוי און, קייענדיק דעם סענדוויטש, זיך באַמיט אַרויס־צוקריגן פונעם דמיון די שנור, וועלכע זאָל אים פאַרבינדן מיט אָט־דעם מאַן מיטן נאָמען טאַם, וואָס זיצט איצט אַנטקעגן אים.

ער האָט פאַרענדיקט דעם סענדוויטש און אויסגעטרונקען די גלאָז ביר. אויך פאַר טאַמען איז שוין געשטאַנען ליידיק די גרויסע גלאָז פון ביר און טשאַרנעס האָט איבערגעכאַפּט זיין בעטנדיקן בליק געווענדט צו דער פרוי, אָבער יענע האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ און אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער אין גאַס.

ענדלעך האָט טאַם ניט אויסגעהאַלטן: „וועיטער, נאָך איין סקאָטש!", האָט ער פעסט אַ זאָג געטאָן, עטוואָס אויפהויבנדיק די לינקע האַנט און אויסציענדיק דעם קאָפּ פאָראויס. און טשאַרנעס האָט איצט באַמערקט אַ גרויסן, לענגלעכן, טונקל־ברוינעם, געבורט־צייכן, וועלכער האָט זיך גע־צויגן אויף טאַמס האַלדז פון זיין לינקן אויער ביז'ן קאַלנער־ביין.

די פרוי האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויפן מאַנס אַקסל און שטיל גענומען בעטן:

— טאַם, איך בעט דיך... האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט... קום פון דאַנען!... וועסט אַלץ קריגן אין דער היים... טרינק ניט מער, כ'בעט דיך...

ער האָט געגלעט איר האַנט און שולדיק געשמייכלט:

— אויף מיין וואָרט, שירלי, טייערע, דאָס איז דאָס לעצטע גלעזל... איך זאָג דיר צו... דאָס לעצטע...

דער קעלנער האָט צוגעטראָגן דאָס גלעזל שנאַפּס און דערביי געוואָרפן אַ שפּאָטישן בליק אויף דער פרוי.

און מיטאַמאָל איז ווי אַ פּאַרהאַנג אַראָפּגעפאַלן פון טשאַרנעסעס אויגן: ס'איז געווען ווי אַן אַנטפּלעקונג, וועלכע איז געקומען אַדאַנק אָט־דעם צייכן אונטער טאָמס אויער, ווי אויך אַדאַנק זיין מאָדנע טיפּישער באַוועגונג מיט דער לינקער האַנט צום קעלנער און דעם הויכן קלאַנג פון זיין שטים.

פאַר אים האָט זיך, ווי אין אַ כישוף, אַנטפּלעקט אַ לאַנגע גאַס. פון ביידע זייטן ציכטיקע, איינשטאָקיקע, פּריוואַטע הייזקעס, אַממערסטנס, מיט גערטנדלעך מיט בלומען. די גאַס איז פריש צעגראָבן און געפינט זיך אין פּראָצעס פון ברוקירונג. ס'איז די צייט פון די קריזיס־יאָרן — 1938־1940, ווען פּרעזידענט רוזוועלט האָט באַשאַפן די „דאַבליו־פּי־עי", כדי צו העלפן די מיליאָנען אַרבעטסלאָזע. עטלעכע חדשים איז ער, טשאַרנעס, אַלס אַ שרייבער, געווען באַשעפטיקט אויפן שרייבער־פּראָיעקט, דערנאָך אַרויסגעשטויסן געוואָרן און געמוזט איבערגיין אין דער קאַטעגאָריע פון גאַסן־ברוקירער. און אָט געפינט ער זיך צווישן אַ גרופּע פון עטלעכע צענדליק אַרבעטער אויף אָט־דער שטילער גאַס. צווישן די אַרבעטער איז אויך ער פאַראַן, ער — טאָם... אָט דער זעלבער טאָם... וואָס זיצט איצט אַנטקעגן אים... ער האָט פאַרגעסן זיין לעצטן נאָמען. . ער איז אַ פיינער בחור, דער טאָם, אַ טרוימער, אַביסל אַ פאַרביטערטער. ער לערנט גוטמוטיק אים, דעם שרייבער, ווי אַזוי צו האַלטן די לאָפּעטע, ווי אַזוי צו אָפּערירן מיטן גראָבאייזן, ווי אַזוי צו שטופּן די וועגעלעך מיט זאַמד און שטיינער, זיי זאָלן זיך ניט איבערקערן. די אַרבעט איז, אין אַלגעמיין, ניט קיין שווערע. די אויפזעער יאָגן די אַרבעטער ניט צו שטאַרק און כל־זמן די זון שיינט און ס'איז ניט צו ווינטיק — קומט מען ניט שלעכט דורך דעם טאָג אַרבעט.

פיל שווערער פלעגט זיין, ווען מען האָט באַדאַרפט דורכשניידן נייע גאַסן, ווען מען האָט געמוזט, מיט דינאַמיט, אויפרייסן גאַנץ היפשע, שטיינערנע בערגלעך און שטופּן וועגעלעך פולע מיט שווערע שטיינער.

מיטן אָנקום פונעם ווינטער איז די אַרבעט אין גאַס געוואָרן כמעט אומדערטרעגלעך. די צעלייגטע פייערן האָבן ווייניק וואָס געהאָלפן און דער

פראָסט און ווינט האָבן שטיקער גערינסן פון די האַלב־פּאַראַליזירטע גלי־דער. ווי געיאָגטע מייז, אַזוי האָט מען געזוכט לעכער, גריבער, אַבי זיך צו דערוואָרעמען אויף אַ רגע, זיך אויסבאַהאַלטן פונעם ווינט. זיי פלעגן זיך אַפּטאַפּט אַריינכאַפּן אין די „האָלס" פון די אַרומיקע הייזער, אין די קעלערן, פון וואַנען מען האָט זיי געטריבן, מורא האָבנדיק זיי זאָלן נאָך עפּעס ניט צוגנבענען.

און אָט איצט, זיצנדיק אין שענק, מיט פּופּצן יאָר שפּעטער, און איינ־קוקנדיק זיך אין טאַמס פּנים, האָט טשאַרנעס זיך אויך דערמאָנט וועגן זיין אייגענעם צונאָמען, וועלכן די חברה האָט אים געגעבן, אין פאַרבינדונג מיטן אונטערשלאַג פון זיין אַלטן מאַנטל, וועלכן ער האָט מיט אַ יאָר אַכט פאַרן קריזיס געקויפט אויף אַן אויספאַרקויף נאָך אַ פייער. סיי דער מאַנטל גופא, אַזוי אויך זיין שוואַרצער, אַטלאַסענער אונטערשלאַג, זיינען שוין געווען היפּש־לעך אויסגעריבן, אָבער אין דער צייט וואָס דער אויבערשלאַג האָט באַקו־מען אַ גרוילעכן קאָליר, האָבן די איבערגעבליבענע טיילן פון אונטערשלאַג איינגעהאַלטן אין זיך דעם גלאַנץ פון שוואַרצן אַטלאַס, און פלעגן שיינען אונטער די שטראַלן פון דער זון, ווען דער מאַנטל איז געהאָנגען אויף אַ צווייג פון אַ בוים. און די חברה אַרבעטער, דענקענדיק, אַז דער מאַנטל איז אַמאָל געווען זייער אַ טייערער, האָבן זיי אים, טשאַרנעסן, צוגעטשעפּעט אַ צונאָמען: „דער מאַן מיטן קאָסטבאַרן מאַנטל".

און נאָך אַ קליינע פּאַסירונג האָט איצט, ווי אויפגעפינקלט אין זיין זכרון: אַ ווינטיקער, פראָסטיקער פרימאָרגן... אַלע שטייען זיי מיט גראָב־אייזנס אין די הענט און צעוואָרפן די אָנגעהורבעטע בערג מיט שטיינער, נאָך אַ דינאַמיט־אויפרייס. טאָם שטייט מיט אַ צוואַנציק פוס פאַר אים און באַמיט זיך אויפצוהייבן אַ שווערן שטיין. מיטאַמאָל גיט ער אים אַ רוף:

— העי, טשאַרנעס, קום שנעל אַהער!

— וואָס ווילסטו? מיינע פיס זיינען צוגעפרוירן צו די גאָט פאַרדאַמטע שטיינער! כ'קען זיך ניט רירן פון אָרט!

— קום אַהער! דער טייוול וועט דיך ניט נעמען!... כ'האָב, אין אַ לאָך דאָ, געפונען אַ פּאַק מיט שלאַנגען. — ער בויגט זיך איין איבער אַ שפּאַלט צווישן צוויי שטיינער.

טשאַרנעס גייט צו, קוקט זיך נייגעריק איין אין שפּאַלט: דאָרטן ליגט אַ קופּע, האַלב־פאַרפרוירענע, שוואַרצע שלאַנגען. זיי ליגן ענג איינגעפלאָכ־טענע איינער אין צווייטן, מיט די קעפּלעך צווישן די רינגען. דער דינאַמיט־אויפרייס האָט צעשטערט זייער ווינטער־נעסט און זיי אויך אַרויסגעבראַכט פון זייער פאַרגליווערטקייט. זיי באַוועגן זיך קוים און אַ לייכטער ציטער וויברירט איבער זייערע רינגען.

— מען דאַרף זיי הרגענען, — זאָגט טאָם און הויבט אויף זיין רידל.

— אַ שאָד! — שטעלט זיך טשאַרנעס איין פאַר די שלאַנגען, — זיי זיינען ניט קיין גיפטיקע. זיי פאַרניכטן אַ גאַנצן זומער מייז און אַנדערע שעד־לעכע באַשעפענישן.

— פון וואַנען ווייסטו, אַז זיי זיינען ניט קיין גיפטיקע? — גלויבט אים טאָם ניט.

— זייערע קעפלעך ווייזן עס, — גיט אים טשאַרנעס צו פאַרשטיין, — אָט זע: זיי זיינען אַלע לענגלעכע, ווי אונדזערע פינגער. אַלע גיפטיקע שלאַנגען האָבן דריי־עקיגע קעפּ, ווי די „קלאפּער" אָדער „קופּער־קאָפּ"־שלאַנג. מען קען זיי לייכט אונטערשיידן.

טאָם קוקט זיך איין אין די שלאַנגען, קערט איינע פון זיי איבער מיט זיין גראָב־אייזן און זאָגט פאַרטראַכט:

— יעדע באַשעפעניש ווייסט דעם זיכערסטן וועג ווי זיך צו באַוואָרענען מיט שפּייז און מיט אַ וואוינונג. נאָר מיר, די גאָט־פאַרדאַמטע, קלוגע שטיב־קער, די מענטשן, קענען זיך צו דעם ניט דערטראַכטן און מוזן אין ווינטער פרירן אין גאַס און רייסן די גאָט פאַרדאַמטע שטיינער...

— וועל, — גיט טשאַרנעס צו, מיט אַ זיפץ, — ס'איז אָבער פאָרט בע־סער ווי אַרומגיין בעטלען אָדער שטאַרבן פון הונגער?...

טאָם פאַררויכערט, באַטראַכט נאָך אַמאָל די שלאַנגען און גיט אַ הילפּ־לאָזן הויב ביידע הענט:

— איך דענק פאָרט, אַז דאָס בעסטע וואָס מיר קענען טאָן פאַר די שלאַנ־גען — איז זיי צו הרג'ענען. זיי וועלן סיי ווי פאַרפרוירן ווערן צום טויט.

טשאַרנעסן ווילט זיך אָבער זייער ניט, אַז מען זאָל פאַרניכטן אָט־די אומשולדיקע שלאַנקע באַשעפענישן, וועלכע האָבן, דערצו נאָך, פון זיין פריסטער קינדהייט אָן, פאַרנומען אַ ווליכטיקן אָרט אין זיין פאַרשטעלונג־קראַפט. ער טראַכט אָנגעשטרענגט אַ ווײַלע, דערנאָך, גיט ער, מיט פרייד, אַ זאָג:

— טאָם, איך האָב אַ פּלאַן און זייער אַ לייכטן: אונדזערע שלאַנגען וועלן דאָן ניט נאָר בלייבן לעבן, נאָר אויך האָבן אַ גוטע וואַרעמע היים!

טאָם וואַרפט אויף אים אַ סקעפּטישן בליק:

— וועסט זיי אפשר אַהיים נעמען און זיי האַלטן אין בעט, צווישן דיר מיט דיין ווייב?

— הער, דו פאַרשטאָפּטער קאָפּ. עס לויפן דאָ אַלע טאָג פאַרביי צענדלי־קער קינדער פון דער ניט ווייטער פּאָבליק סקול...

— איז וואָס? ווילסטו אפשר צווישן זיי צעטיילן דיינע שלאַנגען?

— וואַרט אַ מינוט... צי ווייסטו ניט, אַז כמעט אין יעדער פּאָבליק סקול

איז פאַראַן אַ נאַטור־וויסנשאַפט צימער מיט פאַרשיידענע פלאַנצן און לע־בעדיקע באַשעפענישן ?... דענקסטו ניט, אַז פאַר אַזאַ צימער וואָלטן אונ־דזערע שלאַנגען געווען אַן אוצר ? !

טאַם גיט אַ שמייכל :

— מעגלעך... פאַר די יאַטלעך וואָלט עס זיכער געווען אַן אמתער פּיקניק.

דערהערנדיק, אַז מען האָט געפונען לעבעדיקע שלאַנגען, זיינען אַלע אַרבעטער זיך צוזאַמענגעלאָפן און אונדז אַרומגערינגלט. אַלעמען איז זייער געפעלן דער געדאַנק וועגן איבערגעבן די שלאַנגען צו די קינדער פון דער פּאַבליק־סקול.

מען האָט געפונען אַ גרויסן, פאַפּירענעם בייטל און טאַם מיט טשאַרנעסן האָבן פאַרזיכטיק, איינציקווייז, אַהין אַריינגעלייגט די ציטערנדיקע שלאַנגען און זיי שפּעטער איבערגעגעבן צו עטלעכע יינגלעך, וועלכע זיינען אייגפאַך ווילד געוואָרן פון פרייד און ניט געקענט געַנוג אָפּדאַנקען פאַר דער טייערער מתנה.

טשאַרנעס האָט זיך שוין איצט ניט געקענט מער קאָנטראָלירן. ער האָט זיך האַסטיק אויפגעהויבן פון שטול, איז צוגעגאַנגען צום צווייטן טישל און, אויסציענדיק די האַנט, באַגריסט טאַמען :

— האַלאָ, טאַם ! — זיין אויפגעוואַכטער זכרון האָט אים שוין אויך אונ־טערגעזאָגט טאַמס פאַמיליע־נאָמען און ער האָט איבערגעחזרט : — האַלאָ־טאַם מעקלין !

די ווינקלען פון טאַמס מויל האָבן זיך צוזאַמענגעצויגן און ניט אַננעמענ־דיק די אויסגעשטרעקטע האַנט, האָט ער אַ שאַרפן קוק געטאָן אויפן גאַסט און, כמעט דראָענדיק, שטיל אַ פרעג געטאָן :

— ווער ביסטו ? איך קען דיך ניט !

— מיסטער, מיר זיינען דאָ פרעמדע און זוכן ניט קיין באַקאַנטשאַפט !

— האָט זיך אויך שוירלי אומרואיק אָפּגערופן, — מיר זיינען אַריינגעקומען אַהער אויסטרינקען אַ גלאָז ביר און גייען גלייך אַוועק !

— טשאַרנעס האָט פּרובירט אַ לאַך טאָן :

— כ׳ווייס, טאַם, פופצן יאָר איז אַ היפּשע צייט, אָבער גיב אַ גוטן קוק אויף מיר... מיר האָבן דאָך צוזאַמען געאַרבעט אויף דער „דאַבליו־פּי־עי״... צוזאַמען אויסגעפּלאַסטערט אַ רייע גאַסן אין בראָנקס...

טאַם האָט זיך נאָך אַ ווײַלע איינגעקוקט אין טשאַרנעסעס פנים און ווי־דער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין :

— עס טוט מיר לייד... איך קען דיך ניט... כ׳האָב קיינמאָל דאָרט ניט געאַרבעט... מאַכסט אַ טעות.

— קום, מיר דאַרפֿן שוין גיין! — האָט די פֿרוי אים דערמאָנט און זיך אויפֿגעשטעלט.

דער קנויל האַלב־פֿאַרפֿרוירענע, ציטערנדיקע, שוואַרצע שלאַנגען אין שפּאַלט פֿון שטיין האָט מיטאַמאָל ווי אויפֿגעלעבט פּאָר טשאַרנעסעס אויגן און אים דערפֿרייט. ניט אָוועקנעמענדיק די אויסגעשטרעקטע האַנט האָט ער זיך עטוואָס צוגעבויפֿן און אים אַריינגעשמייכלט אין פּנים אַריין:

— איך מאַך קיין טעות ניט, טאַם. זאָג, געדענקסטו נאָך די קופּע שוואַרצע האַלב־פֿאַרפֿרוירענע שלאַנגען, וועלכע דו האָסט איין מאָל געפֿונען אין אַ שפּאַלט פֿון אַ שטיין נאָך אַ דינאַמיט־אויפֿרייס?... האָסטו פֿאַרגעסן ווי אַזוי מיר האָבן זיי אײַנגעפּאַקט אין אַ פּאַפּירענעם בײַטל און זיי שפּעטער אָוועקגעגעבן די יינגלעך פֿאַר זייער פּאָבליק־סקול?

די צוזאַמענגעצויגענע מוסקולן אויף טאָמס פּנים האָבן מיטאַמאָל ווי נאָכגעלאָזט, דאָס מויל האָט זיך עטוואָס צעעפֿנט און אַ שטראַל פֿון פֿאַרוואונדערונג און פֿרייד האָט באַלויכטן זיין פּנים. ער האָט זיך אַ האַסטיקן הויב געטאָן פֿון שטול, און מיט ביידע הענט אָנגעכאַפּט די אויסגעשטרעקטע האַנט.

— „גאָד־דעמעט”! דאָס ביסטו דאָך טשאַרנעס! „דער מאַן מיטן קאַסט־באַרן מאַנטל”!... — ער האָט שטיל אַ זאָג געטאָן דער פֿרוי: — האָב ניט מורא, ס'איז ניט קיין דעטעקטיוו... ס'איז מיינער אַן אַלטער גוטער פֿריינט!

מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער, זיינען מיר שוין אַלע געזעסן ביי טאָמען אין זיין האַלב־איינגעפֿאַלענעם שטיבל, ערגעץ־וואו אין סאַמע עק פֿון פּראָס־פּעקט עוועניו. די וואוינונג איז באַשטאַנען פֿון צוויי קליינינקע, גאָר אַל־טינקע, צימערלעך, מיט דער סטעליע איבערן קאָפּ, מיט איין וואַנט — אַן אויסגעקרימטע. די אויסשטאַטונג: אַ קיילעכדיקער טיש, פֿיר בענקלעך, אַ בעט, אַ שראַנקל מיט געפֿעס און אַ קוילן־אויוון אין ווינקל. די אָרעמקייט איז אָבער געווען אַ ריינע. אַ צוגעדעקטע מיט פֿאַרביקע שמאַטעס, אַ באַפּוצטע, אַפֿילו מיט אַ פּאָר פֿאַרצעלייענע פֿיגורקעס. אויף די קליינינקע, אויסגע־קרימטע פֿענצטערלעך זיינען געהאַנגען געל־גרינע פֿאַרהענגלעך און עס זיינען געשטאַנען טעפּלעך מיט פֿלאַנצן.

מיט דער געשיקטקייט פֿון אַ געניטער באַלעבאָסטע, וועלכע זוכט מיט פֿריילעכע רייד און ראַשיקע באַוועגונגען צו פֿאַרדעקן פֿאַר אַ גאַסט איר אָרעמקייט, — האָט שוירלי אָוועקגעשטעלט אויפֿן טיש אַ שיסל פּרוכט, אַ פֿלעשל שנאַפּס, אַ פֿלאַש ביר, געעפֿנט אַ פּושקעלע מיט סעמען־פֿיש, אויף טעלערלעך שיין צעלייגט צוויי מינים קעז, צעשניטן אַ קאָרן־ברויטל און איינגעלאַדן דעם מאַן מיטן גאַסט צו דער סעודה.

זיי האָבן אַלע מער געטרונקען ווי געגעסן, מישנדיק ביר מיט שנאַפּס,

און די פרוי האָט געקוקט אויפן גאַסט מיט אירע גרויסע, ליכטיק־בלויע, איצט אַזעלכע דאַנקבאַרע, אויגן און איין מאָל שמייכלענדיק באַמערקט:

— ס׳איז זייער גוט, וואָס מיר האָבן זיך מיט דיר היינט געטראָפן. די גאַנצע וועלט איז מיטאַמאָל אונדז ווי אַ ביסל היימלעכער געוואָרן... איך מיט טאָמען פילן זיך ניט שוין אַזוי איינזאַם ווי פריער... ניט ריכטיק, טאָם?

— אמת! — האָט טאָם שיכורלעך־צופרידן צוגעשאָקלט מיטן קאָפ, — ס׳איז זייער גוט וואָס מיר האָבן דיך, דו הינטישער זון, היינט געטראָפן! — און געבנדיק דער פרוי אַ שטיפערישן פּאַטש איבער דער באַק, האָט ער איר מילד פאַרגעוואָרפן: — זעסטו, און דו האָסט ניט געוואָלט, אפילו אַריינגיין אין שענק און שפּעטער אים גאָר אָנגענומען פאַר אַ דעטעקטיוו, — ער איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ שטילן געלעכטער.

— ווער האָט געקענט וויסן, אַז ער זיצט עס דאָרטן? — האָט זי לאַכנ־דיק געפּרוּווט זיך פאַרענטפערן, — זיצט פונקט ווי ער וואָלט דאָרטן אור־מישנע געוואָרט אויף אונדז.

— ס׳אַלרייט, טייערע, — האָט טאָם זי באַרויקט, — דו ביסט די בעסטע מיידל אין דער וועלט — און גלעטנדיק זי איבער דער האַנט, האָט ער אויס־געדרייט דעם קאָפ צום גאַסט: — דו ווייסט ניט, ברודער, אַז מיר זיינען שוין אַכט יאָר פאַרהייראַט, — ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, — ניין, בלויז זעקס יאָר. מען קען דאָך ניט אַריינרעכענען די צוויי יאָר וואָס כ׳בין אין טורמע געזעסן.

— אין טורמע? — האָט טשאַרנעס איבערגעפרעגט, — וואָס האָסטו דאָרטן געטאָן? אויף די אַרעסטאַנטן אַכטונג געגעבן?

— מאַכסט אַ טעות, ברודער! — האָט טאָם אָן אומעטיקן לאַך געטאָן, — כ׳בין אַליין אַן אַרעסטאַנט געווען, צוויי יאָר אין „סינג־סינג" זיך אָפּגע־מאַטערט.

— גענוג וועגן דעם, טאָם! — האָט די פרוי אים אָפּגעשטעלט און שנעל אויסגעווישט אַ טרער, — ווער דאַרף עס איצט רעדן וועגן דעם?! ס׳איז דאַנקען גאָט, פאַראיבער און וועט זיך שוין מער ניט איבערחזרן.

— ריכטיק! — האָט טאָם צוגעשטימט און ווייטער דערציילט: — זעקס יאָר האָבן מיר ביידע שווער געאַרבעט: זי אין איר לויזיקער סיגאַ־רעטן־פאַבריק און איך האָב זיך געוואָרפן, ווי אַ פיש אויף דער ווענדקע, פון איין אַרבעט צו דער צווייטער... אַלץ ניט געקענט איינאָרדענען אונדזער אָרעמען לעבן. און געוואוסט האָב איך, אַז זי, שוירלי, האָט אַ געוויסן וואונטש, אַ געוויסן טרוים און ליידט פון דעם, וואָס איך קען עס איר ניט געבן... אין די גאַנצע זעקס יאָר האָט זי בלויז צוויי מאָל גערעדט מיט מיר וועגן

דעם... יאָ, בלויז צוויי מאָל... ניט מער...

— געַנוג, טאַם... — האָט זיך שוירלי ביי אים געבעטן.

— איין רגע, טייערע... כ׳וועל עס מאַכן זייער קורץ: — פאַרשטייסט, ברודער, עס זיינען פאַראַן אין לעבן אַזעלכע פריידן וואָס יעדער מאַן און פרוי מוזן דורכלעבן. אַנדערש, בלייבט אַט־די בענקשאַפט אין זיי אויפן גאַנצן לעבן...

— ניט אמת! — האָט שוירלי אים ווידער איבערגעשלאָגן און שנעל אָנגעפילט די גלעזלעך מיט שנאַפּס, — טרינקט... איך בענק שוין איצט ניט מער נאָך דעם!... ס׳איז פון אָנפאַנג אָן געווען אַ קינדערשע נאַריש־קייט אפילו עס צו וועלן:

אַלע האָבן אויסגעטרונקען און טאָם האָט ווייטער דערציילט:

— איר, שוירליס, טרוים איז פון קינדהייט אָן געווען, אַז ווען זי וועט חתונה האָבן, זאָל זי זיך אויספּוצן אין אַ ווייס כלה־קלייד, מיט אַ לאַנגן, לאַנגן שלעפּ און פונקט ווי אַ צאָל פון אירע חברטעס, וועלכע האָבן מער מזל געהאַט ביים אויסקלייבן זייערע חתנים, זאָל מען, צוערשט, אַריינגיין צו אַ פאָטאָגראַפער נעמען בילדער פון חתן־כלה, דערנאָך ערשטן פאָרן אין קלויס־טער אַריין... אָבער... — ער האָט אַ קורצן שפּאַטישן לאַך געטאָן, — אַזאַ טויגעניכץ ווי איך, האָב עס איר די גאַנצע צייט, זעקס לאַנגע יאָר, ניט גע־קענט געבן...

שוירלי האָט אָנגעפילט איר גלעזל מיט שנאַפּס און עס אַליין, ווי מיט אימפּעט, אויסגעטרונקען.

און טאָם האָט פאָרגעזעצט:

— יאָ, כ׳האָב עס ניט געקענט דערוויזן, אָבער געטראַכט האָב איך אָפט, אַז כ׳וועל נאָך אַמאָל אַהיים קומען צו איר מיט אַ פּאַק געלט אין קעשענע, מיט אַ ווייסן חופּה־קלייד אין אַ גרויסער פּושקע... מיר׳ן איינלאַדן אַ סך געסט, אַוועקפאָרן צו אַ פאָטאָגראַפער און נעמען די גרעסטע, די טייערסטע בילדער, דערנאָך, אין אויטאָמאָביל, פאָרן צום קלויסטער, וואו דער גלח מיט אַ סך זינגערס זאָלן שוין וואַרטן אויף אונדז... ווייסט, טשאַרנעס, אַ גענגסטער האָט ביי אונדז אין גאַס אַזוי איין מאָל חתונה געהאַט... — ער האָט אָנגעפילט די גלעזלעך מיט ביר און זיי האָבן אַלע ווידער אויס־געטרונקען.

— נאַרישקייטן, טאָם, ס׳איז געווען נאַרישקייט, — האָט זי שוין שיכור־לעך געשמייכלט, — איך שווער דיר, אַז איך דאַרף עס איצט שוין ניט האָבן מער... איך שווער דיר...

טאָם האָט זיך צוגעבויגן אַ ביסל נאָענטער צום גאַסט, זיין גאַנצער פּנים האָט זיך צוזאַמענגעצויגן, אין זיינע אויגן האָט זיך אָנגעצונדן אַן אומהיימ־

לעך פייערל און זיין קול איז געוואָרן אַביסל הייזעריק:

— און אָט אַזוי איז עס געשען: מען האָט מיך דאַן אָפּגעזאָגט פון אַ פּלאַץ, וואו איך האָב געהאָפּט לאַנג צו אַרבעטן... האָב איך געכאַפּט אַן איבעריקן טרונק, בין אַריין אין אַ דעליקאַטעסן קראָם און געפּרואווט מאַכן אַ „האָלד־אָפּ". דער דערשראָקענער קרעמער האָט שוין געהאַלטן אין איבער־געבן מיר דאָס פּעקל געלט, ווען אַ פּאָליציימאַן איז צופעליק אַריינגעקומען אין קראָם. — ער האָט זיך ביטער צעלאַכט, — אפילו אויף דעם האָט מיר אויסגעפעלט מזל.

— גענוג, טייערער! — האָט זי אים ווידער אַמאָל אַ בעט געטאָן און צאַרט איבערגעגאַנגען מיט דער האַנט איבער זיינע האָר, — גענוג! ווער דאַרף עס איצט דערמאָנען?

און ער האָט ווייטער גערעדט, ווייזט אויס, ניט קענענדיק איבעררייסן דעם שטראָם פון דערינערונגען:

— יאָ... אַזוי איז עס געשען... אַדאַנק דעם, וואָס כ'האָב ביי זיך ניט געהאַט קיין געווער, און אַדאַנק דער געשיכטע מיטן חופּה־קלייד, וואָס זי, שוירלי, האָט דערציילט דעם ריכטער, האָט ער מיר געגעבן בלויז דריי יאָר. צוויי בין איך אָפּגעזעסן און דאָס דריטע האָט מען מיר געשענקט פאַר גוטער אויפפירונג. אַלע צוויי וואָכן פלעגט זי קומען מיך באַזוכן אין טורמע און מיר ברענגען גוטע זאַכן. יעדע צוויי וואָכן, ווי אַ זייגער. אַלע האָבן זי שוין דאָרטן געקענט און מיך מקנא געווען, וואָס כ'האָב אַזאַ פיינע, אַזאַ געטרייע פרוי... — זיין פּנים האָט זיך פיינלעך צוזאַמענגעדריקט און ער האָט שנעל אָפּגעקערט דעם קאָפּ.

דערנאָך האָט טשאַרנעס עפּעס גערעדט. גענוי וואָס — געדענקט ער שוין נישט. געווען, ווייזט אויס, היפּשלעך שיכור. אָבער דער הויפּט־געדאַנק, וועלכן ער האָט זיך באַמיט אַרויסצוברענגען, איז געווען, אַז מענטשן טאָרן קיינמאָל ניט פאַרלירן קיין האָפענונג; אַז די צייטן וועלן זיך געוויס פאַרבעסערן, און ער, טאָם, וועט נאָך קריגן אַן אויסגעצייכנטן „דזשאָב", וועט איר נאָך קויפן אַ חופּה־קלייד מיט אַ לאַנגן שלעפּ, וועט זי נאָך נעמען צו אַ פאָטאָגראַפער און דערנאָך אין קלויסטער... און ער אַליין, ש. טשאַרנעס, וועט צוזאַמען מיט זיין פרוי זיין צווישן די געסט און אויב זיי, די חתן־כלה, וועלן נאָר צושטימען, וועט ער מיט דער פרוי זיין אפילו זייערע אונטער־פירער...

און זיי בײדע, טאָם מיט דער פרוי, האָבן ניט אָפּגעווענדט פון אים זייערע שיכורע, גלויבנדיקע אויגן און שמייכלענדיק צוגעשאָקלט מיט די קעפּ... זי האָט געהאַלטן אין איין אָפּווישן די טרערן...

און ווער קען עס געדענקען גענוי, וואָס עס איז ווייטער געשען?...

ווי אַזוי ער, ש. טשאַרנעס, האָט נאָך לאַנגער פּלאַנטערניש צווישן די שמאָלע, פינצטערע, פוסטע געסלעך זיך ענדלעך, שפּעט ביינאַכט, אַרויסגעקליבן צו דער באַלויכטענער פּראָספּעקט וועניו סטאַנציע? די גאַנצע צייט פון בלאָנ־דזשען האָבן אים ווי געלעבט צוויי מענטשן: איינער האָט אים געהאַלטן אין איין שטויסן צו די טרעפּ פון יעדן הויז און געראַטן זיך אַוועקצוזעצן, אָדער אפילו זיך צולייגן אָפּרוען אַביסל, ביז דער קאָפּ, אָדער אפשר גאָר די גאַס וועלן זיך אויפהערן דרייען. דער צווייטער האָט אים געשטויסן פאָראויס, געהאַלטן אין איין דערמאָנען, אַז ער קען נאָך פאַרשפּעטיקן צו קומען אַהיים אין צייט, ווי ער האָט צוגעזאָגט דער פרוי.

צוויי מאָל איז ער אַרומגעגאַנגען ביידע אַרויפגאַנגען צו דער סטאַנציע און אַלץ ניט געקענט באַשליסן וועלכער פון זיי איז דער ריכטיקער. דאָס אַרויפגיין גופא איז אים אויך ניט אָנגעקומען גרינג: ער וואָלט געקענט שווערן, אַז די טרעפּ האָבן זיך געבויגן אונטער זיינע פיס און זיך אַלץ באַ־מיט אים אַרונטערצוואַרפן אויף צוריק, צו דער גאַס. געראַטעוועט האָבן אים די פאַרענטשעס אין וועלכע ער האָט זיך איינגעקלאַמערט מיט ביידע הענט.

ביים באַלויכטענעם פענצטערל האָט ער אַוועקגעלייגט אַ האַלבן דאָלאַר, גענומען בלויז איין „דיים", קוים געפונען דעם שפּאַלט ביים טירל פון דער אַריינגאַנגס־ראָד און זיך אַריינגעקייקלט אינעווייניק, איבערלאָזנדיק די אי־בעריקע פערציק סענט ביים פענצטער.

פאַר די צוויי אויפשריפטן „דאַון־טאַון" און „אַפּ־טאַון" איז ער שטיין געבליבן און זיך אַלץ ניט געקענט אָריענטירן אויף וואָס פאַראַ זייט טרעפּ אַרויפצוגיין. ער האָט אָפּגעשטעלט אַ פאַרבייגייענדיקע פרוי, אָבער זי האָט בלויז אַ קוק געטאָן אויף אים און איז פאַרבייגעלאָפן.

אַ מאַן, וועלכער איז אָנגעקומען מיט אַ פּאָר מינוטן שפּעטער, האָט שוין געהאַט אַביסל מער געדולד און אויסגעפינענדיק דעם נאָמען פון דער סטאַנציע, וואו ער, דער שרייבער אונדזערער, דאַרף אַרונטערגיין, האָט ער אים ניט נאָר אָנגעוויזן די ריכטיקע טרעפּ, נאָר אים אפילו עטוואָס אַרומ־גענומען און געהאָלפן אַרויפגיין צו דער פּלאַטפאָרמע.

אַרויפגייענדיק לאַנגזאַם, טרעפּ נאָך טרעפּ, האָט יענער אים נייגעריק, אַ פרעג געטאָן:

— ווי ס'ווייזט אויס, האָסטו היינט גוט פאַרבראַכט?... מן הסתם ביי אַ פריינט אין הויז?

— זיכער, — האָט טשאַרנעס שמייכלענדיק געענטפערט, — ביי מיין בעסטן פריינט... ביי טאַטען.

— וואָס איז די שמחה געווען?... אַ חתונה... אַ ברית?!

— ניין, האָט ער אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, — ער איז אַהיים געקומען...

— ווייט געווען?

— ניין, גאָר ניט ווייט... אין סינג־סינג... צוויי יאָר בלויז געווען דאָרטן, דאָס דריטע יאָר האָט מען אים געשענקט פאַר גוטער אויפפירונג...

— „סינג־סינג"? צוויי יאָר? — האָט זיך דער מאַן אָפּגעשטעלט אַ פאַרוואונדערטער, — וואָס האָט ער אַזוינס אָפּגעטאָן, דיין בעסטער פריינט?!

— געוואָלט מאַכן אַן „האָלד־אַפּ"... — האָט ער ווייטער דערציילט, אָבער ווי שיכור ער איז ניט געווען, האָט ער דאָך געפילט, אַז ער מוז עפּעס צוגעבן, מוז, אַמווייניקסטן, עפּעס דערמאָנען וועגן חופה־קלייד; מוז דערוויזן טאָמס אומשולד, וועלכע דער ריכטער האָט אפילו אָנערקענט, אָבער דער מאַן איז מיטאַמאָל ווי ניט געוואָרן און ווען ער כאַפּט זיך באַציטנס ניט אָן פאַר דער פּאַרענטשע, וואָלט ער זיך געווען אַראָפּגעקייקלט פון די טרעפּ.

— גיי צום טייוול, דו הינטישער זון! — האָט ער אַ זאָג געטאָן גלאַט אין דער וועלט אַריין.

שוין פאַרנדיק איז ער ניט אָפּגעטראָטן פון דער טיר פון וואַגאָן און, שוין מיט אַן אומבאַשטימטן געפיל פון אומרו, זיך איינגעקוקט אין די בוכשטאַבן פון די נעמען פון די פאַרביילויפנדיקע סטאַנציעס און זיך היפּש געחידושט, וואָס די בוכשטאַבן, געווינלעך אַזעלכע רואיקע, האַלטן איצט אין איין בייטן זייערע ערטער און לאָזן זיך ניט איבערלייענען. איז ער געשטאַנען נעבן דער טיר און איז ביי יעדן אָפּשטעל פאַרטיק געווען אַרויסצושפּרינגען אויף דער פּלאַטפאָרמע. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ טויט־דערשראָקענע האָט די פרוי פאַר אים געעפנט די טיר און אים צוערשט באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס.

— אום גאָטעס ווילן, וואָס איז געשען מיט דיר? וואוהין ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן?! כ'האָב שוין דעם טעלעפאָן אָפּגעריסן, זיך נאָכפרעגנדיק אויף דיר ביי אַלע פריינט און באַקאַנטע?... כ'האָב שוין איצט געהאַלטן ביים אָפּרופן די פּאָליציי... וואָס איז געשען?! מ'ר האָבן דאָך אָפּגערעדט אָפּצועסן דריי אַזייגער און דערנאָך גיין אין די „מואוויס"?!

ער האָט מיט אַלע כוחות זיך באַמיט צו שטיין גלייך אויף די פיס און ניט דערלאָזן די צונג צו פאַרקריכן אונטער דער רעכטער אָדער לינקער באַק. אין קאָפּ האָט עפּעס אַזוי הילכיק געזשומעט און זיינע ווערטער זיינען, ווי אַן זיין וויסן, ווי שווערע, פרעמדע קלאַנגען געפאַלן פון זיין מויל:

— פאַרשטייסט, טייערע... איך האָב... יאָ, איך האָב פאַרבלאָנדזשעט... אַזעלכע פינצטערע געסלעך פאַראַן דאָרטן, אַרום פּראָספּעקט עווענין סטאַנ־

ציע... ניט געווען אפילו ווען צו פרעגן...

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט ברייט־צעעפנטע אויגן:

— פאַרבלאָנדזשעט?!... דו?!... ווי קומסטו גאָר צו פּראָספּעקט עווענױ?

— טאָם וואוינט דאָרטן... כ'האָב אין שענק אויף אים מיט זיין פרוי געוואַרט...

— דאָס פיל איך פון דיר פונווייטנס, אָבער ווי קומסטו אין אַ שענק?!

— האָט זי ניט געקענט באַגרייפן, — און ווער איז דער טאָם?

— טאָם מעקלין... ער איז מיינער אַן אַלטער פריינט... אין סאַבוויי... אים מיט זיין פרוי באַגעגנט...

— קיינמאָל ניט געהערט וועגן זיי... — האָט זי שוין בייזלעך אַ הויב־געטאָן מיט די אַקסלען, — האָסטו, הייסט עס, זיך אָנגעשיכורט מיט טאָמען און זיין פרוי אין שענק לכבוד אייער באַגעגעניש?

ער האָט געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין:

— דו פאַרשטייסט ניט, טייערע! טאָם איז אַהיים געקומען... צוויי יאָר איז ער געווען אין „סינג־סינג״. פאַרמשפט האָט מען אים אויף דריי, אָבער...

— אין „סינג־סינג״? — האָט זי אים דערשראָקן אָנגעקוקט.

— יאָ, — האָט ער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, — פאַר אַ „האָלד־אַפּ״. בלויז געהאַט אַ מעסערל ביי זיך... אַ קליין קעשענע־מעסערל...

שוויגנדיק האָט זי געקוקט אויף אים אַ ווײַלע מיט פאַרשנדיקע בליקן, דערנאָך מיט אַ געמאַכטער רואיקייט שטיל אַ זאָג געטאָן:

— אָלרייט... קום, וועל איך דיר העלפן זיך אויסטאָן... מיר'ן זיך שוין מאָרגן אויסטענהן...

— גוט, טייערע! — האָט ער אַ צופרידענעם בויג געטאָן מיטן קאָפּ.

— זי, שוירלי, האָט שטענדיק געטרוימט וועגן אַ חופּה־קלייד. יאָ, אַ חופּה־קלייד מיט אַ לאַנגן שלעפּ און אַ פאָטאָגראַפער מיט גרויסע בילדער... מיט אַ קלויסטער... נו, און דאָ פלוצלונג אַן „האָלד־אַפּ״, מיט אַ פּאָליסמאַן... פאַרשטייסט וואָס פאַראַ טשיקאַווע... כ'מיין, אַ טראַגישע קאָמבינאַציע. יאָ, זייער אַ מאָדנע פּאַסירונג... פאַרשטייסט?... — האָט ער שיכורלעך געמורמלט.

— זיכער פאַרשטיי איך, — זי האָט אַ טאָפּ געטאָן זיין קאָפּ, — קום אין שלאָף־צימער... דאַכט זיך, אַז דו האָסט אַביסל היץ...

אידער זי האָט אים אַריינגעלייגט אין בעט האָט זי אים דערלאַנגט צוויי „אַספּירינען״: —

— נאָ, שלינג זיי אַרונטער... אָ, זיי ניט קיין איינגעשפּאַרטער. שלינג

זיי אַרונטער וועסטו זיך בעסער אויסשלאָפן און מאָרגן אויפשטיין אַ געזונטער. נאַ, פאַרטרינק מיט אַביסל וואַסער. גוט, זייער גוט... און איצט לייג זיך אַוועק און שלאָף איין...

ליגנדיק אין בעט, האָט ער געפילט ווי דער מאַטראַץ הויבט זיך אונטער אים, קלאָר געזען, דורך זיינע האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, ווי די סטעליע קייקלט זיך צונויף און בויגט זיך איין צו אים צוזאַמען מיט די ווענט. עפּעס אַן אומרו, אַ שולד אַנטקעגן דער פרוי האָט ווי געדריקט זיין געוויסן און ער האָט, שוין איינשלאָפנדיק, זיך באַמיט איר פאַרשטיין צו געבן, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט און געהאַלטן אין איין מורמלען עפּעס וועגן טאַמען מיטן ריכטער, וועגן „סינג־סינג" און וועגן שוירלין מיט איר חופה־קלייד.

ווען ער איז איינגעשלאָפן, איז די פרוי שטיל אַריין אין צימער, זיך צוגעהערט אַ ווײַלע צו זיין אָטעמען און פאַרזאָרגטיק אַרויפגעלייגט אַ פענכער פול מיט אייז אויף זיין שטערן.

ער האָט פון שלאָף אַ קרעכץ געטאָן, טיפער אַריינגעצויגן אין זיך די לופט און איז ווידער איינגעשלאָפן. — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

יאָ... אָט אַזוי ווי איר זעט, טייערע פריינט, געשעען אַמאָל מיט מענטשן זייער מאָדנע פּאַסירונגען. געשעען אומדערוואַרטעט, ווען די וועגן פון אַ צאָל מענטשלעכע לעבנס פלאָנטערן זיך צוזאַמען. און געשען קענען אַזעלכע זאַכן סיי פריילעכע, סיי טרויעריקע, קאָמישע אָדער טראַגישע, מיט יעדן איינעם יעדן טאָג, אפילו אויך אין אַ פּשוטן פרייטיק.

# דער מוטער נעליס סוד

יעדן פרימאָרגן, פינף טעג אין וואָך, אַ פערטל, העכסטנס, צען מי־נוטן צו אַכט, פלעגט מאַרווין בוירק אַריינקומען אין שאַפּ. דאָס ערשטע, פונקט ווי אַלע אַנדערע אַרבעטער, פלעגט ער צוגיין צום גרויסן וואַנט־זייגער, אַרויסנעמען פון אַ פלאַכן קעסטל, וועלכעס האָט דערביי געהאַנגען אויף דער וואַנט, אַ קאַרטל מיט זיין נאָמען, עס אַריינרוקן אין אַ שפּאַלט פונעם זייגער און אַ דרוק טאָן אַ מעטאַלענעם הענטל. דער זייגער פלעגט דאַן אַרויסגעבן אַ מעלאָדישן קלונג און אָפּדרוקן מיט רויטער טינט, פונקט אַנטקעגן מאַרווינס נאָמען, די צייט, ווען ער איז געקומען צו דער אַרבעט.

מאַרווין איז פיר־און־דרייסיק יאָר אַלט. ער איז אַ הויכער מאַן, אַ פעסט־געבויטער, פאַרמאָגט אַ בלאָנדן קאָפּ האָר, אַ גלייכע נאָז און בלויע אויגן. ווען ער איז, מיט אַ יאָר צוריק, דעם ערשטן מאָל אַריינגעקומען אין שאַפּ אַרבעטן, האָבן אים די אַרבעטער אָנגענומען פאַר אַ דייטש און אַן אומהיימלעכער געפיל האָט זיך אַ ריר געטאָן אין די הערצער פון די יידישע אַרבעטער.

די זעלבע אַרבעטער האָבן זיך אָבער שפּעטער שטאַרק דערפרייט, ווען ער האָט געענטפערט צו זיי אויף מאַמע־לשון, אָבער דער צונאָמען „אַריער" — איז שוין פאַר אים פאַרבליבן. עס האָט אים אָבער ווייניק וואָס געקי־מערט און אין די פרימאָרגנס, אַריינקומענדיק אין שאַפּ, פלעגט ער אָפט, אָדער זיי באַגריסן מיטן היטלערישן לאָזונג „הייל, באָיס!", אויף וואָס זיי פלעגן אים ענטפערן: „אַ מיתה משונה זאָל ער אייננעמען, אייב ער לעבט נאָך ערגעץ־וואו, דער הונט", און מאַרווין פלעגט זיי ענטפערן: "אָמן, קינ־דערלעך", אָדער די באַגריסונג פלעגט צוגיין קאַפּויער. זיי פלעגן אים באַ־גריסן: „גוטער מאָרגן, אַריער!", און ער פלעגט שוין דאַן ווינטשן דעם „פירער" מיט זיינע לעבן־געבליבענע אַרויסהעלפער אַ שנעלע כפרה.

פאַרטיק ווערנדיק מיטן קאַרטל, פלעגט מאַרווין צוגיין צום ריזיקן צו־שניידער־טיש, ביי וועלכן ער האָט געאַרבעט, אויפהענגען דאָס רעקל מיט דער הוט אויף אַ ספּעציעלן הענגער אין ווינקל, אָנטאָן דעם דיקן, קורצן פאַרטוך און זיך אַרויפזעצן אויפן טיש דורכקוקן די פרימאָרגן־צייטונג. אַמאָל פלעגט ער צוגיין צו די מאַשינען זיך דורכשמועסן מיט די אַרבעטער וועגן אַ ברענענדיק שטיקל טאָג־נייעס און אַמאָל פלעגן זיי צוקומען צו זיין טיש.

פינף מינוט צו אַכט, פלעגט שוין דער פאַרמאַן, דוד לייבמאַן, דורכ־לויפן דעם שאַפּ און לאָזן גיין דעם מאָטאָר. אַ קליינינקער, אַ דאַריבקער,

מיט אַ פּיצל פּנימל, אַ שפּיציק נעזל און שמאָלענקע אויגעלעך — האָט ער גיכער אויסגעזען ווי אַ מייזל, איידער ווי אַ לייב, ווי זיין נאָמען האָט גע־לויטעט. און די אַרבעטער פלעגן אים, צווישן זיך, טאַקע רופן ניט לייבמאַן, נאָר מייזלמאַן.

די ערשטע אָפּצורופן זיך אויפן ברום פונעם מאָטאָר זיינען געווען די 24 רעדער פון די 24 ניי־מאַשינען, וועלכע זיינען געשטאַנען אין צווי רייען, 12 קעגן 12, ביי די פענצטער. יעדע פון זיי האָט פון אָנהויב אַרויסגעגעבן איר אייגענעם אומצופרידענעם מורמל, סקריפּ אָדער קרעכץ און זיך גענו־מען דרייען, צוערשט לאַנגזאַם, דערנאָך שנעלער און ענדלעך פלעגן אַלע נעמען ברומען, דערפילנדיק דעם דרוק פון מענטשלעכע פיס אויף זייערע פּעדאַלן און דאָס שאַרכן פון זיידענע שטאָפן אונטער זייערע שטאָלענע ציינגלעך.

ווען דער פאַרמאַן פלעגט אַ לאָז טאָן דעם מאָטאָר, איז שוין די מער־הייט פון די אַרבעטער געזעסן ביי זייערע מאַשינען, די פּעקלעך צוגעשני־טענע קליידער שוין צעעפנט און זייערע טיילן צעלייגט לויט דעם סדר פון זייער געניי. און באַלד איז שוין דער שאַפּ געווען פול מיט ברומעריי, מענטשלעכע קעפּ זיינען צוגעפּאַלן צו די שוואַרצע קעפּלעך פון זייערע מאַ־שינען, בלייכע פּרויען און מענער־הענט האָבן זיך געהויבן און אַרונטער־געלאָזט אין ריטם פון מענטשלעכער אַרבעט.

אינמיטן שאַפּ צווישן די שורות ניי־מאַשינען און דעם צושניידערס טיש האָבן זיך געפונען צווי שמאָלע, לאַנגע טישן, וואו עס זיינען געזעסן די „פינישערינס": אַכט פרויען, וואָס האָבן פאַרענדיקט די קליידער מיט פלינקע באַוועגונגען פון זייערע פינקלענדיקע נאָדלען. אין רעכטן ווינקל, ניט ווייט פון זיי, זיינען געשטאַנען די פּרעסער, איינגעוויקלט אין געדיכטע וואָלקנס דאַמף און געקלאַפּט מיט זייערע אייזנס; אין לינקן ווינקל, ביים סאַמע עק פון מאַרווינס טיש, צווישן צווי פענצטער, איז געשטאַנען די „דריי־פּערין", די „ברוינע נעלי", ווי די אַרבעטער האָבן זי גערופן צווישן זיך. זי איז געשטאַנען אַרומגערינגלט מיט אַ האַלבן טוץ הילצערנע פיגורן, אויף וועלכע זי האָט אַ גאַנצן טאָג געהאַלטן אין איין אַרויפציען און אַראָפּציען קליידער פון פאַרשיידענע פאַרבן און מאָסן.

נעלי — אַ שלאַנקע מולאַטין, פון מיטעלע יאָרן, מיט היפּשלעך גע־מישטן בלוט, אויף וועלכן ס'האָט עדות געזאָגט יעדער שטריך פון איר פּנים, ווי אויך די פאַרב פון איר הויט, די פאַרב פון קאַווע, האַלב־געמישט מיט מילך. אירע פעך־שוואַרצע האָר האָבן זיך ביי איר כוואַליעדיק געצויגן אין דער לענג און ענלעך געווען צו די האָר פון די שפּאַנישע פרויען. „די ברוינע נעלי" האָט מען זי גערופן בלויז כדי צו אונטערשיידן זי פון די צווי אַנ־

דערע נעליס אין שאַפּ; פון דער איירישער נעלין, דער אַפּערעיטאַרין און פון דער איטאַליענישער נעלי, דער פינישערין.

מאַרווין הויבט קיינמאָל ניט אָן זיין אַרבעט אָן אַ לידל. ער פאַרמאָגט אַ פיינעם באַריטאָן, קען שפּילן אַביסל אויף אַ גיטאַרע און האָט ליב געזאַנג. געקומען קיין אַמעריקע איז ער פון בעסאַראַביע, אַ צוואַנציק־יאָריקער בחור, מיט זעכצן יאָר צוריק. געקומען מיט אַ דיפּלאָמע פון זעקס קלאַסן רוסישע גימנאַזיע און מיט אַ קאָפּ איבערפילט מיט טרוימען וועגן ענדיקן דאָ אויף דאָקטאָר.

ער האָט דאָ אָבער געהאַט ווייניק וואָס משפחה, דערצו — איין קבצן גרעסער פונעם צווייטן און דאָס רייכע לאַנד אַמעריקע איז דאַן אויך געווען פאַרזונקען אין אַ לייכטן קריזיס. וואָלט ער זיך נאָך אפשר פאָרט געווען דורכגעמוטשעט און זיך דערשלאָגן צו זיין ציל, האָט ער אָבער אינגיכן זיך געטראָפן מיט פוירלען, זיין איצטיקער פרוי, זיך פאַרליבט און דאָס לערנען זיך איז אים שוין מער ניט געקראָכן אין קאָפּ אַריין. אַחוץ איר שיינקייט האָט פוירל אויך פאַרמאָגט אַ פיינע אַלטאָ־שטימע און וואונדערלעך געזונגען יידישע און רוסישע פאָלקס־לידער. ביי אַזעלכע אומשטענדן איז דאָס לאָגישסטע פאַר אים געווען אויפצוגעבן דעם געדאַנק וועגן שטודירן און זיך נעמען צו אַ מלאכה.

אַ פריינט האָט אים אַרויפגענומען אין אַ קליידער־שאַפּ זיך צו לערנען די קונסט פון אַ „קאַטער" — אַ צושניידער פון פרויען־קליידער. אַ פּיאָנירקער, האָט ער זיך קאָנצענטרירט אויף דער קונסט פון צושניידעריי, דערצו נאָך אויפגענומען אַן אָוונט־קורס פון מאַכן „פּעטערנס" און מיט אַכט חדשים שפּעטער שוין געאַרבעט אין אַ נייעם שאַפּ, אַלס אַ פולשטענדיקער „קאַטער".

דאַן האָט פוירל אויפגעגעבן איר שאַפּ, וואו זי האָט געניייט פרויען־קליידער, זיי האָבן חתונה געהאַט און פונקט צו ניין חדשים האָט זי אים באַגליקט מיט אַ זון.

זייער לעבן האָט זיך איינגעשטעלט ניט קיין רייכס, אָבער אַן אמת שיינס און אַ גליקלעכס.

צוויי זאַכן העלפן, געוויינלעך, מאַרווינען ביי דער אַרבעט קירצער מאַכן די לאַנגע שטונדן: זיינע געדאַנקען וועגן פוירלען מיטן קינד, און זיינע, ווי אויך נעליס לידער. און אַ שטימע האָט נעלי אַ פּרעכטיקע, ווי אַן אויסגעשפּרייטע מיט סאַמעט, און איר געזאַנג איז פול מיט פאָלקסטימלעכער פשטות און האַרציקייט.

געווען איז מאַרווין אַ פאַרגעשריטענער מענטש, אַ גוטער יוניאָן מאַן, זיך אינטערעסירט מיט דער יידישער און ענגלישער ליטעראַטור, מיטן לע־

בעדיקן לעבן אויף אַלע געביטן. צו נעלין האָט ער זיך באַצויגן גלייך ווי צו אַלע אַנדערע פּרויען אין שאַפּ: ווי צו אַ גלייכער. און ווען דער פּאַר־מאַן האָט איין מאָל, זיך באַנוצנדיק מיט אַ טעכנישן דריידל, פּרובירט אַרונטערשיקן נעלין פון שאַפּ, כדי אַרויפצונעמען אויף איר אָרט זיינע אַ שטיקל קרובה, האָט מאַרווין אויפגעשטורעמט די אַרבעטער; מען איז אַוועק אין דער יוניאָן און ס׳איז שיער ניט געקומען צו קיין סטרייק.

אין דעם פּאַרמאַן האָט מאַרווין, פון דאַן אָן, געקראָגן אַ ביטערן שונא, אָבער אין נעלין דעם געטרייסטן פריינט.

— פּאַר דיר, מר. בוירק, — האָט זי אים אויפן צווייטן טאָג געזאָגט, — וועל איך טאָן אַלץ אין דער וועלט, פּונקט ווי פּאַר מיין איינציקער טאָכטער.

— אַ דאַנק, נעלי, — האָט ער שמייכלענדיק געענטפערט, — און איך וויל טאַקע פון דיר צוויי זאַכן: ערשטנס, רוף מיך מער ניט מר. בוירק, נאָר מאַרווין, פּונקט ווי אַלע רופן מיך דאָ, און צווייטנס, זאָלסטו זינגען דיינע לידער יעדעס מאָל, ווען איך וועל דיך בעטן. מיין פרוי פּוירל...

— מיין טאָכטער הייסט אויך פּוירל, — האָט זי זיך צופרידן צעלאַכט.

— איז אַוודאי גוט. מיין פּוירל האָט אויך אַן אַלטאָ, אמת, ניט אַזאַ גוטע ווי דיינע, אָבער אַ פיינע שטימע. וועסטו זינגען ווען כ׳וועל דיך בעטן?

— מיט פאַרגעניגן, מר. בוירק... אַנטשולדיקט, כ׳מיין מאַרווין. וואָס זאָל איך איצט זינגען?

— זינג „מאַי אָלד קענטאַקי האָם".

און נעלים שטימע האָט זיך, ווי אַ שטילן גאַס געטאָן פון צווישן די היל־צערנע פיגורן און זיך גענומען שפּרייטן איבער די קאָלירטע פּאַסן זיידנס, אויסגעצויגענע אויפן לאַנגן טיש:

The sun shines bright in the old Kentucky Home.
T'is summer, the darkies are gay;
The corntops ripe and the meadows in the bloom.
While the birds make music all the day.

און פון די טיפע, זאַפטיקע, מיט בענקשאַפט־אָנגעפּילטע קלאַנגען פון איר שטימע, האָט זיך פאַר אים אַ טראַג געטאָן די געבענטשטע ערד פון זיין אַלטער היים, פון זיין בעסאַראַביע, וואו יעדער פּרוכט איז ניט נאָר זאַפ־טיק און געשמאַק, נאָר פאַרמאָגט נאָך אויך אין זיך עפּעס אַ מין באַזונדערן, געבענטשטן ריח, וועלכן מען קען ניט געפינען ערגעץ אַנדערש־וואו. ער האָט זיך דערמאָנט אָן יענע זוניק־בריענדיקע שבתים, ווען ער, מיט גרופּעס חברים פלעגן פאַרברענגען גאַנצע טעג אין די פּרוכט־גערטנער אַרום קי־שינעוו, וואו זיי האָבן פאַר צען אָדער פופצן קאָפּיקעס אַ גאַנצן טאָג געמעגט

עסן אַלע מינים פּרוכטן, וויפל נאָר זייערע מאָגנס האָבן געקענט פאַרנעמען, אָבער אַרויסטראָגן קיין זאַך ניט. פלעגט מען זיך טאָקע אָנשטאָפּן ביז אַ בויך־ווייטאָג. און אָט זעט ער פאַר זיך די ענדלאָזע פעלדער געדיכט פאַר־וועבטע מיט כוואַליענדיקע גאָלדענע זאַנגען פון קאָרן, האָבער און ווייץ, די מיילן לאַנגע „באַשטאַגען", וואו עס האָבן, ליגנדיק אויף דער וואונדערלעך פרוכטבאַרער מוטער ערד, זיך געצייטיקט ריזיקע קאַווענעס, אוגערקעס, קיר־בעס, און דיניעס.

מאַרווין האָט זיך טיף צוגעבויגן צום טיש, געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער אַרבעט, אָבער מיט אַלע זיינע חושים זיך צוגעהערט צו נעליס קול, וועלכעס האָט ווי פּרובירט באַרואיקן עמיצנס אַ טרויער, עמיצנס אַ בענקשאַפט נאָך דער ווייטער קענטאָקער היים, וואו ס'איז פאַראיבער די יוגנט, וואו ס'האָבן זיך אַזוי העל געוועבט עמיצנס שענסטע חלומות.

Weep no more, my lady,
O, weep no more today!
We will sing one song for my old Kentucky Home.
For the old Kentucky home far-away.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און איין מאָל, מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, נאָכדעם ווי נעלי האָט שטיל און האַרציק אויסגעזונגען די נעגערשע „ספּיריטשועל" ליד „סווינג לאָו, סוויט טשעריאָט", האָט ער איר פאַרגעלייגט:

— ווייסטו גאָר וואָס, נעלי וואָס אָשטייגער וואָלט געווען, ווען דו זאָלסט היינטיקן שבת קומען צו אונדז אַהיים צוגאָסט?

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט ברייט־צעעפנטע, ניט־גלויביקע אַהיים:

— דו מיינסט צו זאָגן, אַז איך זאָל...?!

— יאָ, אַוודאי, טאָקע דאָס מיין איך! — האָט ער געשטיפּט, — קום היינטיקן שבת טאָקע אַזוי אַרום פיר־פינף אַזייגער. צוערשט וועלן מיר עסן וועטשערע, דערנאָך פאַרברענגען דעם אָוונט אין געזאַנג. איך קען אַקאָמפּאַ־נירן אויף אַ גיטאַרע.

נעליס פּנים האָט זיך צעשיינט פון פאַרגעניגן:

— אַ דאַנק, מאַרווין! ס'איז זייער פיין פון דיר... כ'וועל קומען אַן אויסגעפּוצטע אין מיין בעסטן קלייד.

— דאָס איז דיין זאַך, — האָט ער געלאַכט, — אָבי קום אין אַ קלייד. און פאַרוואָס, זאָג מיר, זאָלסטו טאָקע אויך ניט ברענגען מיט זיך דיין טאָכ־טער? וואָלטן מיר געהאַט אויף איין שנירל צוויי פּערל; מיין פרוי און דיין טאָכטער.

נעלי האָט זיך מיטאַמאָל אַ רוק געטאָן אויף צוריק. איר פּנים האָט אויס־געדריקט שרעק:

— מיין טאָכטער? אָ, ניין, ניין, מר. בוירק... כ׳מיין, מאַרווין... דאָס קען איך ניט!

ער האָט זי פאַרוואונדערט אָנגעקוקט:

— פאַרוואָס? ווי אַלט איז זי?

— זי... אַלט?... קומענדיקן חודש וועט זי ווערן ניינצן יאָר.

מאַרווין האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט אָנגערירט עפּעס אַ ווייטאָגדיקן פּונקט און אָנגעהויבן פון אַ צווייטער זייט:

— ווייסט, נעלי, קוקנדיק אויף דיר דענק איך, אַז זי, דיין פּוירל, דאַרף זיכער זיין אַ שיין מיידל?!

פריידיקע שטראַלן האָבן זיך אַ ריס געטאָן פון נעליס אויגן און דער גאַנצער פּנים אירער האָט זיך צעגאָסן אין איין שמייכל:

— ווי קום איך צו איר? קענן איר זע איך אויס ווי אַ מאַלפּע.

מאַרווין האָט זיך צעלאַכט:

— ניט אַנדערש, אַז דו בעטסט זיך אָן אויף אַ קאָמפּלימענט?! כ׳שטעל זיך פאָר, אַז דו האָסט באַדאַרפט זיין גאָר אַ שיינע מיידל. האָט עס דיר דיין מאַן גאָר קיינמאָל ניט געזאָגט?

נעלי האָט טיף אָפּגעזיפצט:

— מיין ערשטער מאַן? — יאָ, ער פלעגט עס מיר זאָגן, אָבער... כ׳האָב אים זייער פרי פאַרלוירן. דריי חדשים נאָך דער חתונה האָט מען אים אַרויסגעריסן פון מיינע הענט...

— וואָס מיינסטו — אַרויסגעריסן?

נעליס גרויסע אויגן האָבן זיך אינגאַנצן צוזאַמענגעצויגן און אַ בייזער, שפּאָטישער שמייכל האָט אויסגעקרימט איר מויל:

— איך מיין דאָס וואָס דו הערסט... שפּעט ביינאַכט האָבן זיי, די דרום־דיקע דזשענטללייט, זיך אַריינגעריסן אין אונדזער הייזקע, מיך דערביי שטאַרק צעשלאָגן און אים אַוועקגעשלעפּט.

מאַרווינען האָט פאַרכאַפּט דער אָטעם:

— דו מיינסט צו זאָגן, אַז מען האָט אים?... — ער האָט מורא גע־האַט צו פאַרענדיקן דעם זאַץ.

— יאָ! — האָט זי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, — מען האָט אים אַוועק־געשלעפּט און אויפגעהאַנגען... געלינטשט!... אויף אַ בוים, טאָקע ניט ווייט... און אַ פייער אונטער אים צעלייגט... זאָל דער ניגער זיך גוט אָפּבראָטן.

— אָבער פאַרוואָס?!

— כ׳פאַרזיכער דיר, אַז קיין ווייסע פּרוי, ווי זיי מעלדן עס געוויינלעך, האָט ער ניט פאַרגוואַלטיקט, — איר שטימע איז שוין איצט געווען כמעט ווי רואיק, — ער האָט געקעמפט פאַר אַ העכערן לוין פאַר אַלע שוואַרצע אויף די פּלאַנטאַציעס אַרום אונדז... אין אַ שטעטל האָבן מיר דאַן געוואוינט ניט ווייט פון מעמפיס. ער האָט ניט געוואָלט בויגן דעם קאָפּ פאַר מר. דעוואַנסן, דעם באַס פון אונדזער שטעטל, און אויך ניט פאַר אַנדערע... האָבן זיי אים געלינטשט...

— ווי שרעקלעך דאָס איז! — האָט מאַרווין שטיל אַ זאָג געטאָן.

אַ געוויינלעכע פּאַסירונג פאַר אונדז, נעגערן, אין דרום, — האָט זי שטיל אָפּגעענטפערט, — מיר האָבן זיך שוין צוגעוואוינט דערצו.

עטלעכע מינוטן האָבןביידע געשוויגן. מאַרווין האָט מיט ציטערנדיקע הענט זיך נערוועז געפּאַרעט, צעלייגנדיק אין קופּקעלעך די צוגעשניטענע קליידער, און נעליס פינגער זיינען פלינק געפלויגן צווישן איר מויל, וואו זי האָט געהאַלטן די שפּילקעס, און די קליידער אויף די פיגורן. איר פּנים איז געווען מיד, כמעט אַפּאַטיש.

ווען מאַרווין איז מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער, ווידער צוגעקומען צום עק טיש, האָט אים שוין נעלי באַגעגנט מיט איר געוויינלעכן שמייכל און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— עס טוט מיר לייד, וואָס כ׳האָב דיך געמאַכט שלעכט פילן.

— נאַרישקייטן. האָסט מיר געגעבן אַ גוטע לעקציע. אויב ס׳איז דיר ניט צו שווער, פאַרענדיק די געשיכטע.

זי האָט אַ שוואַכן שמייכל געטאָן:

— ווייטער איז שוין אַלץ אַוועק אַביסל לייכטער. כ׳האָב מער ניט געקענט וואוינען אין יענעם פאַרשאָלטענעם שטעטל, בין איך אַוועק קיין סאַוט-דאַקאָטאַ, צו אַ טאַנטע. די ווייסע זיינען דאָרטן פיל מענטשלעכער צו אונדז ווי אין דרום. כ׳האָב געקראָגן אַרבעט אויף אַ פאַרם. שווער געאַרבעט. מיט אַ יאָר שפּעטער האָב איך חתונה געהאַט מיט אַ ווייסן שכניש, אָרעמען פאַרמער. דזשאַן האָט ער געהייסן. דזשאַן פאַרקער. אַ פיינער מענטש געווען, מיך גוט באַהאַנדלט, זיך מיט מיר געעצהט וועגן יעדער זאַך, וועגן יעדער קלייניקייט.

— און מיט אים האָסטו, הייסט עס, געהאַט דיין פּוירלען?

— יאָ, מיט אים, און זי איז טאַקע געווען איגנאַצן אין אים געראָטן: אַ בלאָנדע, מיט אַ ווייסער הויט און בלויע אויגן. ווען ער איז מיט זעקס יאָר שפּעטער געשטאָרבן, איז געקומען זיין משפּחה און צוגענומען די פאַרם. אָבער מיך האָט עס ניט געאַרט, אַבי זיי האָבן מיין קינד ניט געטשעפּעט.

— וואַרט אַ רגע! — האָט מאַרווין זי איבערגעשלאָגן, — וואָס פאַר

אַ רעכט האָבן זיי געהאַט דיך אַזוי צו באַהאַנדלען? ביסט דאָך געווען... זיין געזעצלעכע פרוי!

— זיי ניט נאַאיוו, — האָט זי אים רואיק איבערגעשלאָגן, — יאָ, כ׳בין געווען צופרידן, אַבי זיי האָבן מיין קינד צורו געלאָזט. ער, דזשאָן, האָט פאַרן טויט מיר איבערגעגעבן פינף הונדערט דאָלאַר: ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיי וועלן ביי מיר אַלץ צונעמען. און פוירלען האָט ער זייער ליב געהאַט. אַ פיינער מאַן געווען. בין איך אַוועק מיטן קינד קיין ניו־יאָרק. כ׳האָב געהערט, אַז דאָ לעבט זיך אונדז לייכטער, אַז מיר קענען דאָ אפילו פאָרן אויף די זעלבע טראַמוואַיען מיט ווייסע. אַביסל נייען האָב איך פון פריער געקענט, זיך דאָ אויסגעלערנט „דרייפן" און אָט אַזוי איז שוין דרייצן יאָר פאַריבער, — זי האָט אָפּגעזיפצט, — דרייצן יאָר!

— און מיטן ערשטן מאַן האָסטו קיין קינדער ניט געהאַט?

אַ פיינלעכער שאָטן איז אַריבער איר פּנים:

— כ׳האָב געשוואַנגערט, ווען זיי האָבן אים צוגענומען. פון די קלעפּ און שרעק האָב איך דאָס קינד פאַרלוירן.

ביידע זיינען אַנטשוויגן געוואָרן און זיך פאַרטיפט אין זייער אַרבעט. דערנאָך האָט מאַרווין זיך צוגערוקט גאָר נאָענט צו איר און שטיל געזאָגט:

— ווייסט, נעלי, איך בעט דיך נאָכאַמאָל, אַז דו מיט דיין פוירלען זאָלן היינטיקן שבת זיין מיינע געסט. מיר׳ן אָפּעסן, פאַרברענגען אַביסל אין הויז און אין אָוונט, מעגלעך, זיך גאָר אַריינכאַפּן אין אַ מאָוווי.

נעלים פּנים איז ווידער פאַרוואָלקנט געוואָרן. זי האָט נאָכגעטראַכט אַ ווײַלע און אַנטשלאָסן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין:

— ניין, דאָס קען ניט זיין!

— אָבער פאַרוואָס? אויב דו פאַרדעכטיקסט אין עפּעס מיין פרוי, פאַרזיכער איך דיר, אַז זי וועט אייך, פונקט ווי איך, אויפנעמען מיטן גרעסטן פאַרגעניגן!

— ניין, ניין, ניט דאָס! ס׳איז אוממעגלעך!

— אָבער עס מוז דאָך זיין אַן אורזאַך!

זי האָט זיך אָפּגעקערט צום פענצטער און פון דער זייט האָט ער געזען, אַז אירע הענט האָבן געציטערט, צושפּילנדיק די קנעפּלעך אויף איינער פון אירע פיגורן. דערווייל איז דער באַלעבאָס אַריינגעקומען פון אָפיס אין שאַפּ אַריין און דער געשפּרעך איז איבערגעריסן געוואָרן.

צוועלף אַזייגער האָט דער פאָרמאַן אָפּגעשטעלט דעם מאָטאָר, און די אַרבעטער האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער און גענומען אויסגלייכן די ביינער. אייניקע האָבן זיך אַ יאָג געטאָן אין גאַס אַריין אָפּצועסן, אַנדערע האָבן צעוויקלט פּעקלעך עסנוואַרג געבראַכטע פון דער היים, און זיך

אויסגעזעצט וואו נאָר מען האָט געקענט געפינען אַ פרייען שטיקל פּלאַץ.

ערשט אַרום דריי אַזייגער האָט זיך מאַרווין ווידער צעשפּרייט מיט זיינע, שוין צוגעשניטענע, פילפאַרביקע טיילן פון פרויען־קליידער און זיי גענו־מען סאָרטירן ביים סאַמע עק טיש, דאָרט לעבן די הילצערנע פיגורן.

— העלאָ, נעלי! כ׳בין שוין ווידער דאָ!

— וועט טאַקע ווערן אַביסל פריילעכער, — האָט זי אַ שמייכל געטאָן.

— האָסט אַפּנים פאַרגעסן, אַז מיר האָבן פריער ניט געענדיקט אונדזער געשפּרעך.

— ניין. כ׳געדענק עס.

— אויב אַזוי, ווידערהאָל איך ווידער מיין איינלאַדונג, אַז דו מיט דיין פוירלען זאָלן היינטיקן שבת קומען צו אונדז צו גאַסט. דו וועסט עס טאָן, אויב דו האַלטסט מיך פאַר אַ פריינט.

איר פּנים, בפרט אַרום די אויגן, האָט זיך אינגאַנצן פיינלעך צוזאַמענ־געצויגן און זיך באַדעקט מיט אַ מין ווייסלעכער גרויקייט. זי האָט געוואָרפן אַ שנעלן בליק איבערן שאַפ, זיך צוגערוקט, צוזאַמען מיט דער פיגור, גאָר נאָענט צו אים און, האַלב־שעפּטשנדיק, שנעל גענומען רעדן:

— כ׳האָב די גאַנצע צייט געטראַכט וועגן דעם, צי איך זאָל עס דער־ציילן און... באַשלאָסן, אַז יאָ, אַז דו מעגסט עס וויסן.

זי האָט אים טיף און פרעגנדיק אַריינגעקוקט אין די אויגן.

ער האָט איר געענטפערט מיט אַ שאָקל פונעם קאָפּ אויף ניין:

— אין דעם מעגסטו זיין זיכער.

דערנאָך האָט זי טיף אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און שנעל אַ זאָג געטאָן:

— איך קען ניט קומען מיט מיין פוירלען צו דיר, ווייל כ׳גיי קיינמאָל אין ערגעץ ניט מיט איר...

— דו מיינסט צו זאָגן, אַז איר גייט קיינמאָל אין ערגעץ ניט צוזאַמען?

— האָט ער איבערגעפרעגט.

— יאָ, דאָס מיין איך טאַקע, — האָט זי צוגעשטימט, — קיינמאָל ניט.

— דאָס קען איך ניט פאַרשטיין... פאַרוואָס?

נעלי האָט ניט גלייך געענטפערט, עטלעכע מאָל אַראָפּגעשלונגען דעם שפּייעכץ, פונקט ווי זי וואָלט זיך געוואָרגן מיט עפּעס און ענדלעך גאָר שטיל געענטפערט:

— ווייל זי, פוירל... די טאָכטער מיינע איז... אינגאַנצן אַ... ווייסע...

מאַרווין האָט דערפילט, אַז עס פעלט אים אויס לופט, אַז ער שטייט פאַר אַן אָפּגרונט, אַז ער מוז זיין פאָרזיכטיק:

— ווייל זי איז... אינגאַנצן אַ ווייסע, זאָגסטו?... נו, און אַז זי איז אַ ווייסע, איז וואָס?... איך פאַרשטיי גאָרניט.

און פון דער זייט האָט זיך צו אים דערטראָגן אַ פאַרשטיקטער, אָבער אַ טריאומפירנדיקער שעפטשן:

— יאָ, מאַרווין, זי איז אַ ווייסע, מיין טאָכטער... אינגאַנצן אַ ווייסע, פיל מאָל שענער ווי צענדליקער אַנדערע ווייסע... און בלויז איך אַליין קען נאָך, צייטנווייז, עפּעס דערקענען אויף איר, עפּעס אונדזעריקעס... אָבער בלויז איך און ווייטער קיינער... קיינער ניט...

זיי האָבן זיך ביידע אַנגעקוקט אַ ווײַלע, מיט שמייכלען אויף זייערע פּנימער: זיין שמייכל —אַ פאַרלאָרענער, אירער — אַ פולער מיט נצחון.

און ער האָט אַ הויב געטאָן מיט ביידע אַקסלען:

— ווי קענסטו עס, נעלי? איך פאַרשטיי דיך ניט.

— וועסט פאַרשטיין... — האָט זי אים, כמעט ווי מיט אַ בייזקייט, אַ זאָג געטאָן: — מיין זיידע איז געווען אַ ווייסער... ער האָט פאַרפירט מיין באָבען, ווען זי האָט, נאָך אַלס יונג מיידל, געדינט ביי זיינע עלטערן אין הויז... מיין מוטער האָט עס מיר אַליין דערציילט... מיין פאָטער איז אויך געווען אַ מולאַט און... מיך זעסטו דאָך ווי כ׳זע אויס... און דזשאָן פאַרקער, פּוירלס פאָטער, מיין צווייטער מאַן, איז אויך געווען אַ ווייסער, אַן אירי־שער... איצט פאַרשטייסטו שוין? — זי האָט אי ביטער, אי פריידיק גע־שמייכלט.

דער פאַרמאַן איז נאָך עפּעס צוגעקומען צום טיש און זיי האָבן זיך אָפּ־געררוקט איינער פון צווייטן. מיט אַ צען מינוטן שפּעטער, האָט ער זי ווי־דער אַ פרעג געטאָן:

— זאָג, וואוינט איר ניט צוזאַמען?

— ניין, האָט זי שוין רואיק געענטפערט — און קיינער זעט אונדז קיינ־מאָל ניט צוזאַמען, ווייל ניט איך און, לעצטנס, אויך ניט זי — ווילן ניט, אַז עמיצער זאָל וויסן, אַז מיר האָבן וועלכע ניט איז שייכות איינער מיטן צווייטן. פריער, אין אָנפאַנג, האָט זי געקעמפט קעגן דעם, אָבער איצט זיך אונטערגעגעבן, אַפּנים איינגעזען, אַז איך בין גערעכט... זי איז עלטער און קלוגער געוואָרן מיין טאָכטער... — זי האָט זיך צוגעבויגן גאָר נאָענט צו אים: — כ׳האָב אַלע מיינע יאָרן שווער געאַרבעט, איר דערלויבט צו נעמען בלויז גאָר לייכטע דזשאָבס... זי דריי יאָר אין „האָנטער קאָלעדזש" גע־האַלטן... איצט אַרבעט זי אין אַן אָפיס פון אַ גרויסער, רייכער קאָמפּאַניע, ד׳ איז די הויפּט דאָרטן... פאַרדינט זייער גוט, האָט אַן אייגענעם, שיי־נעם אַפּאַרטמענט... אַלע אירע חברטעס און יונגעלייט, מיט וועלכע זי טרעפט זיך, זיינען ווייסע, — און זי האָט נחתדיק צוגעגעבן: — זי, מיין

פוירל, וועט שוין צווישן קיין שוואַרצע מער ניט קומען... וועט שוין קיינ־מאָל ניט איבערלעבן דאָס, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט.

— אָבער, נעלי, — האָט זיך ביי מאַרווינען אַרויסגעריסן, — כ׳ווייס, אַז אונטער דיין פרייד ליגן באַהאַלטן טיפע ליידן, ליידן פון ניט קענען זיין מיט דיין איינציק קינד, און אַלץ אין נאָמען פון איר גליק, אָבער... ווי אַזוי קען זי עס דיר דערלויבן?... מיר, יידן, געפינען זיך, טיילווייז, אין אַן ענלעכער לאַגע צו אייערער. איך, פּערזענלעך, וואָלט זיך אַליין אין פּנים אַריין אָנגעשפּיגן, ווען איך, מיט מיין „אַרישן" אויסזען, וואָלט זיך באַהאַלטן צווישן קריסטן, אָדער זיך אָנגעטאָן אַ צלמל אויפן האַלדז.

זי האָט אים אַ קוק געטאָן גלייך אין די אויגן און איר קול איז זיכער געווען:

— איך צווייפל ניט, מאַרווין, אין דיין אויפריכטיקייט. כ׳בין אָבער ניט זיכער צי דו וואָלסט אַנדערש געהאַנדלט זייענדיק אויף מיין אָרט און האָבנדיק דורכגעלעבט אַלץ וואָס איך בין דורכגעגאַנגען... פאַרשטיי — איך וויל ניט אַרויסשטעלן מיין קינד אַלס אַ „גיני פּיג", פאַר די גלייכע רעכט פון מיין פאָלק, ווען די נאַטור אַליין האָט זי געבענטשט מיט אַ מעגלעכקייט צו פירן אַ גליקלעכן לעבן. זאָלן איצט אַנדערע קעמפן... מיין טאַטע האָט געקעמפט און באַצאָלט מיט זיין לעבן... און נאָך אַ זאַך, — ביטערקייט האָט אָפּגעקלונגען אין איר קול, — ווען פוירל איז נאָך געווען אַ קליינע און מיר האָבן געוואוינט אין האַרלעם, פלעגן די שוואַרצע קינדער זי רופן „ווהייט־טרעש" און זיך ניט וועלן שפּילן מיט איר... האָב איך טאַקע געמוזט צו־ליב דעם זיך איבערציען קיין ברוקלין...

— יאָ, כ׳האָב געהערט וועגן אַזעלכע זאַכן, — האָט מאַרווין אַ זיפץ געטאָן.

און נעלי האָט פיבעריש ווייטער גערעדט:

— און גלויב מיר, אַז עס איז מיר ניט לייכט אָנגעקומען דאָס באַהאַלטן זיך... און נאָך מער איצט... כ׳האָב אַלע יאָרן זיך אויסבאַהאַלטן פאַר דער לערערין פון פוירלס „פּאָבליק סקול"... קיינמאָל ניט געקומען אָפּנעמען אַפילו די בעסטע גרוסן וועגן מיין קינד און צו איר גראַדואירונג פון „היי־סקול" בין איך געזעסן פאַרשטופּט אין אַ ווינקל און זיך געהיט, אַז די אַרו־מיקע זאָל ניט באַמערקן מיינע טרערן... און ווען אַלע ווייסע עלטערן האָבן זיך געהאַלדזט און געקושט מיט זייערע קינדער, איז מיין טייער קינד, מיין פוירל, געשטאַנען איינע אַליין אויף דער בינע און דורך טרערן צוגעקוקט ווי איך אַנטלויף פון דעם אוידיטאָריום... קענסטו, מאַרווין, עס פאַרשטיין?...

— יאָ, — האָט ער שטיל געענטפערט, — דו ביסט זייער אַ שטאַרקע פרוי...

— כ׳בין בלויז אַ מאַמע... — האָט זי אים פֿאַרריכט און מיט אַ גע־מיטלעכן שמייכל פֿאַרגעזעצט:

— וועל... איצט איז שוין אַלץ ניט אַזוי געפֿערלעך. איך טרעף זיך מיט איר איין מאָל אַ וואָך ביי איר אין הויז, אָדער אין אַ פּאַרק. ביינאַכט זיינען אַלע מענטשן גלייך. זי דערציילט מיר אַלץ, אַלץ וואָס קומט פֿאָר מיט איר אין אָפּיס און אַרום איר... אַמאָל וויינען מיר אַפילו אַביסל. כ׳ווייס, זי האָט מיך זייער ליב און צאַלט מיט שרעק פֿאַר יעדער מינוט, וואָס מיר פֿאַר־ברענגען צוזאַמען. — אַ ברייטער שמייכל האָט זיך מיטאַמאָל צעגאָסן איי־בער איר פּנים און די אויגן האָבן אָנגענומען אַ טרוימערישן אויסדרוק:

— פֿאַרשטיי, מאַרווין, אַז איר, מיין פּוירלס גליק, איז דער הויפּט־צוועק פֿון מיין לעבן... מיין פּוירל איז שלאַנק און בלאָנד און שיין און ערלעך... אַ סך ווייסע בחורים שדכנען זיך שוין צו איר. איר באַלעבאָס׳ ברודער האָט זי שוין צוויי מאָל אויסגענומען אין טעאַטער. דערנאָך האָבן זיי פֿאַרבראַכט אין אַ טייערן רעסטאָראַן, מיט מוזיק און זינגערס... זי דערציילט מיר אַלץ... זי וועט חתונה האָבן פֿאַר אַ ווייסן, האָבן קינדער, זיין גליקלעך. — זי איז אַנטשוויגן געוואָרן אויף אַ ווײַלע, דערנאָך שטיל פֿאַרענדיקט, ווי רעדנדיק צו זיך אַליין: — אַמאָל ביינאַכט, ווען כ׳קען ניט שלאָפֿן, טראַכט איך פֿון איר... איך זע זי אין אַ רייכן הויז מיט איר מאַן און די קינדער. זיי האָבן אַ סך פריינט און דינער... איך בין אויך צווישן די באַדינער. איך פיר די באַלעבאַטישקייט, היט אָפּ מיין קינד, שפּיל זיך מיט אירע קליינע קינדער, מיט מיינע... אייניקלעך... דאַן וועט מיר אַזוי גוט, אַזוי גרינג אויפֿן האַרצן... וואָס גייט מיך אָן וואָס קיינער ווייסט ניט ווער כ׳בין, וואָס די קינדער רופֿן מיך „טאַנטע נעלי" און ניט „גרענד־מאַ" אָדער „גרעני"?

— אירע אויגן זיינען פֿול געווען מיט טרערן.

אין מאַרווינס מוח האָט אַ ברי געטאָן אַ געדאַנק, וועלכער האָט זיך שיעור ניט אַראָפּגעריסן פֿון זיין צונג: „נו און וואָס, אויב פּוירלס אַ קינד וועט פּלוצלונג געבוירן ווערן ווי אַ שוואַרצס?! ווי עס האָט זיך שוין ניט איין מאָל געמאַכט?... וואָס דאַן? — ער האָט אָבער גלייך דערשטיקט אין זיך די פֿראַגע.

אויפֿן אָרט פֿון איר האָט ער שטיל געזאָגט:

— איך פֿאַרשטיי דיך, נעלי. מעגלעך, אַז אין דיין לאַגע קענסטו אַנדערש ניט האַנדלען, אָבער קיין אויסוועג פֿאַר דיין אָדער מיין פֿאָלק איז עס ניט. קעמפֿן דאַרף מען מיט ציין און נעגל קעגן יענע וואָס באַרויבן און פֿאַרשקלאַפֿן אונדז... הערסט, נעלי, בלויז קאַמף, אייניקייט וועלן אונדז אַמאָל באַפֿרייען.

זי האָט אים אָבער כמעט ווי ניט געהערט. זי האָט געקוקט טרוימעריש

דורכן האַלבּ־אָפענעם פענצטער אויפן פאַרנאַכטיקן הימל, וואו יעדעס זיל־בער־גרוי וואָלקנדל איז געווען איינגעפּאַסט אין גאָלדענעם אָפשיין פון דער אונטערגייענדיקער זון. בלויז אירע פינגער האָבן לאַנגזאַם און אויטאָמאַ־טיש געפּרואווט צופעסטיקן מיט אַ שפּילקע אַ רויטע רויז צו דער ברוסט פון אַ שוואַרצן קלייד אויף איינער פון די פיגורן.

— הייסט עס, נעלי, אַז דו וועסט זיין אונדזער גאַסט היינטיקן שבת?

— האָט ער, נאָך אַ פּאַוזע, אַ שטילן פרעג געטאָן. זי האָט אַ ווײַלע, פאַרטראַכט, זיך אײַנגעקוקט אין זיין פּנים און איז ביסלעכווייז געקומען צו זיך. אירע אויגן האָבן אויפגעשיינט און אַ צופרידענער שמייכל האָט ווידער אויפגע־בליט אויף אירע ליפּן:

— זיכער, מאַרווין... זיכער וועל איך קומען... וואָס פאַר אַ פראַגע? און אַ גרויסן דאַנק דיר מיט דיין פּוירלען פון מיר מיט מיינער!... איך וועל איר דערציילן וועגן דעם... זיכער דערציילן...

# עטיודן

## צוויי פּאָרלעך

די — אַ קליין נאַכט־פּלאַטערל מיט צוויי פּאָר דורכזיכטיקע, עט־וואָס סאַמעטענע, פליגעלעך: די אויבערשטע פּאָר — שניי־ווייס, די אונ־טערשטע — גראָז־גרין. צווישן די פליגעלעך האָט אויף זעקס דינינקע פיסעלעך וויברירט איר דין, שלאַנק קערפּערל, איינגעהילט אין אַ רויטלעך־סאַמעטענעם מענטעלע. איר קיילעכדיק קעפּעלע, באַצויגן מיט רויטן זייד, איז געווען באַ'חנ'ט מיט צוויי צאַרטינקע פעדערלעך־וואַנצעלך, מיט אַ פּאָר־שנורעוועט, דין מײלעכל און מיט צוויי אייגעלעך, ווי צוויי בורשטינדלעך.

— ער — אַ ברוין, ברייטלעך נאַכט־זשוקל מיט געלבלעכע פּאַסיקלעך אויף זיין האַרטער, ווי ביינערדיקער הויט. דאָס קעפּל פלאַך, די אויגעלעך גאַנץ היפּשע, זייער שוואַרצע, עטוואָס אַרויסשטאַרצנדיקע, עפּעס ווי ניט־גלויביקע. צוויי גלייכע, שטייפע, ווי דראָענדיקע וואַנצעלעך, מיט קורצע בערשטעלעך ביי די עקן, האָבן זיך געהויבן איבער זיין ברייטלעכן מויל, באַזוימט מיט שאַרפינקע שפּיצעלעך, ווי ציינדעלעך. אונטערן ברוינעם בייכל — פיר שטייפע, גלאַנציקע פיסלעך.

דאָס פּלאַץ: איינע פון אַ צאָל בעסעדקעס, וועלכע אַ רעסטאָראַן־אייגנ־טימער האָט אויפגעשטעלט אין אַ שטאָטישן פּאַרק. אין יעדער — אַ ציכטיק־געדעקט טישל, און אויפן טישל — אַ ברענענדיק ליכט, אַן אַש־טעצל; ביי די זייטן — אַ פּאָר בענקלעך. צייט — אָוונט.

צוערשט איז דאָס פּלאַטערל אַריינגעפלויגן פון גאָרטן, רואיק אַרומגע־זוימט די ווענט פון דער בעסעדקע, און מיטאַמאָל, מיט אימפּעט, זיך אַ לאָז געטאָן צום ברענענדיקן ליכט אויפן טישל, צוויי מאָל דורכגעשניטן דעם רויט־געלן פלאַם, און דערנאָך, ווי אויסגעשעפּט, זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן ראַנד פון טישל און געבליבן שטיין באַוועגלאָז.

ערשט דאַן האָט פון איינעם פון די וויינטרויבן־בלעטער, וועלכע האָבן מיט אַ געדיכטער נעץ אַרומגעכאַפּט די בעסעדקע, זיך אָפּגעטיילט דאָס ברוינע זשוקל, דורכגעשניטן די לופט מיט אַ צופרידענעם זשומען, זיך באַ־מיענדיק דערביי צו האַלטן וואָס ווייטער פונעם ברענענדיקן ליכט. דאָס זשוקל האָט אָפּגעזוכט דאָס פּלאַטערל און, מיט אַ טרוקענעם קלאַפּ, זיך אַוועק־געזעצט נעבן „איר".

אַ ווײלע איז ער געזעסן באַוועגלאָז, ניט אַראָפּנעמענדיק זיינע שוואַרצע אייגעלעך פון איר, דערנאָך זיך צוגערוקט אַביסל נעענטער און פאַרזיכטיק

אַ גלעט געטאָן איר רעכט פליגעלע מיטן לינקן בערשטעלע פון זיין וואַנ־צעלע. דאָס פלאַטערל האָט אויסגעדרייט דאָס קעפל, אַ קוק געטאָן אויף אים און צוריק זיך אָפּגעקערט. איז דאָס זשוקל דאַן געוואָרן אַביסל דרייסטער, זיך צוגערוקט עטוואָס בעענטער, אַריינגעקוקט אין פלאַטערלס בורשטי־נענע אייגעלעך און גענומען רעדן:

— פלאַטערל, ווי שיין דו ביסט... כ'האָב נאָך ביז היינט אַזאַ ווי דו ניט געטראָפן... וואָס פאַרא וואונדערבאַרן, רויטן, סאַמעטענעם מאַנטל דו טראָגסט עס, און די גרינקייט פון דיינע פליגעלעך איז פונקט ווי פון די ערשטע בלעטלעך פון די אקאַציע־ביימער...ווי די געלע כריזאַנטעמען, וועלכע וואַקסן אין גאָרטן, דאָ ניט ווייט, זיינען דיינע אויגן... דו ביסט וואונדערלעך, פלאַטערל!...

זי האָט זיך ניט גערירט פון אָרט, אָבער זיך צוגעהערט צו זיינע רייד און דער בורשטין פון אירע אויגן איז געוואָרן ליכטיקער און שטראַליקער.

ביי דעם זעלבן טישל, ביי דער שיין פון דעם העל־צעברענטן ליכט, איז אויך געזעסן אַ יונג פּאָרל. זייערע בליקן אַנגעשטרענגט, די ליפּן צו־זאַמענגעצויגן אין אַ פאַרביסענעם שווייגן.

זי — פון אַ יאָר צוואַנציק, צאַרט און שלאַנק, מיט בלויע אויגן, אַ קורץ, באַחנט נעזל און מיט אַ לענגלעכן, ווייסן פּנים, איינגעהילט אין אַ וואָלקן קאַשטאַן־ברוינע האָר. אירע שטאַרק־רויטע ליפּן, אויפן בלייכן פּנים, האָבן אויסגעזען ווי אַ פרישע וואונד, און די לאַנגע פינגער האָבן, אונטערן טישל, נערוועז געדרייט איר נאָז־טיכל.

ער — פון אַ יאָר דרייסיק: פון מיטעלן וואוקס, פעסט־געבויט, מיט אַ טונקל, ענערגישן פּנים, מיט עטוואָס אַ ברייטלעכער נאָז און גרויע אויגן, אַזעלכע פאַרזיכטיקע און איינגעשפּאַרטע.

אויפן טישל, פאַר זיי, זיינען געשטאַנען צוויי, שוין קאַלט געוואָרענע, טעפּעלעך קאַווע און אַ טעלער מיט פאַרשיידענע געבעקסן. פונעם דערביי־איקן טאַנץ־זאַל האָבן זיך אַהער דערטראָגן די קלאַנגען פון שטראַוסעס אַ וואַלץ. מען האָט פונוויטנס געקענט זען די סילועטן פון אַ צאָל טאַנצנדיקע פּאָרלעך.

ער האָט פאַרענדיקט רויכערן זיין סיגאַרעט, אויסגעלאָשן דאָס לעצטע, גליענדיקע פייערל אין אַש־שעלעכל און אָנטשלאָסן זיך צוגעבויגן צו איר:

— וועל, לילי, לאָמיר עס מאַכן קלאָר: מיט אַ חודש צוריק האָבן מיר ביידע באַשלאָסן זיך ניט צו טרעפן מער, זיך פאַנאַנדערצוגיין, נאָך אַ יאָר צייט אַרומגיין צוזאַמען... און אַלץ דערפאַר, ווייל מיר שטימען פּאָליטיש ניט איין, קענען זיך ניט אויסגלייכן ווי אַזוי בעסער צו באַטיילן די מענטש־הייט מיט איר רייכטום...

ער האָט אַ ביטערן שמייכל געטאָן:

— דער גאַנצער ענין קלינגט נאָך פאַר מיר אפילו ביז איצט, היפשלעך ווילד, אָבער... אַזוי איז עס געשען... היינט אינדערפרי האָב איך פלוצלונג געקראָגן דיין בריוו, אַז דו ווילסט מיך זען... בין איך געקומען... צוליב וואָס האָסטו מיך אַרויסגערופן?...

זי האָט נישט געענטפערט. לויט איר פּאָזע און אויסדרוק פון פּנים, איז שווער געווען צו באַשטימען, צי זי הערט אים אינגאַנצן, צי זי איז ביט פיל מער פאַרטיפט אין די קלאַנגען פון דעם וואַלץ.

ער האָט זי אַ פעסטן נעם געטאָן פאַר דער האַנט:

— לילי, צוליב וואָס האָסטו מיך היינט אַרויסגערופן אַהער?!

זי האָט לאַנגזאַם אויסגעדרייט דעם קאָפּ, אים טיף אַריינגעקוקט אין די אויגן און שטיל, כמעט רואיק, געענטפערט:

— כדי זיך צו געזעגענען מיט דיר.

אַן אומרו האָט אַ פינקל געטאָן אין זיינע בליקן:

— דו פאָרסט אַוועק? וואוהין?

— קיין שפּאַניע! — איז געקומען איר רואיקער ענטפער, — מאָרגן, צוועלף אַזייגער ביינאַכט, גייט־אָפּ אונדזער באַן.

זיין מויל האָט זיך אַן עפן געטאָן, און אַ שרעק האָט ברייט צעשפּאַרט זיינע גרויע אויגן: „קיין שפּאַניע?!" — דאָס וואָרט איז ווי שטיין געבליבן ביי אים אין האַלדז.

— יאָ! — איז געקומען איר ענטפער, — איך פאָר מיט אַ מעדיצינישער אָפּטיילונג אַלס אַ באַרמהאַרציקע שוועסטער.

אַ פּאָר מינוט האָבן זיי ביידע געשוויגן. ער איז געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן, מיט צוזאַמענגעשטשירעטע ציין. די מוסקולן אונטער זיינע ביידע באַקן האָבן געהאַלטן אין איין אויפציטערן. זי האָט געקוקט אויף אים מיט אַ פיינ־לעכן בליק און זיך ווי באַמיט צו האַלטן די ליפּן פעסט־צוזאַמענגעדריקט.

ענדלעך האָט ער געעפנט די אויגן, טיף אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און לאַנגזאַם גענומען פאַררויכערן אַ סיגאַרעט. אַרויסלאָזנדיק די ערשטע קרייד־לעך רויך, האָט ער, איינגעהאַלטן, האַלב געפרעגט, האַלב ווי דערציילט:

— דו ווייסט דאָך זיכער, לילי, אַז אין שפּאַניע גייט איצט אַן אַ ביטערער בירגער־קריג... אַז היטלער מיט מוסאָליני האָבן צוהילף זייער גענעראַל פראַנקאָן אַריינגעשיקט אַהין זייערע אַרמייען ווי אויך באָמבערס, וועלכע מאָרדן־אויס די קעמפערישע באַפעלקערונג?

— יאָ! — האָט זי שטיל געענטפערט, — כ'ווייס עס... כ'ווייס אויך, אַז אונדזערע דעמאָקראַטיעס: פראַנקרייך, ענגלאַנד, ווי אויך אונדזער אַמע־ריקע, האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו געבן הילף צום שפּאַנישן פאָלק... מיר, יידן,

צוזאַמען מיט אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, וועלן זיי העלפן. — און זי האָט גאָר שטיל פאַרענדיקט: אונדזער אָפּטיילונג וועט זיך געפינען אין דער לינקאָלן־בריגאַדע.

זיי האָבן ביידע געשוויגן אַ ווייל, און לויט זיינע צוזאַמענגעצויגענע אויגן און די צוזאַמענגעפּרעסטע מוסקולן פון זיינע באַקן, איז גרינג געווען צו באַגרייפן דעם קאַמף וואָס קומט אין אים פאָר, ניט אַרויסצוזאָגן אַלץ וואָס האָט איצט גע׳שרפ׳עט אין זיין געמיט. ענדלעך האָט ער ניט אויסגעהאַלטן מער, און קוים קאָנטראָלירנדיק זיין קול, גענומען רעדן:

— כ׳ווייס, לילי, אַז מיינע רייד וועלן קיינעם פון אונדז קיין נוצן ניט ברענגען, דאָך וואָלט איך געוואָלט דיך פרעגן, ווען אייגנטלעך האָסטו עס איבערגעלאָזט אין שפּאַניע, אין דעם לאַנד פון די טאָרקוועמאַדאָס, וואו טויזנטער יידן זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע, זיינען אומגעקומען אויף די שייטער־הויפנס און עשאַפאָטן?... לוינט זיך צוליב דעם אויפצוגעבן אַזאַ גוטע שטעלע ווי דו האָסט, מעגלעך אויך דאָס לעבן צו פאַרלירן?... דאָס שפּאַנישע פאָלק האָט געטאַנצט אין די גאַסן און אַרום די פייערן, אויף וועלכע מען האָט אונדז געבערנט...

— ביסט ניט גערעכט, באָריס, — האָט זי שטיל געענטפערט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ אויף ניין, — ניט די פעלקער זיינען שולדיק אין זייער אומוויסנהייט, נאָר זייערע פאַלשע, ליגנערישע פירער... — זי האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט, — כ׳בעט דיך... גענוג! ס׳וועט אונדז סיי־ווי צו קיין טאָלק ניט ברענגען...

ער האָט צוזאַמענגעדריקט דעם קאָפּ מיט ביידע הענט. זי האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט און שנעל אָפּגעווישט אַ טרער.

ער האָט ווידער פאַררויכערט דעם פאַרלאָשענעם סיגאַרעט, און אויף שנעל אַ פרעג געטאָן:

— הייסט עס, מאָרגן, צוועלף ביינאַכט?

— יאָ... צוועלף ביינאַכט.

— קען מען דיך קומען באַגלייטן?

— בעסער ניט! מיר ווילן ניט ציען קיין צופיל אויפמערקזאַמקייט...

— כ׳פאַרשטיי... זאָג, ווייסט דיין מאַמע וואוהין דו פאָרסט?

— ניין... קיין שיקאַגאָ, האָב איך איר געזאָגט... אויף עטלעכע חדשים.

ביידע האָבן זיי איצט פאַררויכערט און לאַנג געשוויגן: ער — זיך איינקוקנדיק אין אַש־טעצל, און זי, צוהערנדיק זיך צו די קלאַנגען פון אַ „פאָקס־טראָט״, וואָס האָבן אונטערשפּרינגענדיק געטראָגן זיך פונעם טאַנץ־זאַל.

דאָס קליינע, ברוינע זשוקל אויפן טיש האָט ווידער גענומען איינטענהן מיטן פלאַטערל:

— פּאַלג מיך, שיינינקע: גיב נאַר אַ קוק... אַט דאָרטן, צווישן די געדיכטע ווייַנטרויבן־בלעטער געפינט זיך מיין נעסט... אַזאַ וואַרעמע, אַזאַ שמעקנדיקע... דאָרטן איז אַזוי גוט זיך צו ליבן... קום מיט מיר... דערנאָך וועלן מיר ביידע אַרומפליען אַ גאַנצע נאַכט צווישן די ביימער און מיטזינגען צוזאַמען מיט די קלאַנגען פון דער מוזיק... קום, טייערע... מיין האַרץ גייט־אויס פון ליבע צו דיר... — און ער האָט מיט זיינע ביידע וואָבצעלעך געגלעט איר גאַנץ, שלאַנק קערפּערל.

דאָס פלאַטערל האָט זיך איצט שוין אינגאַנצן אויסגעדרייט צו אים, אים אויפמערקזאַם באַטראַכט און זייער פריינטלעך געענטפערט:

— דו ביסט אַ שיין זשוקל, און כ׳וואָלט מיט פאַרגעניגן פאַרברענגען מיט דיר אין דיין נעסט און דערנאָך זיך אַרומיאָגן מיט דיר צווישן די ביימער, אָבער... אָבער צוערשט גיב נאַר אַ קוק־אַרויף צו אָט־דעם געל־רויטן, ציטערנדיקן פלעק אויפן שפּיץ פון דעם לייכטער... דאָס איז פייער, דאָס איז לעבן, אין וועלכן עס איז אַזוי וואונדערלעך גוט זיך איינצוטונקען, פילן זיין פלאַמיקן באַריר אין יעדן גליד באַזונדער... ווייסטו וועגן דעם, מיין שיין זשוקל?...

דאָס ברוינע זשוקל האָט פאַרזיכטיק אויפגעהויבן זיין קעפּל, באַטראַכט אַ ווייל דעם פלאַם, און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין:

— איך פאַרשטיי דיך ניט, פלאַטערל: ווי קענסטו גאָר אפילו רעדן אַזוי?... אָט־דער געלער פלעק איז דאָך פייער, דער שרעקלעכער פייער, וועלכער ווייסט פון קיין רחמנות ניט... ער פאַרניכטעט אַלץ, מיט וואָס ער קומט נאָר אין באַרירונג... איין רגע, איין באַריר פון אים און דיינע וואונדער־שיינע פליגעלעך וועלן אין קויל פאַרברענט ווערן... איך האָב שוין אַ סך באַשעפעניש געזען אומקומען פון דער קלענסטער באַרירונג מיט אים... פאַרגעס, טייערע, וועגן אים און קום גלייך מיט מיר...

— ניין, טייערער! — האָט דאָס פלאַטערל געענטפערט, און זיך אַ הויב געטאָן אין דער לופט, — איך מוז היינט כאָטש נאָך איין מאָל זיך איינטונקען אין דעם ברענענדיקן פלאַטער פון אָט־דעם וואונדערלעכן, זוניקן רינג... איין מאָל, בלויז נאָך דורכשניידן זיין פלאַמיק האַרץ... פלי נאָך מיר, מיין טייערער, לאָמיר עס צוזאַמען טאָן, נאָך מיר. נאָך מיר!... — און זי האָט אין ווילדן עקסטאַז זיך דריי מאָל איינגעטונקען אין פלאַם פון דעם ליכט...

דאָס זשוקל האָט זיך אויך אַ הויב געטאָן אין דער לופט, איז אַרומגעפלויגן דאָס ליכט פונדערווייטנס און ניט אויפגעהערט צו וואַרענען דאָס פלאַטערל וועגן געפאַר און צו דערמאָנען וועגן זיין נעסט.

אויך דאָס יונגע פּאָרל ביים טישל האָט באַמערקט דעם אויפשטייג פו־

נעם פלאַטערל, אָנגעשטרענגט נאָכגעפאָלגט דעם וואַנזין, מיט וועלכן עס האָט זיך דריי מאָל איינגעטונקען אין סאַמע האַרץ פונעם פלאַם. ווען עס האָט, ענדלעך, אַ פאַל געטאָן אויפן טיש מיט אָפּגעברענטע פליגעלעך, האָבן ביידנס קעפּ זיך צוגעבויגן און מיט רחמנות נאָכגעפאָלגט דעם ציטער פון די אָפּגעברענטע פליגעלעך, די גסיסה פונעם שלאַנקן, שיינעם באַשעפעניש.

דערנאָך האָבן זיך זייערע בליקן איינצייטיק באַגעגנט, און ער האָט שטיל אַ פרעג געטאָן:

— ווייסטו, לילי, אין וועמען אַט־דאָס פלאַטערל האָט מיך אַצינד דער־מאָנט ?!

זי האָט אויסגעהאַלטן זיין אָנגעשטרענגטן בליק, דערנאָך מיט אַ שוואַכן שמייכל געענטפערט:

— כ׳ווייס, באָריס. אָבער סיי איך, אַזוי אויך די איבעריקע, וואָס גייען מיט אונדז, וועלן ניט אָפּברענען זייערע פליגלען, נאָר זיי שטאַרקער מאַכן און, צום סוף, באַזיגן דעם שונא...

— זאָל אייך גאָט העלפן... — האָט ער אָפּגעזיפצט, אַ קוק געטאָן אויפן זייגער: — ס׳איז שוין שפּעט, צייט צו גיין! — ער האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול.

זי האָט זיך אויך אויפגעשטעלט, מיד אויסגעצויגן די גלידער, זיך איינ־געהערט אַ ווייל אין די קלאַנגען פון אַ וואַלץ, וועלכע האָבן זיך געטראָגן פונעם פּאַוויליאָן, געוואָרפן אויף אים אַ ניט־זיכערן בליק, און שטיל, ווי פאַר זיך, באַמערקט:

— דו הערסט, באָריס ?... זיי שפּילן אונדזער באַליבטן, רוסישן וואַלץ... מיר פלעגן דאָך אים אַזוי ליב האָבן צו טאַנצן... געדענקסט ?... — זי האָט זיך אַ בויג געטאָן צו אים, און מיט אַ באַהאַלטענער בקשה אים אַריינגעקוקט אין די אויגן: — קום... ווער ווייסט ?... ס׳וועט מעגלעך זיין אונדזער לעצ־טער טאַנץ... אונדזער לעצטער וואַלץ...

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר מיט דערשטוינונג, געמישט מיט כעס, אָבער זיינע בליקן האָבן זיך שנעל געמומען און ווי אויסלעשן און גיך האָבן זיי שוין ביידע, כמעט ווי מיט איילנדיקע טריט, געשפּאַנט אין ריכטונג צום טאַנץ־זאַל.

— גיכער, באָריס! — האָט זי אים געאיילט, — זיי קענען נאָך אויפהערן צו שפּילן.

ער האָט זי אָנגענומען אַרום דעם גאַרטל און זיי האָבן פאַרשנעלערט דעם גאַנג.

און אויפן טיש אין דער פאַרלאָזענער בעסעדקע איז געלעגן דאָס צאַרטע פלאַטערל, געלעגן מיט אָפּגעברענטע פליגעלעך, מיט אָפּגעסמאַליעטע וואָנ־

צעלעך, און איבער דעם איז געשטאַנען דאָס ברוינע זשוקל און ביטער גע־וויינט:

— אַך, פלאַטערל! מיין טייער, שיין פלאַטערל! כ׳האָב דאָך דיך גע־וואָרנט, אַזוי שטאַרק דיך געבעטן ניט צוצוקומען נאָענט צום שוידערלעכן פייערדיקן רינג... כ׳האָב אים שוין ניט איין מאָל געזען פאַרניכטן אַזוי פיל פון אונדז... די צאַרטסטע און שענסטע... פאַרוואָס האָסטו מיך ניט גע־פאָלגט?... מיר וואָלטן איצט שוין געווען אין מיין רואיקער, שמעקנדיקער נעסט... אָ, פלאַטערל, שיין פלאַטערל!... — און ער האָט מיט באַדויער געשאָקלט איבער איר דאָס ברוינע קעפל מיט די שוואַרצע אייגעלעך.

און זי, דאָס שיינע פלאַטערל, האָט שטאַרבנדיק, ציטערנדיק קאָנוואול־סיוו מיטן שלאַנקן קערפּערל, מיט אירע לעצטע כוחות זיך באַמיט אים צו ענטפערן, אים פאַרשטיין צו געבן, אַז ס׳איז איר אַזוי וואונדערלעך גוט גע־ווען זיך צו טונקען אין העלישן פלאַם, זינגען דאָס ליד, וואָס קען בלויז אין פייער געבוירן ווערן...

דאָס זשוקל האָט דאָס אָבער מער ניט געקענט הערן, און ווען דעם פלאַ־טערלס אָפּגעסמאַליעט קערפּערל האָט זיך איינגעאַנצן אויפגעהערט צו באַ־וועגן, איז ער מיט אַ טרויעריק־געבויגענעם קעפּל צוויי מאָל, אין אַ קרייז, אַרומגעקראָכן דעם אָרט, וואו עס איז געלעגן. דערנאָך, לאַנגזאַם, ווי מיד, צענומען די פליגעלעך, זיך אַ הויב געטאָן אין דער לופטן און איז פאַרשוואונדן געוואָרן אין זיין נעסט, צווישן די געדיכטע וויינטרויבן־בלעטער אַרום דער בעסעדקע.

# צוויי פענצטער

אַ גרויסע, זעקס־שטאָקיקע געביידע אין סאַמע האַרץ פון די בראָנקס. אירע רויט־ברוינע, ציגעלנע ווענט קומען אַרויס אויף דריי גאַסן: פון פאָרנט — אויף דער ברייטער, רחבותדיקער „בראָנקס־פּאַרק־איסט", מיטן פּאַרק אַנטקעגן; לינקס — אויף דער פיל שמאָלערער „לײדיק עוועניו", וועלכע איז געדיכט פאַרוועבט מיט פאַרשיידענע מינים קראָמען, און — פון הינטן — אויף אַ גאָר שמאָל, זייער געדיכט באַפּעלקערט באַלעבאַטיש געסל, מיט זעקס־שטאָקיקע געביידעס פון ביידע זייטן, וואָס טראָגט דעם נאָמען „באָלטן סטריט", אַ געסל, וואָס זעט גיכער אויס ווי אַ טיפער טאָל אײדער אַ גאַס.

דאָס הויז, וועגן וועלכן כ'וויל דאָ דערציילן, איז אָפּגעצאַמט פונעם טראָ־טואַר מיט נידעריקע, אײַזערנע רערלעך, און מיט שורות וואו געדיכטע, וואו שיטערע קוסטן.

איבער די קוסטן הויבן זיך, שטאָק נאָך שטאָק, איינטאָניקע רייען פענצ־טער, וואָס קוקן, ווי עס דאַכט זיך, אַרויס אויף די דריי אַרומיקע גאַסן מיט פאַרשיידענע אויסדרוקן: פריילעך אויף דער הויפּט־גאַס, מיטן שיינעם פּאַרק אַנטקעגן; פאַרזאָרגט אויף דער געשעפטס־גאַס און גאָר אומעטיק — אויפן שמאָלן געסל.

און דאָס לעבן רוישט און ברויזט פון גאַנץ־פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט, סיי אויף דער הויפּט־עוועניו אַזוי אויך אין די אַרומיקע גאַסן, און די לופט איז פול מיטן געוווירבל און פײַפערײַ פון טויזנטער, זיך יאָגנדיקע אויטאָמאָבילן און מיט די קלאַנגען פון מענטשן־טריט און זייערע שטימעס. און קינדער, אין די הונדערטער, יאָגן זיך אין זייערע פרייע שעה'ן צום פּאַרק און פון פּאַרק און זייערע הילכיקע קול'עכלעך שניידן, ווי מיט מעסערס, שאַרף דעם געדיכטן טומל פון גאַס.

צוויי פענצטער, פון אַט־דער זעקס־שטאָקיקער געביידע האָבן זיך שאַרף אויסגעטיילט פון אַלע אַנדערע, צוויי שכנישע פענצטער אָפּגעטיילטע איינס פון צווייטן בלויז מיט אַ דינער וואַנט. פאַר אַט־די פענצטער פלעגן אָפט פאַרהאַלטן זייער טראָט סיי דערוואַקסענע פאַרבייגייער און סיי קינדער. דאָס ערשטע פענצטער האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן אַ געפיל פון פרייד, דאָס צווייטע — פון טרויער און אָפט אויך פון שרעק.

אויפן שוועל פון ערשטן פענצטער פלעגט אָפט, בפרט אין רעגנדיקע טעג, זיצן די זיבעצן־חדשימדיקע ביטריס און אויף אַ שטול ביים צווייטן

— די זעכציק־יאָריקע ביידע. ביידנס נעמען, דורך אַ שפּיל פֿון צופֿאַל, כמעט ווי די זעלבע.

אָפּגעטיילטע בלויז מיט אַ דינער וואַנט, האָבן זיי דאָך ניט געקענט זען איינע די צווייטע און געצוואונגענערהייט זיך אָפּט געמוזט טיילן סיי מיט די פריידיקע באַגריסונגען פֿון די פֿאַרבייגייער און סיי מיט זייערע האַלב־דערשראָקענע בליקן.

ביטריס — אַ קינד פֿון אַ זעקס־פֿוסיקן, פּיזיש־שטאַרקן, רויטלעכן טאַטן און אַ בלאָנדער, גאָלדיק־האָריקער, בליענדיקער מוטער, מיט צוויי אינטשעס העכער פֿונעם מאַן. די קליינע ביטריס, זייער ערשטלינג, האָט אַחוץ אירע עלטערנס געזונט און וואוקס, אויך, ווי אומיסטן, אויסגעקליבן פֿאַר זיך די שענסטע שטריכן פֿון זייערע פּנימער: די ווייסע הויט מיטן ראָזעווען אָפּשיין פֿונעם טאַטן; די גרויסע, בלויע אויגן, די זאַפּטיקע ליפּן און גאָלדענע לאָקן פֿון דער מאַמען. און אפילו דאָס עטוואָס פּלאַכע נעזל, וואָס זי האָט פֿאַרשלעפּט, ווער ווייסט, פֿון וועלכן מיטגליד פֿון דער משפּחה, האָט בלויז אונטערשטראָכן איר אַלגעמיינע באַחנטקייט.

נו, און די אַלטע ביילע?... זי איז נאָך קיין פֿולע זעכציק יאָר ניט אַלט און זי האָט אַזוי אָפּט מורא אַ קוק צו טאָן אויף זיך אין שפּיגל. אָך, וואָס פֿאַראַ שווערן לעבן זי האָט עס דורכגעמאַכט! שפּעט חתונה געהאַט: זיך אַלץ ניט געקענט צוקלייבן דעם געווינטשטן מאַן. ענדלעך געקראָגן אַזאַ וואוילן, אַזאַ האַרציקן בחור, דערצו נאָך אַ גוטן פֿאַרדינער. די טעג און חדשים האָבן זיך אַ וויכן קייקל געטאָן פֿאָראויס, איינגעהילטע אין ליבע און גליק. פֿינף יאָר האָט דאָס גליק געדויערט, בלויז פֿינף יאָר.

צוויי שיינע, לעבנספֿולע יאַטלעך און זייערע אַ קליינע שוועסטערל האָבן שוין געהאַט געטומלט אין זייערע פֿיר צימערן, ווען דער אומגליק איז געשען. ער איז קראַנק געוואָרן. האָבן די דאָקטוירים צוערשט עס אָנגענומען פֿאַר אַ געשוויר אין מאָגן, אָבער שפּעטער האָט זיך עס אַרויסגעוויזן צו זיין אַ קענסער. צוויי יאָר האָט ער זיך געמאַטערט. מען האָט זיך פֿאַרשולדיקט ביז איבערן קאָפּ. זי האָט מיטאַמאָל געמוזט אַרויפֿציען אויף זיך אַ דרייענדיקן יאָך: פֿון שאַפּ, באַלעבאַטישקייט און קינדער־דערציאונג.

דער בליענדיקער גאָרטן פֿון איר, ביז איצטיקן לעבן איז מיטאַמאָל פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זאַמדיקער וויסטעניש. נאָך אַמאָל חתונה האָבן? אמת, זי האָט פֿיל שפּעטער געהאַט אפילו געטראַכט וועגן דעם, אָבער ווי אין די יינגערע יאָרן האָט ווידער לאַנג ניט געקענט צוקלייבן דעם פּאַסיקן מאַן. און שפּעטער, ווען די פֿריע עלטער האָט זיך אַזוי גרויזאַם גיך אַ רוק געטאָן אויף איר און ס'איז דערצו נאָך צוגעקומען אַ האַרץ־אַטאַקע — איז שוין געוואָרן צו־שפּעט.

אַמאָל, ווען עס ווערט איר שוין צו־אומעטיק צו זיין אַליין אין דער קליינער דירה, נעמט זי אַרויס פון שופלאָד דעם אַלטן אַלבאָם, בלעטערט זייטל נאָך זייטל און קוקט זיך לאַנג איין אין איר אייגענעם בילד. יאָ, זי איז געווען אַמאָל אַ גאַנץ שיין מיידל: פון מיטעלן וואוקס, געהאַט אַזעלכע שוואַרצע, ברענענדיקע אויגן, קוילן־שוואַרצע, לאַנגע צעפּ, אַ קליין, באַחנט נעזל און אַזעלכע זאַפטיקע ליפּן...

— אָ, גאָט! — שעפּטשעט זי מיט די איצט דינע, פאַרטריקנטע ליפּן, — וואוהין בין איך עס אינגאַנצן אַהינגעקומען?... ווי פאַרקנייטשט איז דער פּנים, ווי שרעקלעך עס קוקן אַרויס די צוויי שוואַרצע אויגן־פלעקן פון אונטערן צעקנייטשטן, איינגעשרומפּענעם שאַרבן?!...

זי פאַרמאַכט שנעל די טאָוולען פונעם אַלבאָם, וואַרפט אים צוריק אַריין אין שופלאָד, לויפט וואַקלענדיק זיך צום בעט און פאַרגראָבט דעם פּנים אין קישן.

און אָט... זיצן זיי אָפט, ביידע: ביילע און ביטריס, בפרט אין רעגנ־דיקע טעג, לעבן זייערע פענצטער און היטן דעם דרויסן.

די שפּרודלדיקע, שטענדיק שמייכלענדיקע ביטריס איז ביז גאָר פאַר־כאַפּט פון די פאַרביילויפנדיקע אויטאָמאָבילן, וועלכע זיינען פילפאַרביקער פון די עטלעכע, וועלכע זי פאַרמאָגט צווישן אירע שפּילצייג. דערצו זיינען די מענטשן אין אירע אויטאָמאָבילן שטענדיק באַוועגלאַז, בעת אין די לויפנדיקע מאַשינען אין גאַס, האַלטן זיי זיך אין איין באַוועגן, רעדן און לאַכן צווישן זיך. געפעלט עס זייער שטאַרק דער קליינער. זי לאַכט, פּאַטשט מיט די הענטלעך און באַמיט זיך אַרויסצושטופּן דעם קאָפּ דורך דער שויב און זען וואוהין די אויטאָמאָבילן ווערן עס פאַרשוואונדן. זי האָט אויך זייער ליב נאָכצופאָלגן די לויפנדיקע און שרייענדיקע קינדער אין גאַס און ענט־פערט זיי מיט אַ געלעכטער און ציט זיך צו זיי מיט איר גאַנצן קערפּערל.

און ביילע?... זי קוקט זיך אויך איין אין די פאַרבייפאָרנדיקע אויטאָ־מאָבילן, אין דער פריילעכער, פאַרביילויפנדיקער יוגנט און טראַכט און האַלט זיך אין איין דערמאָנען: יאָ, פאַראַיבער, אַלץ פאַראַיבער... דאַנקען גאָט נאָך, וואָס די קינדער זיינען אַזעלכע טייערע, אַזעלכע איבערגעגעבענע. אין טאָטן געראָטן. זיי ווילן זי אין קיין „האָום" ניט פאַרפּאַקן, האַלטן זי אויס אין אַ דירה און האָבן אָנגעשטעלט מאַרגאַרעטן אויפצופּאַסן אויף איר. און וואָס פאַראַ טייערע נשמה אָט־די נעגערטע מאַרגאַרעט איז... ווי אויף אַ קינד, אַזוי גיט זי אַכטונג אויף איר... „יאָ, אַזוי גייט עס, אַזוי, וויזט אויס, מוז גיין דעם מענטשנס לעבן"...

ביידע, סיי ביטריס און סיי ביילע, האָבן אַ סך פריינט אין גאַס. אין וואַרעמע, זוניקע טעג פירט מען, געוויינלעך, ביטריסן יעדן טאָג אַרויס אין

פּאַרק און די קלײנע װערט קײנמאָל ניט מיד צו ענטפערן אויף אַלעמענס באַגריסונגען מיט שמײכלען, מיטן פּאַכען פון די הענטלעך און מיטן איבער־חזרן די צאָל אױסגעלערנטע װערטער.

אויך ביילע פלעגט אין אַזעלכע טעג פּאַװאָליטשקע זיך אַרויסגליטשן פון איר װאוינונג. די גוטמוטיקע מאַרגאַרעט פלעגט איר נאָכטראָגן אַ װײכן שטול און אַ פוס־בענקעלע און זי אײנאַרדענען זאָרגפעלטיק לעבן הויז, אין שאָטן פון אַ בוים. און גאָר אַ היפּשע צאָל פאַרבײגײער פלעגן זי באַגריסן און זיך נאָכפרעגן אויף איר געזונט. מיט אַ גליקלעכן שמײכל פלעגט זי יעדן אײנעם ענטפערן מיט אַ שאָקל פון קאָפּ, מיט אַ דאַנק און געטראַכט דערבײ, אַז ס׳איז אויף דער װעלט ניט פאַראַן קײן שענערע, און בעסערע באַשעפענישן װי מענטשן.

אָבער אין װינטיקע אָדער רעגנדיקע טעג האָבן זיי ביידע, סיי ביילע, סיי ביטריס, געמוזט בלײבן אין די הײזער און פאַרברענגען די צײט אַרויס־קוקנדיק פון זײערע פענצטער און ניט װיסנדיק, זיך טײלן סיי מיט די פרײדיקע, סיי מיט די טרויעריקע בליקן פון די פאַרבײגײער.

װען די גוטמוטיקע מאַרגאַרעט האָט אײן מאָל אין אַ גרויען, רעגנדיקן טאָג געפונען ביילען זיצנדיק, צוגעשפּאַרט מיטן קאָפּ צום פענצטער, פּונקט װי זי װאָלט אײנגעדרימלט אויף אַ װײלע, האָט זי צוערשט זי אַ שטילן רוף געטאָן ביים נאָמען. ניט קריגנדיק קײן ענטפער, איז זי צוגעגאַנגען צו איר, צוערשט פאַרזיכטיק, אַװעקגענומען דעם האַלב־צעעפנטן אַלבאָם, װעלכער איז געלעגן אויפן דיל לעבן איר, דערנאָך זי אַ לײכטן ריר געטאָן ביים אַקסל. ביילע איז שוין געװען טויט.

מאַרגאַרעט האָט זיך שטאַרק דערשראָקן. איר ערשטער געדאַנק איז געװען אַרויסצולויפן פון הויז און מאַכן אַ טומל. זי האָט זיך אָבער גלײך באַרעכנט. װי אַ קלײן קינד האָט זי אויפגעהויבן די טויטע, זי אַװעקגע־לײגט אויפן בעט, זי האַלב צוגעדעקט מיט דער קאָלדרע, צוגעגלײכט אירע צעשויבערטע האָר און אָפּגערופן די קינדער.

און אין דער צײט, װען עטלעכע פון ביילעס נעענטערע שכנים זײנען צוזאַמען מיט ביילעס דרײ קינדער שוין געשטאַנען אַרום איר בעט און שטיל געװײנט, װען דער שפּיגל אין הויז איז שוין געװען פאַרהאַנגען און דער פאַרהאַנג איבערן פענצטער, װאו ביילע פלעגט אַזוי אָפט פאַרברענגען, איז שוין אויך געװען טיף אַראָפּגעלאָזט — איז די קלײנע ביטריס נאָך אַלץ געזעסן אויף איר פענצטער־שװעל און זיך געטײלט מיט איר לעבנס־פרײד מיט יעדן אײנעם, װאָס האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר איר פענצטער און זי באַגריסט.

טויט און לעבן...

יוגנט און עלטקייט...

פרייד און טרויער...

אַזוי גייט עס, אונדזער לעבן, אַזוי מוז עס גיין און קען אַנדעריש ניט זיין... דאָס איז די טיפסטע חכמה פונעם וועלט־באַשאַף. ס'איז אַ געמיש — אַ טויזנט מאָל רייכערער ווי אַלע רעגנבויגן־פאַרבן, אַ סימפאָניע פון אַלע וועלט־קלאַנגען, אַ בוקעט פון די פאַרשיידנאַרטיקסטע, פון די עקזאָטישסטע בלומען...

און די קלוגע פאַרשטייען עס. זיי פילן אָן די טעג פון זייערע לעבנס מיט חברשאַפט און פריינטשאַפט, ניט נאָר צו זייערע אייגענע, נאָר צו אַלץ און אַלעמען אַרום זיי...

און אין די טעג פון זייער טרויער — פאַרגעסן זיי ניט וועגן די פאַר־גאַנגענע פריידן און אין די פריידיקע שעה'ן געדענקען זיי דעם אַלטן טרויער...

און אַט אַזוי גייען זיי חבריש מיט, מיט די טעג פון זייער לעבן און שפרייטן אַרום זיך וואַרעמקייט און האַרציקייט ביז זייער לעצטן אָטעם...

# די גלאַדיאָלאַ בלום

ווער זאָגט עס, אַז אַ וועג, אָן אונטערשייד, צי איז ער פון גרויען בעט, צי אפילו פון פּראָסטן זאַמד און ליים געגאָסן — ווער וואָגט עס צו זאָגן, אַז אַ וועג איז, אין אַלגעמיין, אַ לאַנגווייליקע אָדער גאָר אַ טויטע זאַך ? !

כ׳ווייס ניט : מעגלעך, אַז פאַר עלטערע, גרויס־שטאָטישע, צווישן הויכע ווענט פון קאָנקריט־און שטאָל־אויסגעוואַקסענע מענטשן — פאַר זיי איז דער וועג אַן אָפּקומעניש, ס׳איז אָבער גאָר אַנדערש פאַר יונגע, וועלכע באַהעפטן זיך מיט פאַרשיידנאַרטיקע וועגן פון גאַנץ פרי ביזן שפּעטן אָונט, ווען עמענס פיס עס באַרירן די וועגן, צוזאַמען מיט די ערשטע זונען־שטראַלן און מעסטן זיי אַ גאַנצן טאָג, ביז די זון נעמט זיך זעצן אין איר פּורפּור־גאָלדענער נעסט.

פאַר זיי — איז אַ וועג ווי אַ געטרייער הונט : ער לויפט פאָראויס דעם גייער אָדער פאָרער, בלייבט שטיין ביי יעדן אויסדריי, קוקט אויף צוריק, רופט מיטצוגיין, וואָרנט וועגן דער קלענסטער געפאַר און לויפט, אַ פריי־לעכער, ווייטער.

און אַז מען איז אין וועג טעג און וואָכן, לערנט מען זיך אויס זען און הערן אַ סך זאַכן, קיינמאָל פריער ניט געזעענע און ניט געהערטע אין די גרויסע שטעט.

אין שטאָט, צום ביישפּיל, זעט מען אויך אויפגיין די זון, אָבער מען קען, צוליב פאַרשיידענע סיבות, ניט באַמערקן די טויזנטער גאָלדענע פעדים־שטראַלן, וועלכע די זון פאַרוואַרפט צוערשט אויף די קעפּ און רוקנס פון די וויס־גרויע, ביינאַכטיקע וואָלקנדלעך, וועלכע שייבען אויף מיט גאָלד און זילבער פרייד און נעמען זיך טאַקע גלייך אַרויפציען די מוטער־זון אויפן בלויען, פרימאָרגן הימל פון איר ים־טיפן געלעגער.

און בלויז אַ לאַנגער גייער איז אומשטאַנד, נאָך פון ווייטנס, אויפ־צוכאַפּן דעם פליסטער פון אַ וואַלד, דערשפּירן דעם רוף פון ווייטע בערג, באַמערקן די באַגריסונגס־בליקן און דעם גוטמוטיקן שאָקל מיט די עקן פון די קופּקעלעך פערד און בהמות אויף די גרינע לאָנקעס ; צו דערהערן דעם מעלאָדישן, עטוואָס טרוקענעם רויש פון די גאָלדענע זאַנגען ווייץ און קאָרן אויף די דערבייאיקע פעלדער. און בלויז אַזאַ מין גייער קען דערפילן די באַגייסטערונג פון די צענדליקע, פיל־פאַרביקע, מינים פעלד־בלומען, וועלכע רופן אים צו פאַרלאָזן דעם האַרט־שטיינערנעם וועג און אַראָפּקומען

צו זײ, זיך צונויפֿקומען אַ דרײַ צו טאָן אין אַ ווילדן קאַראַהאַד.

אָך, ווי עס געדענקען זיך יענע גאָלדיק־בלויע פּרימאָרגנס, ווען איך, אויף מײַן וועג פֿון „אַטלאַנטיק ביז פּאַסיפֿיק״ — פֿלעג, צוזאַמען מיט די ערשטע זונען־שטראַלן, באַטרעטן דעם פֿון טוי נאָך פֿײַכטן וועג און אין דער קילער, בלויער לופֿט פֿלעגט פֿלעגט אַנטקעגן דער אויפֿגייענדיקער זון, זיך אַ טראָג טאָן מײַן מונטער וועג־ליד:

> There came three Gypsies to my door,
> And down stairs ran my lady—Ho . . .
> One sang high and one sang low—
> And the third sang: Bonnie, Bonnie, Biscay—Ho . . .

און די זון פֿלעגט מיר אַרויסהעלפֿן און די וואָלקנדלעך, איצט שוין באַצירטע מיט גאָלד און ראָז, האָבן ניט אויפֿגעהערט צו שמייכלען און די פֿאַרבײַפֿאָרער פֿלעגן ברייט צעעפֿענען די פֿענצטער פֿון זייערע אויטאָמאָבילן און מיך אײַנלאַדן מיטצופֿאָרן, אָדער גלאַט אַזוי אָפּגעבן אַ געווײנלעכן גוטמאָרגן.

יאָ, לאָמיר אָבער צוריקקערן זיך צו די בלומען. איך, פּונקט ווי טויזנט אַנדערע, האָב זייער ליב בלומען און דער אָריגינעלסטער מין פֿון אונדזערע גאָרטן בלומען זײַנען, לויט מײַן מיינונג, די גלאַדיאָלאָס. גלאַדיאָלאָס — מיט זייערע שטאָלצע, שלאַנקע שטענגעלעך, מיט זייערע שאַרפֿע שווערדן־בלעטלעך, וועלכע האַלטן פֿעסט אַרומגענומען די לאַנגעביקע, אָוואַלע בלומען, וואָס וואַקסן אַרויס בלויז פֿון איין זײַט און הויבן זיך, ווי טרעפּלעך פֿון אַ לייטער, איינע איבער דער צווייטער.

און די פֿאַרבן זייערע, פּונקט ווי בײַ רויזן, זײַנען אַזעלכע פּרעכטיקרײַכע און ווען אין פֿולן בלי, רופֿט זייער אויסערגעוויינלעכע פֿאַרביקייט און צאַרטקייט אַרויס געפֿילן ניט נאָר פֿון אַנטציקונג, נאָר אויך, אין אַ געוויסער מאָס, טרויער.

יאָ, כ׳האָב זייער ליב גלאַדיאָלאָס, בפֿרט נאָך בלוט־רויטע.

פּאַסירט האָט די געשיכטע, וועגן וועלכער כ׳וויל דאָ איצט דערציילן, אין אַ זייער הייסער, זומערדיקער נאָכמיטאָג שעה, אויף אַן אײנזאַמען וועג, ווײַט פֿון אַ ישוב, צווישן די רויט־געלע בערג פֿונעם מאָרמאָנען שטאַט — יוטאַ. פֿון בײדע זײַטן, זעלטן, אַ גרין ביימל, אַ גרינע לאַנקע אָדער אַ טײַכל. בלויז אויסגעברענטע גראָז, און נידעריקע, קיילעכדיק־ברוינע, ווי פֿאַרסמאָליעטע, קוסטן, אַ טייל פֿון וועלכע, אָפּגעריסענע פֿון זייערע וואָרצלען און געטריבענע פֿונעם ווינט, האָבן ווי גרויסע, דורכזיכטיקע באַלונען, זיך געקייקלט איבערן פֿעלד.

און די זעלטענע פאַרבייפאָרער זיינען געווען פונקט אַזוי אומהיימלעך, ווי דער גאַנצער אַרום. זיי האָבן אָפּגעקערט זייערע קעפּ, יעדעס מאָל ווען איך האָב געהויבן מיין האַנט, בעטנדיק מיך צופירן אַביסל. האָב איך מיר געשפּאַנט באַרג אַראָפּ און באַרג אַרויף, אָפּט אָנגעטאַפּט מיט דער רעכטער האַנט דאָס היפּשע, שאַרפע מעסער אויף מיין גאַרטל און געהיט צי עס ליגט ניט ערגעץ־וואו, צווישן די שטיינער, באַהאַלטן איינע פון די ריזיקע קעץ, וועגן וועלכע עס האָט מיך אַ פאַרמער געוואָרנט, ביים אַרויסגיין אין וועג.

און גרויס איז געווען מיין וואונדער, ווען כ׳האָב פּלוצלונג אין דער רעכטער זייט פון וועג, אין שאָטן פון אַ ריזיקן שטיין, דערזען אַ שלאַנק שטענגל פון אַ העל־רויטער גלאַדיאָלאָ. זי האָט אַרויסגעקוקט אויפן וועג פון אַ קופּע פאַרוועלקטע גראָזן און בלומען און אַליין, ווייזט אויס, זיך קוים אָנגעהאַלטן אין לעבן.

כ׳בין כמעט ווי צוגעלאָפן צו דער בלום, זי אויפמערקזאַם באַטראַכט און, באַמערקנדיק איר שרעק פאַר מיר, זיך אָוועקגעזעצט לעבן איר, אַראָפּ־גענומען מיין וואַסער־פלעשל, אָפּגעוואַשן דעם ווייסן שטויב פון אירע בלעט־לעך און זיך גענומען נאָכפרעגן:

— ווי קומסטו אַהער, אין אַט דער וויסטעניש, דו רויטע גלאַדיאָלאָ?!

אַן אָפּגעפרישטע פּונעם וואַסער האָט זי מיר, שוין עטוואָס דרייסטער, געענטפערט:

כ׳וויס ניט אויף זיכער: אפשר האָט נאָך דער פרילינג־ווינט מיינע זוימען אַהער פאַרטראָגן אָדער... אפשר איז גאָר אמת די מעשה, וואָס אָט־דער שכן מיינער, דער גרויסער שטיין, אין וועמענס שאָטן שאָטן איך באַ־האַלט זיך פון דער שוידערלעכער זון, האָט מיר אַנומעלטן דערציילט, אַז, מיט אַ צייט צוריק, האָט זיך דאָ איין מאָל אָפּגעשטעלט אַן אויטאָמאָביל מיט מענטשן... זיי האָבן, ווייזט אויס, באַשלאָסן איבערצוּוואַרטן אין זיין שאָטן די מוראדיקע היץ... איינע פון די פרויען האָט געהאַט מיט זיך אַ בוקעט מיט פאַרשיידענע בלומען, וועלכע זיי האָבן איבערגעלאָזט, אַוועק־פאַרנדיק אין אָוונט... און פיל שפּעטער, נאָך אַ שטאַרקן רעגן, האָב איך, צוזאַמען מיט אַ צאָל אַנדערע בלומען, גענומען וואַקסן. איצט, ווי דו זעסט, בין איך איינע אַליין געבליבן... די איבעריקע זיינען אומגעקומען פון דער היץ און איך אַליין וועל שוין אויך לאַנג ניט אויסהאַלטן... — און זי האָט גענומען בעטן: — גוטער מענטש, דערצייל מיר וועגן אַלע טייכלעך און אָזע־רעס וואָס דו האָסט אויף דיין וועג באַגעגנט... צי האָסטו, פאַרבייגייענדיק, ניט באַמערקט קיין גלאַדיאָלאָס אין די גערטנדלעך אַרום די מענטשלעכע הייזער?... ווי גוט עס דאַרף זיי דאָרטן זיין צו וואַקסן אין דער שוואַרצער, פייכטער ערד!...

כ׳האָב זיך צוגערוקט אַביסל נענטער צו איר, זי פֿאַרזיכערט, אַז איך האָב זי שטאַרק ליב, און גענוי איר געזומען דערציילן וועגן אַלע טייכלעך און אָזערעס, גרינע פעלדער און וואַסער־קוואַלן, וועלכע כ׳בין אויף מיין לאַנגן וועג פֿאַרבייגעגאַנגען. כ׳האָב אויך ניט אויסגעלאָזט די גערטנער אַרום די הייזער און די פיל־פֿאַרביקע גלאַדיאָלאַס אין זיי...

דאַן האָט זי מיך גענומען בעטן:

— די פֿייכטקייט אויף איינע אויטאָמאָביל־רעדער, וועלכע לויפֿן טעג־לעך פֿאַרביי, פֿאַרזיכערט מיך, אַז ערגעץ־וואו, גאַרניט ווייט פון דאַנען, מוז זיך געפֿינען אַ טייכל אָדער אַן אָזערע... כ׳בעט דיך, נעם מיך מיט מיט זיך!... דער הייסער שטויב פון אָט־דעם שרעקלעכן מדבר האָט שוין אַלע מיינע זוימען־נעסטן אויפֿגעפרעסן, אויסגעטריקנט יעדן טראָפּן פון מיין לעבנס־זאַפט און דער שטענדיקער שרעק צעדריקט צו ווערן אונטער די רעדער פון די יאַגנדיקע אויטאָמאָבילן האָט שוין מיין האַרץ אין אַ וואונד פֿאַרוואַנדלט... נעם מיך מיט זיך, גוטער מענטש... כ׳בעט דיך...

— ווי קאָן איך עס טאָן, דו שיינע, נאַרישע בלום! — האָב איך זי געפרואווט באַרואיקן, — צי ווייסטו ניט, אַז בלויז אויסגראָבנדיק, טויט איך דיך שוין מער ווי אויף האַלפּט?... ווער ווייסט וויפל צענדליקער מיילן הייסע, בריענדיקע לופֿט עס געפֿינען זיך נאָך צווישן אונדזער אָרט און דער ערשטער אָזערע אָדער טייכל?... און ווער ווייסט צי יענער באָדן וועט אײַנגאָנצן זיין גוט פֿאַר דיר... דו וועסט מעגלעך אומקומען דאָרטן פיל שנעלער ווי דאָ.

די בלום האָט זיך פֿאַרטראַכט אַ ווייל און באַלד אָנטשלאָסן ווידער גע־נומען רעדן:

— איך בעט דיך, גראָב מיך אויס פון אָט־דעם זאַמדיקן, טרוקענעם באָדן, וואו איך קום שיעור ניט אום יעדעס מאָל, ווען עס ווערט אין מיר אַ בלעטל אָדער אַ בלימל געבוירן... ערגער קען יענע ערד זיכער ניט זיין... כ׳בעט דיך, אויב ס׳איז נאָר אמת, אַז דו האָסט ליב גלאַדיאָלאַס און ווילסט כ׳זאָל בלייבן לעבן... גראָב מיך אויס... נעם מיך מיט מיט זיך...

און אַזוי האָב איך געטאָן: פֿאַרזיכטיק, זייער פֿאַרזיכטיק, ניט צו שאָדן קיין איינציקן, אפילו דעם דינסטן, וואָרצעלע, האָב איך זי אויסגעגראָבן פון דעם זאַמדיקן באָדן, זיך באַמיט ניט צו קוקן אויף אירע, איצט אַזוי פֿייג־לעך אויסגעקרימטע, בלוט־רויטע בלומען, זי איינגעוויקלט אין מיין נאַסן טיכל און, ניט אויפֿהערנדיק זי צו באַרואיקן, זי פֿאַרזיכטיק באַהאַלטן, פון די הייסע זונען־שטראַלן אונטערן העמדל, אויף מיין ברוסט.

גיך איז פון הינטער מיינע פּלייצעס אָנגעלאָפֿן אַן אויטאָמאָביל, וועלכער

האָט זיך גלייך אָפּגעשטעלט אויפן צייכן פון מיין האַנט, און עטלעכע, נאָר־וואָס ווילד־פרעמדע מענטשן, האָבן מיך גאַסטפריינטלעך אַריינגענומען צו זיך. מען האָט זיך צערעדט, זיך דערציילט מעשיות און געמיטלעך פאַר־בראַכט.

די מענטשן אין אויטאָמאָביל האָבן זיך זייער געאײַלט און עטלעכע מאָל, פאַרבייפאָרנדיק קליינע טייכלעך, אָדער וואַסער־גריבער, האָב איך געטראַכט וועגן דער גלאַדיאָלאַ אין מיין בוזים, אָבער, טיילוויז, האָב איך ניט געוואָגט אָפּצושטעלן דעם זיך אײַלנדיקן אויטאָמאָביל און, טיילוויז, איז מיר געווען אַ שאָד צו פאַרלירן אַזאַ גוטן פאָר און כ׳האָב זיך געטרייסט, אַז ס׳וועט דער בלום ניט שאַטן, אַז באַלד נאָך יעדן קליינעם טייכל וועט קומען אַ גרויסער טייך מיט נאָך בעסערע, שוואַרץ־ערדיקע ברעגן...

און ס׳האָט זיך גראָדע געמאַכט, אַז די געגנט, וואו די אויטאָמאָביל־פאָרער האָבן זיך געזעגנט מיט מיר, איז געווען אַ געל־זאַמדיקע, און עב־לעכע צו יענער פון וועלכער כ׳האָב מיין בלום אויסגעגראָבן.

כ׳האָב מיט שרעק זיך אַרומגעקוקט און אַ פרעג געטאָן מיינע מיטפאָ־רער, ווי ווייט עס געפינט זיך דאָ אַ טייכל אָדער אַן אָזערע?

— צוויי מייל רעכטס, איבערן באַרג, — האָט מען מיר געענטפערט און מען איז אַוועק.

איך האָב, אײַלנדיק זיך, אַרויסגעכאַפּט די בלום פונעם בוזים: מיין טייכל איז געווען שוין איינגאַנצן טרוקן און די בלום... כמעט ווי טויט...

כ׳האָב אויסגעגאָסן אויף איר מיין לעצט ביסל וואַסער און מיט אַלע כוחות זיך גענומען יאָגן רעכטס, צום באַרג, פון וועמענס צווייטער זייט עס האָט זיך באַדאַרפט געפינען אַ טייכל. און ווען כ׳בין ענדלעך, אָן אָן אָטעם, דערלאָפן צום טייכל, האָב איך די בלום גלייך אַרייַנגעלייגט אין וואַסער, זי געפּרוּווט אויפמונטערן און, ליגנדיק מיטן בויך אויפן ברעג, געהיט איר קלענסטע באַוועגונג.

ס׳איז שוין אָבער געווען צו שפּעט: טויטע בלומען קען שוין אפילו קיין קילע וואַסער און פעטע ערד אויך צוריק לעבעדיק ניט מאַכן. דאָס שלאַנקע שטענגל האָט נאָך איינגעהאַלטן אַביסל זיין שטייפקייט, אָבער די לאַנג־לעכע, גרינע שווערדן־בלעטלעך האָבן זיך, ווי אין פאַרצווייפלונג, איינ־געביסן אין די בלוט־רויטע בלומען, וועמענס צאַרטע קעפּלעך האָבן זיך, איצט שוין צעקנייטשטע, מאַכטלאָז איבערגעבויגן איבער זיי.

ס׳איז איצט שוין קיין צווייפל ניט געווען, אַז מיין רויטע גלאַדיאָלאַ איז געווען טויט און אַז אומגעבראַכט האָט זי מיין זשעדנעקייט אַרייַנצוכאַפּן נאָך עטלעכע מייל פאָרן. ס׳איז מיר געוואָרן אַזוי שווער אויפן האַרצן, פונקט ווי כ׳וואָלט גאָר אַ נאָענטן, גאָר אַן אייגענעם פריינט פאַרלאָרן.

און ביז די זון האָט זיך גענומען זעצן, בין איך ביים קליינעם טייכל געזעסן, מיט טרויער געקוקט אויף די לויפנדיקע וואַסערן, געהיט די טויטע בלום און, אײדער כ׳האָב ווייטער פאָרגעזעצט מיין גאַנג האָב איך אַרויסגענומען די בלום פונעם וואַסער, טיף איינגעפלאַנצט אירע וואָרצלען אין דער פייכטער, שווארצער ערד, אונטערגעשפּאַרט איר שטענגל מיט צוויי טרוקענע צוויגלעך און, מיט דער הילף פון צוויי שטיינער און אַ ברעטל איבער זיי, געשאַפן אַ שטיקל שאָטן איבער איר... אויב ס׳וועט זיך נאָך אין איר, דורך דער נאַכט, אַנטפּלעקן אַ טראָפּן לעבן, זאָלן די זון־שטראַלן, אויפן צווייטן טאָג, זי ניט טויטן...

אָט, ווי איר זעט, טייערע פריינט, פאַרלויפן אַמאָל זייער מאָדנע זאַכן מיט אַ מענטשן, וועלכער טיילט זיך אָפּ פון די גרויסע שטאָל־און צעמענטשטעט, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ לעבעדיקן טייל פון דער נאַטור און הויבט אָן צו פאַרשטיין אירע זועגן און איר שפּראַך...

# פרילינגס מתנות

ווען עס איז מיר שוין צו שווער געוואָרן צווישן די הויכע, שטיי־נערנע ווענט פון דער ריזיק־גרויסער וועלט שטאָט — ניו־יאָרק; ווען די הימל־קראַצערס האָבן שוין צו געדיכט גענומען פאַרשטעלן דעם פרייען האָ־ריזאָנט פאַר מיר און די שטיין־און אַספאַלט־וועגן און טראָטואַרן — צו שטאַרק ברענען מיינע פיס; ווען די טומלדיקע, פיל־מיליאָניקע מענטשהייט אין די גאַסן, אַרום מיר, האָט שוין צו שטאַרק גענומען דריקן אויף מיין געמיט — בין איך איין מאָל, סוף ווינטער, אַוועק פון שטאָט און זיך באַ־זעצט אין אַ הילצערנעם שטיבל, ביים סאַמע ברעג פון ים.

איך האָב שוין אַזוי שטאַרק געבענקט נאָך שטרעקעס ריינעם, ניט־באַרירטן, שניי, וועלכער זאָל מיט ווייסע און פיאָלעט דימענטן פינקלען אונטער די שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער און פאַרגייענדיקער זון.

אין דער גרויסער שטאָט לאָזט מען דאָך דעם אָרעמען שניי אפילו דעם אָטעם ניט אָפּכאַפּן. גלייך ווי ער פאַלט נאָר אויס און הילט איין די גאַסן און הייזער אין זילבערנע, יום־טובדיקע מלבושים — נעמט מען אים גלייך שאַרן מיט לאָפּעטעס, טרייבן מיט שטראָמען וואַסער, טרעטן מיט שמוציקע שיך.

איך האָב געדונגען אַ הילצערן, זומער־שטיבל ביים סאַמע ברעג פון ים און בין דעם גאַנצן ערשטן טאָג געווען באַשעפטיקט מיט אויסצירן די ווענט מיט מיינע באַליבטע קינסטלער, געמישט מיט קליינע, אינדיאַנישע טעפּיכער, מיטן איינאָרדענען מיין שרייב־טיש, מיט אויסהענגען די מלבושים, אויסלייגן די ביכער און שפּייזן אין באַשטימטע פּלעצער.

ווען די דעמרונג שאָטנס האָבן גענומען אַריינקוקן דורך מיינע דריי פענצטער, האָב איך אָנגעצונדן דעם לאָמפּ, אים אַוועקגעשטעלט אויפן שוועל פון פענצטער, וועלכעס האָט אַרויסגעקוקט צום ים, אַרויפגעוואָרפן אויף זיך דעם מאַנטל און בין אַוועק צום ברעג.

דאָס פייערל פון מיין שטיבל איז, ווי אַ געטריי הינטל, מיר נאָכגעלאָפן, מיר אָפּט פאַרלאָפן דעם וועג און זיך ווי געפרייט מיטן סקריפּ, מיט וועלכן דער שניי האָט באַגריסט מיינע טריט. ווען איך בין צוגעקומען צום סאַמע ברעג, האָב איך שוין געפונען מיין פייערל אין וואַסער: עס איז געשפּרונגען פון איין כוואַליע אויף דער צווייטער, געטויכט זיך צווישן זיי און מיך גע־רופן צו טאָן דאָס זעלבע.

ווי אַ פאַר׳כישופ׳טער בין איך געשטאַנען ביים ברעג, זיך צוגעקוקט

צום לויף פון די וואַלן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי טאַבונען ווילדע פערד, מיט ווייס־פאַרשוימטע גריוועס, וועלכע האָבן זיך געיאָגט פון דער טיפעניש, ווי מיטן איינציקן באַגער מיך אָפּצואווישן פונעם ברעג, צוזאַמען מיט די לאַנגע רייען הילצערנע, זומער־שטיבלעך. אָבער די זאַמדיקע ברעג און ווענט אין דער טיפעניש — האָבן געצאַמט זייער ווילדן אַנלויף, געשטילט זייער בייזן מורמלען און צו מיינע פיס האָבן זיך בלויז דערקייקלט שטילע, שוימיקע שטראָמען און מיך באַגריסט מיט אַ צאַרטן זשיפּן פון אונטערגעשווענקטן זאַמד.

ווייט אין ים האָט געפייפט אַ שיף און איר סילועט, צוזאַמען מיטן פּאַס רויך פון איר קוימען, האָבן זיך געהויבן און אַראָפּגעלאָזט און זיינען מיט יעדער מינוט אַלץ קלענער און נעפּלדיקער געוואָרן.

רייטנדיק אויף די רוקנס פון די ים־פערד, זיינען אָנגעקומען שוואַרצע נאַכט־שאָטנס, צוזאַמען מיטן קאַלטן, דורכדרינגענדיקן ווינט. לינקס, זייער ווייט און זייער הויך, האָט געציטערט אַ שוואַך פייערל פון אַ ליכט־טורעם. פון הינטער מיר, פון דער ריכטונג פון דער באַן־סטאַנציע, האָט זיך דער־טראָגן דער שווערער רויש פון אַן אָנקומענדיקן באַן. אָבער זיין ווייטקייט האָט מיך באַרואיקט, מיך שאַרף אָפּגעטיילט פון דעם, פון וואָס איך בין אַנטלאָפן.

ביז שפּעט אין דער נאַכט בין איך געלעגן אין בעט, זיך צוגעהערט צום געמורמל פון די ים־פערד, צום פייף פון ווינט, צו די רופן פון די ווייטע שיפן... כ'בין געלעגן און געטראַכט, געטראַכט און געטרוימט... געטרוימט און געוואַרט... געוואַרט אויף איר, מיין געליבטער... אויף דער צוויבעריק, אויף פרילינג...

דריי מאָל יעדן טאָג: אין דער פרי, בייטאָג און פאַרן שלאָפן גיין — האָב איך שפּאַצירט ביים ברעג פון ים, זיך איינגעקוקט אין דער ענדלאָזער ווייטקייט און געוואַרט... ווען כ'פלעג מיד ווערן פון צופיל אַרומגיין, אָדער ווען דער ווינט פון ים איז צו קאַלט אָדער צו שטאַרק געווען, פלעג איך זיך פאַררוקן אין אַ שפּאַלט, צווישן צוויי הויכע שטיינער, זיצן מיט פאַרמאַכטע אויגן, זיך צוהערן צום אַרום און טרוימען פון הייסע זון־שטראַלן, פון בלויע הימלען, לאַכנדיקע כוואַליעס און... רופנדיקע, מיידלשע שטימעס און בליקן... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און איין מאָל, אין אַ שפּעטער, ביינאַכטיקער שעה, האָב איך, אין שלאָף, דערהערט עפּעס אַ פאַרדעכטיקן שאַרך פאַר מיין שוועל און אונטער מיינע פענצטער. איך האָב זיך לאַנגזאַם אויפגעזעצט און זיך גענומען איינהערן. פונוויטנס האָט גערוישט דער ים, געפייפט אַ שיף, טראָפּנס וואַסער זיינען מיט אַ מעלאָדישן אָפּקלאַנג, געפאַלן פונעם דאַך און דער שניי אַרום האָט

זיך צאַרט און שטיל געבראָכן, אונטער עמיצנס לופטיקע טריט. דורכן פענצטער האָט אַריינגעבלאָזן אַ ווייך, כמעט ווי אַ פרילינג, ווינטל.

איך בין שנעל אַראָפּ פון בעט, זיך אָנגעטאָן און ברייט צעעפנט די טיר. כ׳האָב אויפמערקזאַם זיך איינגעהערט אין דער פרימאָרגנדיקער טונקלקייט און מיר האָט זיך געגומען דאַכטן, אַז איך הער, פונדערווייטנס, עמיצנס אַ שטילן רוף, עמיצנס אַ שוואַכן קרעכץ.

און באַלד האָב איך זיך שוין געאײלט, בין כמעט ווי געלאָפן צום ברעג. אַ וואַרעם ווינטל האָט מיך געקושט אין פנים, צאַרט געגלעט מיינע האָר. גייענדיק האָב איך געפילט ווי דער שניי צעגייט זיך אונטער מיינע טריט, געהערט דעם כליופענדיק קלאַנג פון לויפנדיקע טייכלעך.

דער ים האָט מיך באַגעגנט, דאַכט זיך, אַ נאָך מער ביזער, ווי שטענ־דיק, איינגאַנצן אַן איינגעהילטער אין אַ געדיכטן נעבל. כ׳האָב אַ היבשע צייט אַרומגעשפּאַנט איבערן ברעג און ענדלעך, אַ מידער, זיך אַוועקגעזעצט אויף מיין געוויינלעכן אָרט, צווישן די צוויי הויכע שטיינער און... אַזוי זיצנדיק, בין איך, ווייזט אויס, איינגעשלאָפן...

און מיטאַמאָל האָט זיך מיר געגומען דאַכטן, אַז פונעם ברעג, גאָר נאָענט, האָט זיך ווידער צו מיר דערטראָגן עמיצנס אַ שוואַכער קרעכץ, עמיצנס ווי אַ רוף נאָך הילף.

כ׳האָב זיך פלינק אויפגעהויבן פון מיין אָרט און געלאָזט זיך לויפן צום ים.

און מיין האַרץ האָט מיך ניט אָפּגענאַרט. אויפן נאַסן, קאַלטן זאַמד האָב איך זי געפונען, זי — די טרעגערין פון מיין פרילינג, פון — אַלעמענס פרילינג... אַ ציטערנדיקע, אין דורכזיכטיקע, נאַסע קליידער, האָט זי זיך געטוליעט צום ברעג, זיך פאַרטיידיקט מיט אירע, האַלב־פאַרגליווערטע, בלויע הענט פון די אָנלויפנדיקע כוואַליעס, וועלכע האָבן זי, ווייזט אויס, ניט לאַנג צוריק, אַרויסגעשווענקט אויפן ברעג און זיך איצט באַמיט זי ווידער אַריינ־צוציען אין דער טיפעניש פון ים.

איך האָב זי גלייך דערקענט — די לאַנג־דערוואַרטעטע. כ׳האָב זי אויפ־געהויבן, צוגעדריקט צום פריידיק־קלאַפּנדיקן האַרצן, זי איינגעהילט אין מיינע בגדים און מיט מיין הייסן אָטעם געגומען וואַרעמען אירע פאַרפרוי־רענע גלידער.

זי האָט שוואַך געשמייכלט און מיט טרערן אין די אויגן מיר דערציילט, ווי שווער איר וועג איז געווען, ווי האַרצלאָז די קאַלטע, שוואַרצע כוואַליעס האָבן געגליווערט איר לייב, ווי אומרחמנותדיק די בייזע ווינטן האָבן זי ניט צוגעלאָזט צום ברעג...

איך האָב זי געדריקט צו זיך, מיט מיינע הייסע קושן געטריקנט אירע

טרערן און שטיל איר דערציילט פון מיין לאַנגן וואַרטן און בענקשאַפט נאָך איר.

ווי אַ באַליידיקט קינד, האָט זי אַרומגענומען מיין האַלדז, זיך שטיף צוגעטוליעט צו מיר און איז איינגעשלאָפן.

די נאַכט איז פאַריבער. אַ גאָלדיק־לויטערע זון האָט לאַנגזאַם זיך גע־נומען הויבן פון דעם בלוי־גרינעם, באַרואיקטן ים. איך בין געזעסן אויף אַ שטיין הארט נעבן וואַסער און געפילט ווי נעבן מיין האַרץ קלאַפּט אַ צווייטס — דאָס אומשטערבלעכע האַרץ פון מיין פרילינג.

און ווען די ווייסע, מיט ראָז־און גאָלד־באַזוימטע, וואַלקענדלעך האָבן זיך צעשפּרייט אין אַ פריילעכן קאַדריל־טאַנץ איבערן ריין־בלויען הימל, האָט זי זיך אויפגעכאַפּט, אויסגעריבן די אויגן, דערזען די זון, דעם טאַנץ פון די וואַלקענדלעך און זיך פריילעך צעלאַכט: — האָסט מיך איינגעשלעפערט, מיין ליבער, און כ׳האָב פאַרשפּעטיקט דעם זון־אויפגאַנג. זי האָט אויסגע־שטרעקט אירע הענט צו דער זון, שוין פאַרטיק געווען זיך אַ הויב צו טאָן אין דער לופט, אָבער זיך וועגן עפּעס דערמאָנט און מיר אַריינגעקוקט אין די אויגן:

— זאָג מיר, מיין טייערער, מיט וואָס זאָל איך דיך באַלוינען פאַר דיין וואַרטן אויף מיר, פאַר דיין הילף און גוטסקייט?

איך האָב געשוויגן.

זי האָט, מיט אַ צופרידענעם שמייכל, גענומען מיר ווי אַ מעשהלע, דערציילן: — איך וועל דיר ברענגען בלויע הימלען, העל־זוניקע פרימאָרגנס און פאַרנאַכטן... כ׳וועל באַצירן יעדן קוסט, יעדן בוים מיט פרישע, גרינע בלעטער און פאַרשפּרייטן אַלע פעלדער מיט גרין־גראָזיקע טעפּיכער... און טויזנט פאַרביקע בלומען וועלן באַפּוצן די מוטער ערד און פייגל, אָן אַ שיעור, וועלן, פון פרימאָרגן ביז פאַרנאַכט, אָנפילן די לופט מיט זייערע צויבערנדיקע געזאַנגען...

זי האָט, מיט אַ פאַרשנדיקן בליק, באַהאַלטנדיק אַ לייכטן שמייכל, זיך איינגעקוקט אַ ווײַלע אין מיין פּנים און ווייטער גענומען רעדן: — איך האָב געהערט דיין שטילן זיפץ און פיל, אַז עפּעס פעלט דיר צו דיין גליק. ניט אמת?

איך האָב ניט געענטפערט.

— הער! — האָט זי ווייטער גערעדט, — איך ווייס, אַז ניט נאָך גאָלד און זילבער בענקט דיין האַרץ און אויך ניט נאָך קיין גאַווהדיקער גרויס־קייט... כ׳פיל אויך, אַז דו ביסט איינזאַם און בענקסט, ווי יעדער שטערב־לעכער, נאָך ליבע און נאָך גליק... טאָ הער־זשע גוט: באַלד נאָך מיר קומט אָן מיין עלטערער ברודער, דער זומער... ער האָט מיך זייער ליב

און זאָגט מיר קיינמאָל אין קיין זאַך ניט אָפּ... וועל איך אים בעטן דיר צו ברענגען אַ וואונדער־שיינע, בלאָנדע מיידל, צי... אפשר גאָר אַ זוניקע ברונעטן, וועלכע זאָל אָנפּילן דיינע טעג און נעכט מיט וואונזין און גליק?...

ער — דער געניטער, קלוגער ברודער מיינער וועט שוין זען, אַז אייערע לעבנס וועגן זאָלן זיך היינטיקן זומער איבערקרייצן און אַז איר זאָלט דער־קענען איינער דעם צווייטן... ביסטו צופרידן?

— יאָ, אַ דאַנק, אַ האַרציקן דיר, טייערע, — האָב איך מיט אַ צופרי־דענעם שמייכל געענטפערט, — איך נעם אָן, מיט דאַנקבאַרקייט, דיין מתנה, אָבער... ניט נאָך קיין פּרויען־שיינהייטן בענקט מיין האַרץ. זיי ברענגען זעלטן וועמען גליק... און עס מאַכט מיר גאַנץ ווייניק וואָס אויס, צי וועט זי זיין בלאָנד צי ברונעט און וואָס פאַראַ פאַרב אירע אויגן אָדער האָר וועלן זיין, אָבער... אָבער אַ האַרץ מוז זי האָבן אַ צאַרטס און אַ שיינע נשמה... כ׳בעט דיך, זאָג גוט אָן דיין ברודער, אַז איך זוך אַ חבר, אַ מענטשן מיט וועמען עס זאָל מיר גרינג און פריידיק זיין צו רעדן, צו שפּאַסן און צו לאַכן... ווײסטו עס געדענקען, פרילינג?

— יאָ! — האָט זי ערנסט געענטפערט, — איך וועל עס זיכער ניט פאַר־געסן... דו קענסט רואיק זיין.

זי האָט אַ שטילן, אַ צופרידענעם לאַך געטאָן, ווי פליגל, ברייט צעגומען די הענט און איז אַרויס פון מיינע אָרעמס. ווי אַ שוואַלב האָט זי זיך אַ הויב־געטאָן איבער מיר און, שוין אײנגאַנצן אַדורכגעזאַפּטע פון זון־שטראַלן, מיר גאָר שטיל אַ זאָג געטאָן:

— בלייב געזונט... און דערמאָן מיך יעדעס מאָל, ווען דיינע בעסטע וואונטשן וועלן דערפילט ווערן...

— אַ דאַנק! כ׳וועל עס זיכער ניט פאַרגעסן!

זי האָט זיך אַ הויב געטאָן נאָך העכער, זיך מיטאַמאָל, ווי איינגעטונקען אין אַ ראָזאָווע וואָלקן און זיך לאַנגזאַם געגומען צעגיין אין דער בלויקייט פונעם הימל.

...איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און, האַלטנדיק די אויגן נאָך האַלב־פאַר־מאַכט, זיך אַ צי געטאָן מיטביידע הענט אַרויפצו, נאָך איר...

כ׳האָב זיך האַסטיק אויפגעהויבן פון אָרט און בין, זיך נאָך רייבנדיק די אויגן, אַרויס פון צווישן די צוויי שטיינער.

די זון האָט געהאַלטן אין אויפגיין און, איבערן ריין בלויען הימל, האָבן רייען ווייס־ראָזעווע וואָלקנדלעך, קופּקעסווייז, זיך געדרוקט צו מערב צו. דער ים האָט אינגאַנצן ווי געפלאַטערט מיט אומצאָליקע גאָלדענע פונקען, וועלכע האָבן זיך געקייקלט צווישן און איבער די רוקנס פון די גראָז־גרינע כוואַליעס.

כ׳האָב אויסגעשטרעקט ביידע הענט צו דער זון, טיף אַריינגעצויגן אין

זיך די פייכטע, פרישע לופט און שוין, באַצייטנס, דערפילט דעם אָנקום פֿור־נעם צוגעזאָגטן גליק.

און מיטאַמאָל האָבן זיך צו מיר, פֿון דער הויך, דערטראָגן אַזעלכע מאָדנע, האַלב־זינגענדיקע, האַלב־רופנדיקע צאַרטע קלאַנגען. כ׳האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דערזען גאָר, גאָר אין דער הויך, גלייך איבער זיך, צווײ לאַנגע שורות פייגל, וועלכע זיינען, אין דער פאָרם פון אַ דריי־עק, געפלויגן אַהיים, ווער ווייסט פון וועלכע ווייטע, וואַרעמע לענדער.

און אַזוי פיל לעבנס־פרייד און צוזאָגן אויף שיינקייט און גליק האָבן זיך געריסן פון דער הויך און פון דעם גאַנצן אַרום, אַז כ׳בין אויפגעשפּרונ־גען פון אָרט, גענומען פאָכן צו די פייגל מיט ביידע הענט און שרייען, שרייען מיט אַלע כוחות:

— זייט געגריסט, פייגל!... זייט געגריסט, טייערע!... קומט, קומט אַהיים!... מיר וואַרטן אויף איך... מיר בענקען נאָך איך!... געבענטשט זאָל זיין אייער קומען!...

ווען איך בין שפּעטער צוגעקומען צו מיין הייזל, האָב איך באַמערקט, אַז אויף די צווייגן פון די קוסטן בעז, פאַר מיין פענצטער, האָבן זיך שוין גענומען עפענען די ערשטע שפּראָצן פון וועלכע עס האָבן שוין אַרויסגע־קוקט פּיציניקע, גרינינקע בלעטעלעך...

יאָ, פרילינג איז געקומען און מיר, און אונדז אַלעמען, מתנות געבראַכט.

מאַי, 1957.

# אַ האַרציקן דאַנק

דאָס ערשטע — אַ האַרציקן דאַנק דער גרופּע ניו־יאָרקער פּערזענלעכע פריינט, וועלכע האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ קאָמיטעט, מיטן צוועק צו ברענגען צום לעבן מיינע צוויי נייע ביכער:

„באַרג אַרויף" און „אינדיאַנישע דערציילונגען"

אַ דאַנק אויך אַלע מיינע פריינט, סיי פּערזענלעכע, אַזוי אויך אומבאַקאַנטע, סיי אין ניו־יאָרק, אַזוי אויך איבערן לאַנד, וועלכע האָבן זיך אַזוי שנעל און ברייט־האַרציק אָפּגערופן, סיי אַלס ספּאָנסערס אָדער אַבאָנירער.

איצט, ווען דער בוך „באַרג אַרויף" איז שוין אין אייערע הענט, וועל איך זיך אינטענסיוו אַ נעם טאָן צו דער אויסגאַבע פון די „אינדיאַנישע דערציילונגען".

נאָך אַמאָל, טייערע פריינט, אַ דאַנק און לאָמיר האָפן, אַז די נביאים, וועלכע זאָגן פאָראויס, דעם אומקום פון אונדזער שפּראַך און ליטעראַטור, וועלן זיך אַרויסווייזן צו זיין פאַלשע נביאים און אונדזער שפּראַך און ליטעראַטור וועלן, פּונקט ווי אונדזער פאָלק און זיין קולטור — ווייטער פאָרזעצן צו שפּינען זייער אייגענעם, אייגנאַרטיק־פּראָגרעסיוון לעבן.

אַ חברישן דאַנק די צוויי ניו־יאָרקער ספּאָנסער־אָרגאַניזאַציעס:

„וואַרשעווער, אסתּר באַלטיק קולטור־קלוב".

„סמאַרגאָנער הילף סאָסאַיעטי און דוד גילינסקי־ישׂראל סינקאָוויטש קולטור־קלוב".

# די מיטגלידער פון אַלע קאָמיטעטן — זיינען איינצייטיק אויך ספּאָנסערס.

(די נעמען קומען אומעטום לויטן א״ב)

---

## דער ניו־יאָרקער קאָמיטעט

אַראָנאָוו ראָוז, פּאָרזיצערין
אַלפּערט, מייער, פין. סעקר.
אייזנבערג, סעם־ראָוז, קאַסירער
לאַנדאָו, זינאַ, פּראָט. סעקר.
באָבריק, סאָפי
באומעל, מרים
גודלמאַן, שרה
דייקסעל, סיליאַ
האָך, רובין
האַלאָוויטץ, בעסי
וואוירבין, פעני
טאַראַנט, ליזאַ
יוקלסאָן, פייגל
יאַכנעס, זלמן
כאַראָוועד, דאָראַ
מאַקאָווער, עלסי
מאַריס, דוד
סאַלמען, ראַכיל
סאַפּראַן, ראָוז
פּאַדאַלסקי, ליזאַ
קאָופמאַן, סעם
קאַרן, שמואל און יודיף
קאַמינסקי, אַלעקס און פעני
ראַפּאָפּאָרט, נח

## מיאַמער ש. ד. קאָמיטעט

מיאַמער ספּאָנסער לייען־קרייז קאָונסיל ביים „איקוף“

בענעוויטש, בען און ווערא
דאַווידאָוויטש, שמואל און שרה
סטענדער, יצחק און לייקע
לין, נאַרמאַן און גאָסי
מייסטער, יאַנקל און אידיט
פעלדמאַן, יאַנקל און אסתר
קאָרט, הערשל און האָסיע
שענדלאָף, סילוויע
י. ל. פּרץ לייען־קרייז
דוד עדעלשטאַט לייען־קרייז
משה האַלטמאַן לייען־קרייז
זישע ווינפער לייען־קרייז
רוט האַלטמאַן
אין אָנדענק פון איר מאַן
משה האַלטמאַן

## לאָס אַנדזשעלעסער ש. ד. קאָמיטעט

איראָוו, גרישאַ און סאָניאַ, פּאָרז.
אַשפּיז, יעקב
בארנשטיין, אברהם און גיטל
האַלפּערט, דען און לינאַ
מעדעם, גינאַ
מאָזער, מ.
סמאָלער, מיני, סעקר.
קלאָפּערמאַן, סעם און לינאַ
קרופּין, נחמן און אַנאַ
קיטאַי, ווילי און פעני
שוואַרץ, חיים

# ספאנסערס

„א" און „ב" — צווי פריינט
אייזנבערג, יאָשאָ־יעקב,
אין אָנדענק פון זיין פרוי
דר. מאַניאַ אייזנבערג

בין, מאָריס און חנהלע (יאָנגסטאָן)
ביזבערג, וואָלף און מרים
בראָנשטיין, יאָסל און לייקע (פילאַ.)
באַרנשטיין, איטשע און איטקע
בעקער, יעקב (מאָנטרעאַל)
בעני און מלכהלע — פריינט

גאָלדבערג, איטשע און דזשעני
גרעטץ, מאָריס און חנה
גוירסט, מייער און ריוואַ
מר. און מרס. געסין (באָסטאָן)
גאָלדשטיין, משה און נינאַ
גאָלדווירט, בעלא
אין אָנדענק פון איר מאַן
בנימין גאָלדווירט

דרוקער, הערי און מערי
דורלעשטער, נייטן און אסתר
דראַשקין, יאַנקל
דריבינסקי, מייער און חנה

האָוק, סיימאָן און דיינאַ

וואָלאָוו, מיכל און מלכה (פילאַ.)
ווייסמאַן, בנימין און קלאַראַ
ווינגאַרט, יעקב און איידאַ
וואַגמאַן, מאַניאַ
אין אָנדענק פון איר מאַן
שמעון וואַגמאַן

זעלצמאַן, מאַרקוס און אידיט
זאַכאַריע, זאקי און אסתר
זעליקסאָן, טשאַרלס און נינאַ
טראָפּאָווער, סעם

לעווין, ישראל און מלכה
דר. לאָוב, מארטן דזשעי.
לערנער־בורלאַנט, דזשעק און עמאַ
לאַנדאַו, לעוו און לאָלאַ
לייזעראָוויטש, יאַנקל און רחל
לעווין, טוביה און ריטאַ
לינאַ — אַ גוטער פריינט
לייב, א. און אַנאַ
אין אָנדענק פון לייע לייב

מילער, ל. און ראַשעל
מילער, מאָריס און בערטאַ
מישקין, קלאַראַ

נעלסאָן, סעם און לאה
נעכאַמקין, אייזיק און שפרה
(באָסטאָן)

סאווראַנסקי, מישאַ און סאָניאַ
ספּיטץ, מעקס און אסתר
סטיינמאַן, לייב
סילווערשטיין, יוסף און ראָוז
סאַפּאַק, הענעך און שיפרה
דר. סטעלער, הייםאַן און איידאַ
(באָסטאָן)
אין אָנדענק פון זייער זון
יאָסי סטעלער.

ענטין, טשאַרלס און סיליע

פערלמוטער, שאַכנע און בייעלע

פיינשטיין, יוסף און בלומאַ
פריד, ישראל און חנה
פעדערמאַן, סיימאָן און ראָוז
פישערמאַן, יוחנן און איידאַ
פריד, סיימאָן און סטעלאַ
פרידמאַן, יאַנקל און מערי
פרידמאַן, בעסי

קעסלער, הענרי און ראָוז
קאָהען, יוסף און פּאָלין
קעסלער, צבי־הירש
קעלערמאַן, שמואל, אסתר, הענרי
קאַמין, נחום און ראָוז (מישעל)
קאַזאַן, אַלטער און דאָראַ
קעסלער, יצחק (דעטראָיט)
קיש, משה

ראַדזשער, מאָריס און אַניוטאַ
ראָזינסקי, הערי און סעראַ

ראָטענבורג, דעיוו און סיליע
ראָטענבורג, אייבראַהאַם און סאָפי
רובינסקי, סעם און לאה
ראַדקין, אלחנן און בעלאַ
ראָטמאַן, ווילי אוןביילע
רייזער, אָסקאַר

שוואַרץ, סעם און סיידע
שקאָלניק, אברהם און שרה
דר. שאַטצאָוו, לואי
שולמאַן, קלאַראַ (וואַשינגטאָן)
שווידעל, אַלעקסאַנדער